DAWID SFARD

# STUDIA I SZKICE

Redaktor: B. MARK

רעדאַקטאָר: ב. מאַרק

Okładkę projektował. I. REJZMAN

הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa, Nowogrodzka 5

**Nr zam. 2469. Nakład 5.500 egz. Druk ukończono w lutym 1955 r. Ark. druk 16. Ark. wyd. 13,5. Papier druk. mat. V kl. 61 x 86 cm, 70 g.**
**Druk RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8.** B-6-50224

# די יידישע קלאַסיק און איר אמתער יורש

דער עיקרדיקער פאַרדינסט פון דער השכלה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט מיט דער שאַרפסטער סאַטירע אויפגעריסן אין יידישן לעבן די וועלט פון מיטלאַלטערלעכע באַגריפן און פאָרשטעלונגען און געגעבן אַן אַלגעמיינעם אויסבליק אויף אַ נייער, פרייער וועלט. אָבער דער דאָזיקער אויסבליק איז נאָך געווען אַ געגנוג אַבסטראַקטער, האָט געוויזן דאָס נייע אין אַ פרעמדן לבוש, און דעריבער ווייניק צוטריטלעך פאַר דעם פשוטן פאָלקס־מענטש. ערשט די יידישע קלאַסיקער האָבן זיך באַמיט די דאָזיקע נייע און פרייע וועלט אַריינברענגען אין יידישן תחום לעבעדיק און קאָנקרעט, דאָס הייסט, אין די פאָרמען, וועלכע זענען צו יענער צייט געווען אייגנטימלעך דער יידישער מאַסע.

אַזוי האָט מענדעלע אין זיינע שיינע יידישלעכע נאַטור־בילדער אַנטפּלעקט פאַר דעם יידישן מענטש די שיינקייט פון דער וועלט, וועלכע איז אים געווען פאַרווערט אַפילו צו באַמערקן, שוין אָפּגערעדט פון געניסן, האָט אים געוויזן זיין אייגענע געשטאַלט אין שפּיגל פון דעמלטיקן אינערלעכן יידישן לעבן, זיין לעכערלעכע גרויסקייט־מאַניע לגבי מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, זיין ווילדע אָפּגעשטאַנענקייט און גלייכצייטיק אויך געוועקט אין אים זיין מענטשלעכע ווירדע לגבי דער דרויסנדיקער וועלט. דורך זיינע ברייטע שילדערונגען פון דעם יידישן לעבן אין יענער צייט האָט מענדעלע באַצוועקט צו לערנען דעם יידישן פאָלקס־מענטש זיך קעגנצושטעלן זיינע אינערלעכע און אויסערלעכע באַדריקער, צו דערקענען זיין אייגענעם כוח און זיין אייגענע ווערט.

מענדעלע האָט קינסטלעריש פאַרפיקסירט דעם פאַנאַנדערפאַל פון יידישן פעאָדאַלן לעבנס־שטייגער, זיין אינערלעכע אויסגעהוילטקייט און דעגענערירטקייט, זיין ערב־אָפּגאַנג.

ביי שלום־עליכמען קומט שוין אויף בלויז דאָס געדעכעניש פון דעם דאָזיקן לעבנס־שטייגער, זיין נאָך ווירקנדיקע השפעה אויף דעם באַנעם און באַוווסטזיין פון מענטשן, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין גאָר נייע באַדינגונגען פון בורזשואַזן

סדר. שלום־עליכם הייבט ארויס די סאמע כאראקטעריסטישע מאָמענטן פון דעם נישט ווייטן עבר אין זייער צוזאַמענשטויס מיט די גייע. דאָס שאַפט אַ גאַנצע ריי קאָמישע סיטואַציעס פון אַ ספּעציפישן מין. ספּעציפיש אין דער הינזיכט, וואָס, אויסזעענדיק לעכערלעך אין די אויגן פון יעדן זייטיקן צושויער, זענען זיי טיף טראַגיש פאַר די האַנדלענדיקע פּערזאָנען גופא, מחמת זייער כסדרדיק איבערלעבן טיפע און ווייטיקלעכע געראַנגלען מיט זיך, מיט זייער סביבה און מיט דער דרויסנדיקער, מערסטנטייל פֿיינטלעכער וועלט. אַנטפּלעקנדיק פאַר אונדז דעם יידישן פאָלקס־מענטש פון זיין צייט אין זיין אינערלעכער איבערלעבונג און אין זיין אויסערלעך פאַרהאַלטן זיך, גיט אונדז שלום־עליכם אַ פול און פּלאַסטיש בילד פון דעם, וויאַזוי דער דאָזיקער פאָלקס־מענטש רייסט זיך פון די נעצן, אין וועלכע עס האָבן אים איינגעפּלאָנטערט דער יידישער קלער און בעל־תקיף פון איין זייט און די רעאַקציאָנער־אַנטיסעמיטישע אָרדענונג פון דער צווייטער. שלום־עליכם לערנט שוין נישט וויאַזוי זיך צו ראַנגלען, ווי דאָס האָט אָפט געטאָן מענדעלע, נאָר ער ווייזט אונדז אָנשוילעך דעם דאָזיקן געראַנגל אין אַ גאַנצער ריי פון לעבעדיקע געשטאַלטן, צי דאָס זענען די צעטומלטע, פון זייער אַלטן לעבנס־נוסח אַרויסגעשטויסענע מנחם־מענדלס, צי דאָס זענען די געזונטע און האָרעפּאַשנע טביהס, פּעפּערלעך, האָדלס, חוהס און אַנדערע.

די זעלבע מאָטיוון פון געראַנגל פון יידישן פאָלקס־מענטש סיי מיט זיך אַליין, סיי מיט זיין אייגענער סביבה און סיי מיטן פרעמדן דרויסן הייבט אַרויס י. ל. פּרץ אין דער געלייטערטער אַטמאָספער פון אַ נאַציאָנאַל־געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו און אין דער גליאיקער טעמפּעראַטור פון זיין אייגענער ליידנשאַפטלעכער פּערזענלעכקייט. פון פּרצעס ווערק שלאָגט אַ לויכטנדיקער פלאַם, וועלכער נעמט אַרום מיט אַ ספּעציפישן הייסן אָטעם יעדע טעמע באַזונדער און פאַרשמעלצט אַלע טעמעס צוזאַמען אין איין גרונט־אידעע פון אומבאַגרענעצטער ליבע צום פּשוטן אַרבעטנדיקן מענטש, צו דער ספּעציעל פאַרהאָרוועטער אין יענער צייט געפּלאָגטער יידישער פרוי און צום אָרעמען יידישן קינד, וואָס האָט זיך געוויינלעך געוועלטערט פאַר דער צייט, נישט געניסנדיק פון דער גרויסער פרייד פון לעבן. פּרצעס פאַרשידנאַרטיקע טעמאַטיק און פילזשאַנרדיקייט זענען דער אויסדרוק פון זיין גרויסער שעפערישער אָנגעלאָדנקייט און געשפּאַנטקייט, פּונקט ווי זיינע אָפטע איבערגאַנגען פון איין קינסטלערישן נוסח צו אַ צווייטן — פון ראָמאַנטישע און סימבאָליסטישע שאַפונגען צו פּסיכאָלאָגיש־רעאַליסטישע און פאַרקערט — זאָגן עדות וועגן זיין קינסטלערישן חוש פאַר דער אינטימער באַהאָפטנקייט צווישן פאָרם און אינהאַלט. פּרץ ווייסט די באַדייטונג פון דעם פאָרמלעכן עלעמענט אין דער קונסט פאַר דעם אַרויסהייבן וואָס מער אַדעקוואַטער דעם אינהאַלט און מאַכן וואָס מער אָנשוילעכער און איבערצייגעוודיקער די גרונט־אידעע פון ווערק.

די יידישע קלאַסיקער, מענדעלע, שלום-עליכם און י. ל. פרעץ, האָבן מיט זייערע שאַפונגען באַוויזן אויף דעם סאַמע קאָנקרעטסטן אופן זייער באַציונג צו ליטעראַטור, ווי צו אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן פאַקטאָר פון דערציונג און דערקענטעניש, ווי צו אַ ווירקזאַם מיטל פון קאַמף קעגן דער יידישער בורזשואַזיע און אירע קלעריקאַלע מיטהעלפער, ווי צו אַ שאַרפן כלי-זין קעגן דער אונטערדריקונג פון יידישן אַרבעטנדיקן מענטשן. צו דעם ציל האָט יעדער איינער פון זיי אויף זיין אופן אומאַניפהערלעך געשליפן דאָס וואָרט, געטאָקט דעם זאַץ, פאַרפולקאָמט די פאָרם, כדי וואָס בולטער, קלאָרער און ציגעוועגדטער אַרויסברענגען דעם אינהאַלט, וועלכער איז שטענדיק געווען אידעיש אָנגעזעטיקט און דורכגעדרונגען מיט גרענעצלאָזער, נאָר שטרענגער ליבע צום פשוטן פאָלק און מיט טיפער שנאה און פאַראַכטונג צו זיינע באַצווינגער.

די פאַרביסנקייט פון מענדעלעס סאַטירישן וואָרט און זיין אַקטועלע פאָליטיש-געזעלשאַפטלעכע אָנלאָדונג; דער אומאויסשעפלעכער קוואַל פון שלום-עליכמס הומאָר, וועלכער טראָגט אין זיך אַזאַ פאַרניכטנדיקן געלעכטער לגבי דעם יידישן ווינט-מענטש, ספעקוליאַנט און דריי-קאָפ, לגבי דער צביעות און פאַלשקייט פון קליינקעפלדיקן באַלעבעסל, און אַזויפיל לירישע צאַרטקייט און ליבע לגבי דעם ערלעכן האָרעפאַשניק און פאָלקס-קינסטלער; דער טיפזיניקער פרעצישער געדאַנק, וועלכער שטורעמט מיט אַזאַ צאָרנדיקער קלוגשאַפט די וועלט פון פינצטערניש און קנעכטשאַפט, אַרויסהייבנדיק גלייכצייטיק מיט אַזוי פיל מילדקייט און ליבע די פאַרבאָרגנסטע עטישע ווערטן און שיינקייטן פון פשוטן פאָלקס-מענטש — דאָס זענען די איידלסטע מוסטערן פאַר דעם שרייבער פון היינט, וויאַזוי ער דאַרף אין די נייע באַדינגונגען דינען מיט זיין פעדער דעם פאָלק, זיין זיין באַגלייטער און פאָרויסגייער, וועקן עס צום קאַמף קעגן אַלע זיינע אונטערדריקער, דעמאַסקירן זיינע פאַרבאָרגענע פיינט.

די פאַרשידענע מענדעלעשע בעלי-טאַקסעס, פראָצענטניקעס, רבנים, דיינים און סתם שיינע יידן, וועלכע האָבן זיך אָנגעזעצט ווי פיאַווקעס אויף דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם פון פאָלק, באַמיענדיק זיך צו האַלטן עס אין אָפגעשטאַנענקייט און פינצטערניש, די שלום-עליכמישע אויסגעוואָרצלטע לופט-מענטשן, וועלכע קערן זיך אָפ פון יעדער פראָדוקטיווער אַרבעט, זוכנדיק גרינגע פרנסות אויפן חשבון פון יענעמס מי; די פרעצישע „פרומע קעץ“, „שטריימלס“, מוסר-יידעלעך, צביעותדיקע גבאיטעס און באָנטשע-שוויגס — זיי אַלע זענען נאָך נישט פאַרשוונדן פון יידישן און נישט-יידישן לעבן, זיי האָבן נאָר אָנגעקליידט אַנדערע, נאָך פיל מער געפערלעכע פאָרמען.

די ווערק פון די קלאַסיקער, דעמאַסקירנדיק און באַקעמפנדיק די דאָזיקע טיפן אין זייער צייט, אויפדעקנדיק זייער גאַנצן סאָציאַלן תוך און אויפעפנדיק

זייער אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע — לערנען אונדז, וויאַזוי צו דערקענען און דעמאַסקירן אויך איצט, וויאַזוי זיי צו באַקעמפן אין זייער נייער געשטאַלט.

אָבער די יידישע קלאַסיקער זענען נישט בלויז דאָס נעגאַטיווע אין יידישן לעבן, נישט בלויז דאָס אוועקגייענדיקע און אָפּשטאַרבנדיקע, דאָס, וואָס שטערט און האַמעוועט דעם גאַנג פאָרויס. זיי זעען אויך דאָס פּאָזיטיווע, דאָס יונגע און אויפקומענדיקע, די ערשטע שפּראָצן פון דעם נייעם לעבן, וואָס רייפט שוין אָן. דאָס איז שוין צו זען ביי מענדעלען, אויב אַפילו נאָך אין דער אַלגעמיינער פאָרם פון הומאַניטאַרישקייט („פישקע דער קרומער"), פון בענקשאַפט נאָך גליק און נאָך אַ מער באַזיגיקט לעבן („מסעות בנימין השלישי") און פון דער פאָדערונג פון גערעכטיקייט („די קליאַטשע"). אָבער שוין פיל קאָנקרעטער קומט דאָס אויף אין אַזעלכע שלום־עליכמישע געשטאַלטן, ווי טביה דער מילכיקער און פּע־פּערל און אין אַ גאַנצער ריי פּרצישע געשטאַלטן.

די תמימותדיקע ערלעכע פיגור פון פישקען, די רייזע פון בנימין און סענ־דערל אין דער וועלט פון יושר און גערעכטיקייט, דער גרענעצלאָזער בטחון און טיפע מענטשן־ליבע פון טביהן, פּעפּערלס באַזיגיקטער וועג צו פרייהייט, ווי אויך די דערהויבנקייט און מסירת־נפשדיקייט פון די פּרצישע פאָלקס־געשטאַלטן — זענען דער בולטסטער אויסדרוק פון דעם לעבנס־אָפּטימיזם פון די קלאַסיקער, פון זייער טיפער ליבע צום פּשוטן מענטשן, פון זייער גלויבן אין אים און אין זיין ענדגילטיקן נצחון איבער זיינע אויסנוצער און אונטערדריקער.

צוליב די דאָזיקע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון דער יידישער קלאַ־סיק — צוליב איר דעמאַסקירנדיקן און דערקענטעניש־כאַראַקטער, פון איין זייט, און טיפן גלויבן אין פאָלק, פון דער צווייטער — האָבן עס די רעאַקציאָנערע יידי־שע שרייבער אָנגעהויבן די לעצטע יאָרן זייער קאַמפּאַניע קעגן דער יידישער קלאַסיק, באַמיענדיק זיך אַראָפּצונידעריקן איר באַדייטונג און אָנזען אין די אויגן פון יידישן מענטשן. אין זייערע גרינגשעצנדיקע רייד קעגן דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור, אין זייער פאַרקריפּלונג פון די עיקרדיקע אידעען פון די קלאַסיקער שפּיגלט זיך אָפּ זייער קאָסמאָפּאָליטישע אָפּגעפרעמדטקייט פון יידישן פאָלק און זייער פאַרקויפטקייט צו זיינע אונטערדריקער. אויף דעם סאַמע צינישסטן אופן פאַרשוועכן זיי די גרויסע מענדעלע־טראַדיציע פון קאַמף קעגן יידישן גביר און קלער, די דיסקרעטע איידעלע ליבע פון שלום־עליכמען צום פּשוטן פאָלקס־מענטש, דעם טיף מענטשלעכן פּרצישן חלום וועגן יושר און פרידן, באַמיענדיק זיך צו פלאַנצן אַפּאַטיע, אונטערטעניקייט און שנאה צווישן איין מענטש און צווייטן.

פאַר די דאָזיקע שרייבער, פונקט ווי פאַר דער גאַנצער סביבה, וועלכע זיי דינען, איז די יידישע קלאַסיק געוואָרן אומבאַקוועם, שיר נישט קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

די אמתע יורשטע פון דער יידישער קלאַסיק, די ווירקלעכע פאָרזעצערין פון איר קאמפּס־טראַדיציע, איידעלער הומאַניטאַרישקייט און טיף מענטשלעכן אינ־טערנאַציאָנאַליזם איז געוואָרן בלויז די ליטעראַטור, וועלכע האָט אויף לעבן און טויט פאַרבונדן איר גורל מיט דעם גורל פון אַרבעטנדיקן מענטשן, מיט דער איינציק ריכטיקער און איינציק יושרדיקער וועלט־אָנשויונג פון פאָרגעשריטנסטן און אָרגאַניזירטסטן טייל פון אַרבעטער־קלאַס, מיט דעם בשותּפותדיקן קאַמף פון אַלע ערלעכע מענטשן פון אַרבעט פאַר אַ געיעכטער וועלט, פאַר אַ וועלט פון פרידן און סאָציאַליזם.

די דאָזיקע ליטעראַטור זעט אין דער קלאַסיק נישט בלויז איר אָנהייב, נאָר אויך איר כּסדרדיקן מוסטער, איר שטענדיק דערמוטנדיקן און סטימולירנדיקן גייסט, וועלכער לערנט זי אין אַלע באַדינגונגען צו זיין באַהאָפטן מיטן אַרבע־טנדיקן פאָלק, צו שעפּן אומאויפהערלעך פון זיין גרויסער עטישער קראַפט, פון זיין אומדערשיטערלעכן גלויבן אין זיג פון אמת.

# י. ל. פּרץ

די שעפערישע טעטיקייט פון י. ל. פּרץ איז אויסגעפאַלן אין די יאָרן, ווען דער יידישער אַרבעטער האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַלס קלאַס. די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט האָט אַרומגענומען אַ טיפער אינערלעכער אומרו. דאָס איז געווען דער אומרו פון אַוועקגיין פון אַן אַלטן אָפּגעלעבטן סדר און אַלטע אָפּגעלעבטע לעבנס-פאָרמען, און דער אומרו פון געבורט פון אַ נייעם לעבנס-שטייגער, פון נייע מענטשלעכע באַציונגען, פון אַ נייעם מענטש. י. ל. פּרץ, וועלכער האָט זיך אָן שום רעשט אָנגעשלאָסן אין דעם אויפקומענדיקן און נייעם, האָט אָבער, ווי אַן עכטער קינסטלער און טיף פילנדיקע פערזענלעכקייט, נישט געקאָנט פאַרבייגיין די גסיסה-ווייען פון אַלטן, און ער האָט, באַקעמפנדיק שאַרף און לײדנשאַפטלעך מיטן קינסטלערישן און פובליציסטישן וואָרט די שעדלעכע איבערבלייבענישן פון אַמאָל, זיך באַמיט גלייכצייטיק אָפּצוראַטעווען פון דעם אַמאָל דאָס ווערטפולע און פּראָגרעסיווע, וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן, אָפּראַטעווען עס פאַר דעם נייעם מענטש, פאַר דעם יידישן אַרבעטער, וועלכער ווערט דער לעגיטימער יורש פון אַלע נאַציאָנאַלע קולטור-אוצרות פון דער פאַרגאַנגענהייט.

די דאָזיקע טיפע פאַרשטענדעניש פאַר נאַציאָנאַלער קאָנטינואיטעט, ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם נייעם פּראָגרעסיוון און עכט-הומאַניטאַרן וועלט-באַנעם, וועלכן עס האָט מיט זיך געבראַכט דער אויפקום פון אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער-קלאַס, איז געוואָרן דער ווינקל-שטיין פון דער נייער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור, פון דער נייער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור, טעאַטער און קונסט.

ווי גאָלד-שטויבעלעך צווישן זאַמד, האָט י. ל. פּרץ מיט טיפזיניקער דורכדרינגלעכקייט און אייגנאַרטיקע דעליקאַטע פאָרמען פון אַ גרויסן קינסטלער צונויפגעקליבן די עטישע ווערטן, וועלכע דאָס פאָלק האָט געשאַפן אין משך פון יאָרהונדערטער און וועלכע זענען פאַר דער צייט געוואָרן באַוואָקסן מיט רעליגיעזער צביעות און שטייגערישע געוווינהייטן. קעמפנדיק אויף דער פלאַך פון דער קעגנוואַרט מיט פלאַמיקן טעמפּעראַמענט קעגן אַלץ, וואָס איז אין יידישן לעבן

געווען אומגערעכט, צוריקגעשטאַנען און אָפּגעזונדערט פון אַרום, האָט ער גלייכצייטיק געגראָבן טיף אין דער פאַרגאַנגענהייט, כדי מיט די פאָלקסטימלעכע פונקען, וועלכע ער האָט פון דאָרט אַרויסגעהויבן, נאָך מער באַרעכטיקן און באַפעסטיקן דאָס נייע, יונגע לעבן, וואָס קומט אויף, וואָס איז שוין אויפגעקומען. זיינע ראָמאַנטישע אָנקליידונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע האָבן אָפטמאָל פאַראַטן אַזאַ קלוגן איראָנישן שמייכל, זענען דעריבער אין זייער תוך געווען טיף פראָגרעסיוו און אינערלעך אויפרייסעריש, ניט ווייניקער פון זיינע רעאַליסטישע דראַמען און נאָוועלן אין באַצוג צו דער קעגנוואַרט. ביידע זענען געשטאַנען צו דינסט דעם יידישן ארבעטס-מענטש, געוועקט זיין באַוווסטזיין, זיין געפיל פון נאַציאָנאלער און סאָציאַלער ווירדע, זיין קראַפט פון ווידערשטאַנד קעגן יעדער רעליגיעזער פינצטערניש און עקאָנאָמישער אומגערעכטיקייט.

דער דאָזיקער טיפער באַהעפט פון דעם אַלעמען, וואָס איז געווען פראָגרעסיוו און שעפעריש אין דער פאַרגאַנגענהייט, מיט דעם, וואָס איז פאָרגעשריטן אין דער קעגנוואַרט, האָט פרצעס שאַפן פאַרוואַנדלט אין אַ לויטערער שוועל, וועלכע עס קאָן ניט אויסמיידן קיין שום עכטער שרייבער, וואָס מיינט אויפריכטיק צו דינען מיט זיין שרייבן דעם פאָלק. י. ל. פרץ, וועלכער איז שוין אַליין געוואָרן פאַר אונדז אַ גרויסע און ווערטפולע קולטור-ירושה, האָט אונדז מיט זיין אייגענעם שאַפן געלערנט און באַוויזן, וויאַזוי אַ פאָלקס-שרייבער דאַרף אויפנעמען און איבערנעמען די קולטור-ווערטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, וויאַזוי ער דאַרף אויפזוכן די געזונטע קערנער פון עכטן פאָלקס-אוצר צווישן די ווילדע קולטור-אָנוווקסן פון די באַזיצנדיקע קלאַסן און וויאַזוי ער דאַרף זיי לאָזן זיך אַנטוויקלען אויף דעם באָדן פון אַ נייער ווירקלעכקייט. דאָס איז אַ פראָבלעם, וואָס הערט קיינמאָל ניט אויף צו זיין אַקטועל פאַר יעדן פאָלקס-שעפער, בפרט ביי אונדז, ווו דאָס לעבן ווערט איבערגעבויט אויף נייע און פרייע יסודות און ווו עס פאָדערט זיך אַ גרינטלעכע רעוויזיע פון אַלע אונדזערע קולטור-ווערטן אין דער נאָענטער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

י. ל. פרץ האָט געגלויבט אינעם מענטש, געגלויבט אין דער צוקונפט פון אַרבעטנדיקן פאָלק, אין דער פריינדשאַפט פון פעלקער, און דער דאָזיקער גלויבן האָט באַלויכטן פאַר אים די אָנגעהויפטע טונקעלע שיכטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און דערמעגלעכט אויסצוגראָבן פון זיי דאָס וועזנטלעכע, דעם סאַמע עיקר, ווי בריליאַנטן פון דער טיפעניש פון דער ערד, וואָס זייער אינערלעכע שיין אַנטהאַלט אין זיך דעם זין און סך-הכל פון מיליאָניקע לעבנס פון צמחים אין משך פון טויזנטער יאָרן!

זיינע שיינע, קלוגע און טרויעריקע מעשיות וועגן יידן פאַרהאַוועטע און פאַריאָגטע אין עול פון פרנסה, אין עול פון קינדער, אין טאָפּלטן עול פון היימישער און פרעמדער אונטערדריקונג; וועגן יידן, אויסגעטוענע פון דער וועלט, —

אָרעמע יידן, וואָס די פּיין פון דעמלטיקן לעבן האָט זייערע אויסגעדייוועטע גופים און קראַנקע נשמות פאַרטריבן אין אויסגעטרוימטע נישט געשטויגענע וועלטן; וועגן יידישע פרויען, וואָס פאַרטרעטן מאַמעס און טאַטעס, באַלעבאָס־טעס אין שטוב און ברויט־געבער אין גאַס, — אָרעמע יידישע פרויען, וואָס האָבן אויף דער וועלט אָפּגעגעבן זייער נחת און רו, כדי צו זיין דאָס פוסבענקעלע פון מאַן אויף יענער וועלט. — די דאָזיקע שיינע, קלוגע און טרויעריקע מעשיות זיינע האָבן אונטערגעשווענקט דעם פאַרגליווערטן יידישן לעבנס־שטייגער פון יענער צייט, ווי די פריליגנדיקע שטראָמען — לעצטע, קוימיק געוואָרענע און איינגע־שרומפּענע הויפנס שניי, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן פון ווינטער אין די שאָטנדיקע ערטער, ווו קיין זון קומט קיינמאָל נישט צו.

צייטנווייז קאָן זיך דאַכטן: ער פאַרשענערט דעם נעכטן, הייבט אַרויס זיינע מנהגים און לעגענדעס, אידעאַליזירט זיינע טיפּן און העלדן. אָבער אין תוך איז דאָס אַן אַרויסהייבן אין ווירקלעכן דיאַלעקטישן זין פון וואָרט, אַן אַרויסהייבן, וואָס רייסט אויף פון אינעווייניק — אָפּטמאָל נישט באַמערקט, נאָר ענדגילטיק — דעם אַרויסגעהויבענעם קעגנשטאַנד, נעגירט אין אים דאָס צופעליקע און צייטווייליקע און לאָזט איבער בלויז דאָס ווערטפולע, דאָס לאַנגדויערנדיקע.

* * *

פּרעצעס גאַנצע שאַפונג איז פול מיט בונט און מרידה קעגן צידוק־הדין, קעגן דעם אָנגענומען פּאַר גוט אַלץ, וואָס געשעט, קעגן די קליינע השגחה־לעך. אויף פאַרשידענע אופנים דורך דירעקטן פּראָטעסט אָדער מיט דער הילף פון שטילער, נאָר בייסיקער איראָניע, רעאַליזירט פּרץ קינסטלעריש דעם דאָזיקן מאָטיוו אין פאַרשידענע געשטאַלטן.

„באַשפּריצט מיט פּרעמדער בלאָטע, באַשפּיגן פון פּרעמדע מיילער,
געיאָגט פון טראָטוואַרן מיט דער שווערסטער לאַסט אַראָפּ אין גאַס
צווישן דראָשקעס, קאַרעטן און טראַמווייען, קוקנדיק יעדע מינוט דעם
טויט אין די אויגן — האָט ער געשוויגן!

ער האָט געשוויגן ביים גוססן, ער האָט געשוויגן ביים שטאַרבן“...
(„באָנצע שווייג“).

אָדער:

„פּראָטעסט קעגן שאַף, קעגן לעמער פּראָטעסט,
וואָס זאָגן נאָר ווידוי.
פּראָטעסט קעגן גוססן און שטאַרבן פאַר שרעק...
פּראָטעסט אויף דער ערד, וואָס זאַפּט איין דאָס בלוט“.
(„ער און זי“).

צי:

„וואָס דאַרף א יידענע, וואָס פעלט איר? תכריכים האָט זי שוין“...

(„וואָס פעלט אַ יידענע“).

מיט אַ בולטן אַקצענט פון פאַרביטערטקייט און וויטיקלעכן סאַרקאַזם טרעט אויף דער זעלבער מאָטיוו אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק“.

„לעבט — וואָס איר האָט נישט דערלעבט! פילט — וואָס איר האָט נישט דערפילט!“ —

רופט דער בדחן צו די מתים.

„טאַנצן, טאַנצן! — רופן די טענצער-שטימען: פלאַמט כאָטש איינ-מאָל אויף אינגאַנצן“.

מיט בייסיקער איראָניע פירט פרץ ארויס אין „ביינאַכט אויפן אלטן מארק“ דעם אגעזעלשאפטלעכן שטימונגס-דיכטער, וועלכער זינגט זיך זיינע עסטעטיש-יחידישע לידלעך דעמלט, ווען עס שפּילט זיך אָפּ די טראַגעדיע פון זיין פאָלק. דער שטאַרקער דראַנג נאָך אויסלייזונג און דער טראַגישער געראַנגל מיט דער אייגענער מאַכטלאָזיקייט, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין דער דאָזיקער דראַמע דורך פאַרשידענע סימבאָלישע געשטאַלטן, מישן זיך אוים צוזאַמען און נעמען אָן די פאַרשידענע פאָרמען פון פּראָטעסט, פון סאַרקאַסטישע ווענדונגען און פון שטילער איראָניע, וועלכע זענען אין דער ערשטער ריי געווענדעט אויף זיך אליין, אויף דעם אייגענעם קיבוץ.

אפילו אזא „חסידישע“ — אין איר אויסערלעכער פאָרם — דערציילונג, ווי „אויב נישט נאָך העכער“ מיט איר ערנסטן און אידעאליזירנדיקן טאָן לגבי דעם רבין פון נעמיראָוו, מיט איר „נצחון“ פון דעם דאָזיקן רבין איבער דעם מתנגדישן ליטוואַק — צי רייסט זי דען נישט אויף פולשטענדיק דאָס „חסידות“ אַלס גאַנצעס, צי לאַכט זי דען נישט אוים טיף און קלוג אַלע פינצטערע און נאַרישע אָנהענגער פון דער דאָזיקער פאַנאַטישער באַוועגונג מיט זייער גלויבן אין נסים און אין אומנאַטירלעכע כוחות, ארויסהייבנדיק גלייכצייטיק דאָס עכטע מענטש-לעכע געפיל?

און די דערציילונג „אראָפּגעלאָזטע אויגן“ מיט איר שיינער יידישער פאָלקס-טימלעכקייט סיי אין דער פאַבולע, סיי אין דערצייל-נוסח — צי איז זי נישט די טיפסטע אונטערגראָבונג אונטער דעם גאַנצן פאַרגליווערטן און זינלאָזן לעבן פון יענער צייט, א לעבן, אין וועלכן די אויסערלעכע פאָרם פון רעליגיעזער און שטיי-גערישער צביעות האָט פאַרטראָטן יעדן אמתן אינערלעכן עטישן ווערט?

און די וואונדערלעכע דערציילונג „מקובלים“ מיט איר ספּעציפישער פּרצישער פאַרטיפונג אין סטיל און אין אינהאַלט, מיט איר כלומרשטער פאַרהערלעכונג פון די העלדן און פאָעטיזירונג פון זייער אויפפירונג — צי באַדייט זי נישט אין דער ווירקלעכקייט דאָס פולשטענדיקע אראָפּרייסן דעם הייליקן פאָרהאַנג פון דער

דאָזיקער געהיימער רעליגיעזער לערע און א דינער ווייטיקלעכער חוזק איבער דעם צושטאנד פון די מענטשן, וועלכע זענען אין דער לערע פארטאָן, דורך דעם אָנווייזן די אמתע סיבה פון דעם דאָזיקן צושטאנד זייערן — הונגער, נויט, קער־פערלעכע אויסשעפּונג און קרענקלעכע האלוצינאציעס? אָבער גלייכצייטיק, ביי דעם דאָזיקן דיסקרעטן חוזק, — וויפל נשמה־שיינקייט און בענקשאפט נאָך שלי־מות, נאָך אינערלעכער הארמאָניע דעקט אויף פּרץ אין די דאָזיקע אָרעמע פאָלקס־מענטשן!

דעסגלייכן, וויפל דיסקרעטער אויפריים־שטאָף, וויפל איידעלער בונט פון באַ־וווּלהטע נשמות, פון באלייידיקטע מענטשלעכע הערצער און געפילן איז אָנגע־זאמלט אין אזעלכע דערציילונגען, ווי „דער תענית", „דער משולח", „מענדל בריי־נעס", „אין קעלער־שטוב", „חתונה געהאט" און צענדליקער אנדערע. שוין אָפּגע־רעדט פון דעם אָפענעם פּראָטעסט און בונט, וועלכע פּרץ פארקערפּערט אויף אזא אייגנארטיקן קינסטלערישן אופן אין אזעלכע דערציילונגען, ווי „באָנציע שוויַיג", „א כעס פון א יידענע", „די פרומע קאץ", „וועבער־ליבע", „דאָס שטריימל" און פיל אנדערע, — פּראָטעסט און בונט קעגן פארשעמטע מענטשלעכע לעבנס, קעגן פארפינצטערטע וועלטן פון פרויען, יוגנטלעכע און קינדער, קעגן א וועלט, וואָס איז פארקלעמט אין פענטעם פון שקר און אונטערדריקונג, א וועלט פון גייסטיקער און פיזישער פארקריפּלונג.

דער דאָזיקער כאראקטעריסטישער פּרציאנישער בונט, וועלכער איז אזוי ראדיקאל־פאָלקסטימלעך אין זיין אויסערלעכער פאָרם און אזוי שטורמיש־אויפרייסעריש אין זיין אינהאלט, קומט צום אויסדרוק נישט נאָר אין די יאָרן פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג פון פאר דעם 1905 יאָר, ווען פּרץ איז געווען גאנץ און הארמאָניש מיט זיך, מיט לייב און לעבן געווען באהאָפטן מיט דעם אויפגייענדיקן באפרייערישן כוח אויף דער יידישער גאס און טיף דורכגענומען מיט דעם טרוים פון פוילנס נאציאָנאלער און סאָציאלער באפרייונג. נאָר אויך שפּעטער, אין די יאָרן פון זיינע ווייטיקלעכע זוכענישן און אינטעליגענטישע בלאָנ־דזשענישן. אויך אין דער „גאָלדענער קייט" רייסט אויף פּרצעס אומרואיקער גייסט". אויך אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" טראָגט זיך דורך זיין צעבוּנ־טעוועט געמיט, ווי א שטורעם, וואָס צעטרייסלט די פונדאמענטן פון דער פאר־שימלטער איינגעזעסנקייט פון דעם באלעבאטישן „געמויזעכץ", טראָגט אריין אומרו און אויפרודער.

די ליניע פון בונט, וועלכע פּרץ האָט אָנגעהויבן אין זיין ערשטן ווערק אויף יידיש, אין דער פּאָעמע „מאָניש", קעגן דעם פארגליווערטן און פארשימלטן יידישן לעבן, די ליניע פון קאמף פאר א בעסער לעבן, פאר א פריי געניסן פון דער שיי־נער ערדישער וועלט, ווערט נישט איבערגעריסן. נישט מער, אויף דעם צייט־אָפּ־שניט פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק" איז די דאָזיקע ליניע נישט אזוי איינ־

דייטיק אין איר אָנווענדונג, נישט אזוי קלאָר און קאָנסעקווענט דורכגעפירט. א צייטווייליקע פארנעפלונג נעמט ארום פּרצעס געמיט, א מאָמענטאלע וואקלעניש אויף דעם גרויסן שיידוועג, וועלכע לויערט אויף אים פון הינטער דער סביבה, אין וועלכער ער האָט זיך דערצויגן.

אָבער די דאָזיקע פארנעפלונג און וואקלעניש איז דאָס זעלבע צייטווייליקע און צופעליקע, וואָס פּרץ גופא האָט אָפּגעוואָרפן און פארניינט ביי די העלדן פון זיינע לעבנס־ווערק, ווי דאָס פּסולת פון דער צייט.

דער אמתער, עכטער י. ל. פּרץ — דאָס איז דער דיכטער פון גלויבן און בונט: פון גלויבן אין זיג פון ליכט און פון פרייהייט, פון גלויבן אין דער צוקונפט פון ארבעטס־מענטש און פעלקער־פארברידערונג, און פון בונט קעגן אלץ און אלעמען, וואָס שטייט אויף דעם וועג פון דער דאָזיקער צוקונפט.

זיין אומרואיקע בונטארישע נשמה געפינט רו בלויז אין דער נאטירלעכער שלימות פון ארבעטער און פאָלקס־מענטש, און זיין ברויזנדיקן גייסט שטילט ער איין בלויז מיט דער געזונטער און אוממיטלבארער עטיק פון זייער אָרעם, נאָר ערלעך לעבן און מיט דעם קליינעם, נאָר עכטן ביסעלע פרייד, וואָס זיי באווייזן, ווי א נס, פון דעם דאָזיקן לעבן ארויסצובאקומען. וואָס פאר א זוניק געמיט י. ל. פּרץ אנטפּלעקט דאָרטן, וואָס פאר אן אויפריכטיקייט פון איבערלעבונג און גע־פיל! און מיט וואָס פאר א שטילער קוועלנדיקער פרייד ער פארווירקלעכט דאָס קינסטלעריש אין „שלום בית“, אין „קעלער־שטוב“, אין „זיבן גוטע יאָר“ און אין פיל אנדערע.

פון די דאָזיקע אלע פאָלקס־מענטשן, געשילדערטע מיט אזויפיל הארץ און פּיעטעט דורך י. ל. פּרצן, שטראָמט רירנדיקע מענטשלעכע ליבע, נאטירלעכער גלויבן, פּשטות און גרויסמוט.

אזא האָט פּרץ געזען דעם יידישן ארבעטער און פאָלקס־מענטש, אין אזעלכן האָט ער געגלויבט, אז בלויז ער — וואָס איז דאָס פאָלק, איז אימשטאנד אויס־צולייזן די וועלט, אריינצוברענגען יום־טוב אין אונדזער וואָך און צו געבוירן א דור מיט פליגל, וואָס וועט זיך אויפהייבן הויך איבער דער נידעריקייט און רשעות פון די, וואָס מיט איין האנט צערטלען זיי דעם גאָלדענעם קאלב און מיט דער צווייטער — די שווערד פון פארניכטונג. „פון משיחן חלומט מען אין אונדזער סוטערינע, דאָס מענטשלעכע געפיל רויטלט די הונגער־בלאסע באקן, די מענטש־לעכע האָפענונג גליט פון די ברענענדיקע אויגן ארויס — — —“

* * *

די טעמאטיק פון י. ל. פּרצעס שאפונגען איז, אין גרונט גענומען, ענלעך צו דער טעמאטיק פון דער שפּעטערער השכלה און פון דער גאַנצער יידישער קלאַ־סיק. אויך ביי י. ל. פּרצן קומט צום אויסדרוק דער קאמף קעגן דעם פאנאטיזם

און דער אָפּגעשטאַנענקייט פון די יידישע מאסן, קעגן דער צביעות פון די כלי־קודש און בלוט־זויגערישקייט פון די קליינשטעטלדיקע תקיפים און גבירים, דער קאמף פאר בילדונג, וויסן און פּראָדוקטיווער ארבעט. אָבער אין י. ל. פּרצעס ווערק קומען נאָך צו אייניקע נייע מאָמענטן, וועלכע גיבן זיי צו א באזונדערן אייגנאַרטיקן כאראקטער. די דאָזיקע מאָמענטן זענען: דאָס וועקן און ארויסהייבן די נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע ווירדע ביי דעם יידישן פאָלקס־מענטש, דאָס אומאויפהערלעכע אקצענטירן פון דעם עכטן הומאניטאַרן און בשותפותדיקן פאר אלע מענטשן און פאר אלע פעלקער, די ספּעציעלע פאראינטערעסירונג מיט דעם גורל פון דער יידישער פרוי, דאָס כסדרדיקע פּראָפּאַגירן די אייגנגעוואָרצלטקייט פון פּוילישע יידן אויף דער פּוילישער ערד, די געמיינזאמקייט פון זייערע שטרעבונגען און פון זייער קאמף מיט די שטרעבונגען און קאמפן פון פּוילישן ארבעטס־מענטש פאר א שענערער און פרייערער צוקונפט.

די דאָזיקע אַלע מאָמענטן אין י. ל. פּרצעס שאפן זענען ענג פארבונדן מיט דער דערוואכונג און אנטשטייונג פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין יענער צייט.

די זעלבסטדערקענטעניש פון די יידישע ארבעטער אלס קלאס און די זעלבסטבאַזיניקונג פון זייער ראָל אלס יורש פון דער בורזשואזיע האָט ארייגעבראכט אין דעם דעמאָלטיקן אָפּגעשטאַנענעם יידישן לעבן, וואָס איז נאָך אַלץ געווען אָפּגעצוימט פון דער גאנצער וועלט דורך אינערלעכע און אויסערלעכע צוימען, נישט בלויז א פרישן שטראָם פון וועלטלעכקייט, נאָר אויך גאָר נייע באַגריפן וועגן ייד און נישט־ייד און וועגן זייערע קעגנזייטיקע באציונגען. עס איז געוואָרן ביז גאָר נאטירלעך די געמיינזאמקייט פון קאמף פון די יידישע און נישט־יידישע מאסן מיט זייער געמיינזאמען באדריקער, און עס האָט זיך אויך וועזנטלעך געענדערט די באציונג פון באוווּסטזיניקן יידישן ארבעטס־מענטש צו זיין געבוירן־לאַנד. ער האָט זיך אויפגעהערט צו באטראכטן אלס פרעמדער, נאָר אלס גלייכער מיטבירגער מיט זיין פּוילישן חבר, מיט וועלכן ער דארף גיין האנט ביי האנט, כדי צוזאַמען אויסצוקעמפן די פרייהייט. די דאָזיקע פולשטענדיקע איבערקערעניש אין די מוחות לגבי דער איינגעשטעלטער סכעמע פון ייד און נישט־ייד און לגבי דעם „גלות“, א סכעמע, וועלכע איז דורות־לאנג געוואָרן געפלעגט דורך דער יידישער רעליגיע און דורך דער יידישער בורזשואזיע, האָט געפונען איר בולטן אויסדרוק ספּעציעל אין די פּובליציסטישע שאפונגען פון י. ל. פּרץ.

אזוי, למשל, זאָגט פּרץ אין זיין ארטיקל „מיין ענטפער“ (צום „קוריער וואַרשאַווסקי“):

„האנט ביי האנט וועלן מיר גיין מיט יונג־פּוילן, וואָס בויט נישט אויף באַזיץ, נאָר אויף אַרבעט, וואָס וויל נישט לעבן (צו אונדזער שאָדן) פון מאָנאָפּאָלן און פּריווילעגיעס און וויל אונדז באצווינגען. מיטן אלטן פּוילן, מיטן

באצווינגערישן, הערשזיכטיקן, ווילן מיר קיין שותפות נישט מאַכן, דאָס איז דער שימל, וואָס מוז אראָפּ אָן אונדזער שאָדן און אָן שאָדן פון פּוילישן פאָלק".

דאָסגלייכן, ווען פּרץ טרעט אַרויס קעגן ד"ר נוסבוים פאַר זיין דערקלערן זיך אין ליבע (אין „קוריער ווארשאווסקי") צום פאָטערלאנד, זאָגט ער דייטלעך:

„געפונען דאָס אָרט, געפונען די צייט!":

ער פרעגט נישט אָפּ בכלל פוילן אלס פאָטערלאנד, „די פראגע איז נאָר, — זאָגט פּרץ, — וואָס א „פאָטערלאנד" מיינט ער? ועמענס פאָטערלאנד? פאראן אלערליי פאָטערלענדער!" „ווען די גרויסע, די ווילטאָגיקע קלאסן רירן דעם גרויסן גלאָק און קלינגען: „פאָטערלאנד! ווייסט מען: פאר זיי איז א חגא, פארן פאָלק א שרפה, דאָס פארשפּרייט מען א נעץ פאר די קליינע פישעלעך, דאָס גיסט מען פארסמטן האָניק פאַר אָרעמע פליגן...

קלינגט „וושעך פּאָלסקי", הייסט עס: קום אוקראינע, ליטע, ווייסרוסלאנד צוריק, לאָזט זיך אויסמענטשלען און פארפּוילישן... א ביסעלע, א קליין ביסעלע באצווינגען...

קלינגט אויפן גרויסן גלאָק דער פּריץ, מיינט ער דעם פּויער אָן ערד! איי, פּויערל, פּויערל, פארלאָז נישט דיין פאָטערלאנד. זוך נישט קיין ערד מעבר-לים, זוך נישט קיין ארבעט, שניט-צייט, ביי דיין פארשאָלטענעם שונא, דעם שוואב, און גיי אפילו נישט אין דער זינדיקער שטאָט, אין פאבריק אריין... איך דארף דיינע הענט!

ער אליין פאָרט אין די בעדער, הוליעט אין אלע גרויסע שטעט, שפּילט אין מאָנאקאָ... בלייבט אים געלט, האלט ער עס אפילו אין א שווועדישער באנק, אבי נישט אין דער היים. ער דארף אָבער א ביליקן שניטער, א ביליקן „מענטש" צום פלוג און צו זיינע פערד און קי. און וואָס מער פּויערים אָן ערד עס גייען אָפּ, מער צאָלן מוז ער, מער אָרדינאַריע געבן! אַלץ אין אַ גרעסערער געפאַר איז זיין פאָטערלאנד!

און קלינגט ערגעץ-ווו אויף דעם גרויסן גלאָק די גרויס-אינדוסטריע, דאָס פאָטערלאנד איז אין געפאר! זיין כבוד פארשוועכט! הייבט די פאָן פון הייליקן פאָטערלאנד! —

הייסט עס:

גיב, פאָלק, קאנאָנען-פלייש צו באקומען פאר מיר נייע מערק, צו שיצן מיין האָב-און-גאָב אין דער היים און אין דער פרעמד!

דער, וואָס ארבעט און לעבט פון אייגענער ארבעט, דער האָט אָן אנדער פאָטערלאנד: ער בויט עס אנדערש, שיצט עס אנדערש און קלינגט קיינמאָל נישט אויפן גרויסן גלאָק: זיין חגא איז נאָך נישט געקומען!".

ווי לעבעדיק י. ל. פרץ שטעלט פאַר דעם קלאַסן־צוגאַנג פון אַרבעטנדיקן מענטשן צום באַגריף פאַטערלאַנד! ווי סאַרקאַסטיש ער רייסט אַרונטער דעם פּיק־טיוון און צביעותדיקן „פאַטריאָטיזם“ פון די פאַרשידענע הערשנדיקע קלאַסן אין יענער צייט, פאַר וועלכע „פאַטערלאַנד איז אין תוך נישט מער ווי אַ רווחדיק געשעפט פאַר זיך און אַ פּולאַפּקע פאַר דעם נישט באַוווּסטזיניקן אַרבעטנדיקן מענטשן!“.

פרץ איז געווען גאָענט פאַרבונדן מיט דער פּוילישער קולטור, מיט דער פּוילישער שפּראַך. זיינע ערשטע לידער זענען געשריבן נאָך אין יאָר 1874 אין פּויליש א. נ. „וויערשע רוזשנעי טרעשטשי“. צוזאַמען מיט לידער אויף אינדיווידועלע טעמעס, זענען דאָ פאַראַן אויך לידער אויף סאָציאַלע טעמעס, אין וועלכע עס גייען שוין אויף די עלעמענטן פון פּרצעס סאָציאַלער וויזיע, פון זיין שטורעמדיקן טעמפּעראַמענט, פון זיין טיפן הומאַניזם:

„עס וועט זיך אויפהייבן דער פאַרכישופטער ריז — דער אָרעמער וואַרעם. מיטן צעבערשטעקן וועט אים אָנרירן די פרייהייט, מיטן צייבער־שטעקן וועט זי צערייסן די כישוף־קייטן, פון אַ וואָרעם וועט ווערן אַ מעכטיקער מענטש... ער וועט אויפשטיין און געבן אַ געשריי: „זאָל לעבן די מענטשהייט“ (אין ליד „אלול“ — ציטירט פון „י. ל. פרץ, זיין לעבן און שאַפן“ פון נחמן מייזל).

ווי באַוווּסט, איז אויך צוגענומען געוואָרן דורך דער צאַרישער מאַכט ביי פּרצן די רעכט פון אַדוואָקאַטישער פּראַקטיק צוליב אַ מסירה, אַז ער פּראָפּאַגירט די פּוילישע שפּראַך צווישן דער יוגנט. אין אַ גאַנצער ריי פּובליציסטישע אַרבעטן, ווי מיר האָבן אויבן ציטירט, טרעט אויף פרץ ווי דער גרעסטער פּאַטריאָט פון פּוילן, נישט בלויז פון יידישן שטאַנדפּונקט, נאָר פון שטאַנדפּונקט פון אַ טרייען איבערגעגעבענעם בירגער, וועלכער נעמט זיך אָן די קריוודע פון אַרבעטער און פּויער און זעט קלאָר די סיבה פון פּוילנס אומגליק אין דעם ענגן עגאָאיזם און פּאַראַט פון די הערשנדיקע קלאַסן.

פּרצעס טרוים וועגן אַ גערעכטיק און פרייַ פּוילן, אין וועלכן דער ייד וועט זיין גלייכבאַרעכטיקט צוזאַמען מיטן אַרבעטער און פּויער, קומט צום אויסדרוק אין אַ גאַנצער ריי פון זיינע שאַפונגען אין די פאַרשידנסטע פאָרמען.

אין „געמויזעכץ“ חוזקט פרץ גאַליק אָפּ פון דער אומצופרידנקייט פון די יידן, וועלכע שאַפן זיך אָן אייגן וועלטל אונטער דעם גרינעם שימל פון אַ שטייענדיק וואַסער, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ הימל; אין „באַנציע שווייג“ רייסט ער אויף מיט שאַרפער איראָניע די קליינע השגות פון יידישן אַרבעטנדיקן מענטשן, וועלכער האָט רעכט אויף אַ פול מענטשלעך לעבן, אין „פּאָסט וואָגן“ רעדט פּאָלניעווסקי וועגן דער אמתער סיבה פון אַנטיסעמיטיזם און וועגן זינלאָזיקייט פון די פיינטלעכע באַציונגען צווישן פּאָליאַקן און יידן.

די, וואָס ווילן פּרצן איינרעמען אין דער טוכלער און פאַרגיפטעטער אטמאָס־פער פון יידישער אויסדערוויילטקייט און שאָוויניזם, וואָס ווילן אים איינרעדן איי־ביקע טראַגישע קאָנפליקטן צווישן ייד און גוי — פעלשן זיין בילד, פאַרקריפּלען דעם אינהאַלט פון זיין שאַפן.

דעסגלייכן די, וואָס שרייבן צו פּרצן פאַרהערלעכונג און אידעאַליזירונג פון פאַרגאַנגענעם לעבנס־שטייגער, פון חסידות, פון די שיינע ווילקענעוודיקע יידן, פון בית מדרש. די דאָזיקע פאַרהערלעכונג איז ביי פּרצן פאַראַן בלויז אין באַ־צוג צו די פּראָגרעסיוו־עטישע ווערטן, וועלכע דער יידישער פאָלקס־מענטש האָט אין די שווערסטע אומשטענדן געשאַפן אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער. פּרץ האָט די דאָזיקע ווערטן אויסגעטיילט אין אַלע זיינע קינסטלערישע שאַפונגען, ווי גאָלד־שטויבעלעך פון זאמד, כדי דאָס איבעריקע, צופעליקע, דאָס פּסולת זאָל ווערן נאָך בולטער.

אזויאַרום שטרייכט אונטער פּרץ אין „אויב נישט העכער" און „ביים גוסס צוקאָפּנס" די גרויסע הומאַניטאַרע אידעאָלאָגן דער העכסטער באַדייטונג פון מענטש, און די ווערטלאָזיקייט פון רעליגיעזן דאָגמאַטיזם.

„אין אַראָפּגעלאָזטע אויגן" — דעם גרויסן ווערט פון אינערלעכן אמת, פון אויפריכטיקייט און מאָראַלישער גאַנצקייט.

אין „די דריי מתנות" — די עטישע קראַפט פון יידישן פאָלקס־מענטש.

אין „געמויזעכץ" — די נישטיקייט און לעכערלעכקייט פון דער אתה־בחר־תנו־אידעאָלאָגיע.

דאַקעגן אין „קעלער־שטוב" און אין „שלום־בית" — די שטרעבונג פון פּשוטן פאָלקס־מענטש צו ערדיש גליק, צו אַן ערלעך, שטיל און אַרבעטזאַם לעבן.

און אזוי אין צענדליקער אַנדערע דערציילונגען.

נישט פאַרהערלעכט און נישט אידעאַליזירט, נאָר אויפגעריסן האָט פּרץ דאָס גאַנצע דעמלטיקע יידישע לעבן, וואָס איז געווען אין קלעם פון רעליגיעזער פינצ־טערניש און סאָציאַלער אונטערדריקונג.

דאָס אויפוואַכן פון אַרבעטס־מענטש האָט אויך מיטגעווירקט צו אַ פולי־שטענדיקן איבערברוך אין אינערלעכן יידישן לעבן, אין וועלכן עס האָבן נאָך אַלץ דאָמינירט אַסקעטישע באַגריפן און מיטלאַלטערלעכע, פּאַטריאַרכאַלע באַציונגען, נישט געקוקט אויף דער אויפקלערונגס־באַוועגונג, וועלכע האָט שוין לאַנג עקזיס־טירט און די דאָזיקע באַגריפן און באַציונגען אויף איר אופן באַקעמפט. עס האָבן זיך געשאַפן נאָר נייע פּאָרשטעלונגען וועגן דעם פאַרבאָטענעם „עולם הזה", וועגן דעם פּשוטן גשמיותדיקן לעבן, וועגן פרייד און גענוס; עס האָט זיך געענדערט די באַציונג צום „שיינעם יידן", צום בעל־יחוס און גביר, וועלכע האָבן ביז דעמלט געהערשט אין דער יידישער געזעלשאַפט, און עס האָט זיך אויך ראַדיקאַל געביטן

די באציונג צו דער יידישער פרוי, אויף וועלכער מע האָט ביז איצט געקוקט ווי אויף א פוסבענקעלע פון מאַן.

דעם דאָזיקן איבערברוך אין אינערלעכן לעבן ברענגט ארויס י. ל. פּרץ אין אַלע זיינע ווערק, וועלכע רייסן אויף פון אינעווייניק די פארגליווערטע דאָגמאַטישקייט פון יידישן לעבן, ארויסהייבנדיק דערפון דאָס ריין־מענטשלעכע, ווי אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", „חסידיש", סימבאָלישע „מעשהלעך" און אנדערע, אָדער וועלכע גרייפן אָן דירעקט דעם פאנאטיזם, די צביעות און די אונטערדריקונג פון ארבעטנדיקן פאָלקס־מענטש און פון דער פארהאָרוועטער און דערשלאָגענער יידישער פרוי, ווי אין „מוסר", „באָנציע שווייג", „דאָס שטריימל", „די פרומע קאַץ", „מענדל בריינעס", „א כעס פון א יידענע", „וועבער ליבע" און צענדליקער אנדערע.

אָבער נישט בלויז אין די נייע טעמאטישע מאָמענטן באשטייט דער עיקר די אייגנארטיקייט פון י. ל. פּרצן,* זיין אייגנארטיקייט באשטייט אין דעם ספּעציפישן אופן פון רעאַליזירן זיי. פּרצעס וואָרט און בילד זענען אומעטום און שטענדיק אָנגעלאָדן מיט אינערלעכן בוגט און אויפריים־שטאָף, אפילו דאָרט, ווען אויסערלעך גענומען זענען זיי איינגעהילט אין א ראָמאנטיש־אידילישער פאָרם. א הייסער אומרו גייט ארום אין אלע זיינע ווערק. אין די 90־ער יאָרן איז עס דער אומרו פון זוכן נייע אינהאלטן און נייע פאָרמען. שפּעטער איז עס אויך דער אומרו פון אינערלעכע געראנגלען צווישן רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן און באשטימטע געוווינהייטן און בענקשאפטן פון נעכטן. אָפטמאָל האָט י. ל. פּרץ געזוכט אן אויסוועג אין דער באהעפטונג פון דעם נייעם מיטן אלטן. ער באמיט זיך נייע אינהאלטן איינפאסן אין אלטע לעבנס־פאָרמען. דאָס האָט זיך אָבער נישט שטענדיק געלאָזט טאָן, ספּעציעל אין די פאלן, ווען די דאָזיקע אלטע פאָרמען זענען געווען נישט בלויז אויסערלעכער שטייגער, נאָר א וועזנטלעכער אויסדרוק פון א צוריקגעשטאנענער אָפּשטארבנדיקער וועלט.

אָנבינדנדיק אידעיש צו די פּראָגרעסיווע מאָמענטן אין דער פאָלקס־עטיק און אין דעם פאָלקס־כאַראַקטער פון דער קעגנוואַרט און פאַרגאַנגענהייט, האָט פּרץ שפּראַכלעך און פיל מאָל אויך טעמאַטיש זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ נוסח, וועלכער איז אים געקומען פון זיין סביבה און וועלכער איז געווען באַהערשט פון רעליגיעזע און רעליגיעז־מיסטישע באַגריפן און פאָרשטעלונגען. אין אַלגעמיין האָט זיך פּרץ איינגעגעבן דעם דאָזיקן נוסח אויסצונוצן ווי אַ בלויז פאָרמלעך מיטל, צייטנווייז אַפילו ווי אַ באַשטימטן ליטעראַרישן מאַניער, כדי נענטער און ווירקזאַמער צוצוקומען מיט זיינע פּראָגרעסיוו־הומאַניטארע און רעוואָלוציאָנער־אויפרייסערישע אינהאַלטן צו דעם דעמלטיקן פאָלקס מענטש. דאָס זעען מיר אין אַ גאַנצער ריי פון זיינע פּאָעטישע, דראַמאַטישע און פּראָזאַישע

שאַפונגען, ווי „מאַניש", „אין פּאַליש אויף דער קייט", „באַנציע שווייג" און אין דער מערהייט פון זיינע „פאַלקסטימלעכע געשיכטן".

אָבער עס טרעפט אויך, ספּעציעל נאָכן 5־טן יאָר, ווען דער דאָזיקער נוסח ביי פּרצן הייבט אָן ווערן אינהאַלט, ווען פּרץ הייבט אָן אין דער וועלט פון אַלטע באַגריפן און פאַרשטעלונגען צו זוכן נישט בלויז א מיטל אויף אָנצוקליידן זיינע שטורעמדיקע אידעען און געדאַנקען, נאָר אויך א פאַרענטפערונג און לעזונג פאַר פאַרשידענע פּראָבלעמען און פראגן, פאַר פאַרשידענע איבערלעבטע ספקות, ווי דאָס איז אין „דער גאָלדענער קייט", אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" און אין באַזונדערע ערטער אין פאַרשידענע קינסטלערישע און פּובליציסטישע שאַפונגען זיינע.

אָבער דאָס אַלץ איז נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גרונטיקער אַלגע־מיינער געזעלשאַפטלעכער איינשטעלונג, פאַר דעם עיקרדיקן קינסטלערישן וועלט־באַנעם פון פּרצן דעם בונטאַר, שטורמער און פּראָטעסטירער, פאַר פּרצן דעם אויפרייסער פון אַלע אַלטע פאַרשימלטע פאָרמען און פון יעדן אַרט פאַרבאָרגע־נער צביעותדיקער אונטערדריקונג.

דערצו זענען נאָך די דאָזיקע אידעישע צוריקגאַנגען ביי פּרצן, פּונקט ווי לעניין זאָגט וועגן טאָלסטאָיען, נישט קיין קעגנזאַץ פון זיין פּערזענלעכן געדאַנק, „נאָר אַן אָפּשפּיגלונג פון די אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירטע קעגנזעצלעכע באַ־דינגונגען, סאָציאַלע השפעות, היסטאָרישע טראַדיציעס".

אין זייערע געניאַלע — לויט דער פּאַרטייפעסטקייט און גלייכצייטיקער פּש־טות און קלאָרקייט — אַרויסזאָגונגען וועגן ליטעראַטור האָבן אונדז לעניין און סטאַלין געלערנט, וויאַזוי מע דאַרף אָביעקטיוו און אמתדיק אָפּשאַצן א שרייבער, און דער עיקר, וויאַזוי און וואָס מע דאַרף נעמען פון אים, כדי אים צו פאַראיי־ביקן אין דעם ווערטפולסטן און דויערהאַפטסטן, וואָס ער האָט געגעבן, — אין די מאָמענטן, וועלכע פאַרבינדן די פאַרגאַנגענהייט און די צוקונפט פון אַ פאָלק אין זיין אומאויפהערלעכן פאָרויסגאַנג, אין זיין שטענדיקער שטרעבונג נאָך גערעכ־טיקייט און פריינדשאַפט.

לאָמיר זען אַלס ביישפּיל, ווי קלערט אויף לעניין די קעגנזאַצן אין טאָלסטאָיס שאַפן.

לעניין זאָגט:

„די קעגנזאַצן אין די ווערק, אָנשויונגען און לערע פון טאָלסטאָיס שול זענען ווירקלעך שרייענדיקע. — — — פון איין זייט, אַן אומברח־מנותדיקע קריטיק פון דער בורזשואַזער עקספּלואַטאַציע, אַ דעמאַסקירונג פון די געוואַלטטאַטן פון דער מלוכה, פון דער געריכטס־קאָמעדיע, פון דער מלוכהשער אַדמיניסטראַציע. דאָס אויפדעקן אין דער גאַנצער טיף די קעגנזאַצן צווישן וווקס פון רייכטום און די דעראָבערונגען פון דער ציווי־

ליזאַציע און דעם וווקס פון אָרעמקייט, פאַרווילדקייט און פּיין פון די אַרבעטנדיקע מאַסן; פון דער צווייטער זייט, — דאָס נאַיווע פּרעדיקן „זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם שלעכטס" מיט געוואַלט. פון איין זייט, דער סאמע ניכטערער רעאַליזם, דאָס אראָפּרייסן אַלע מאַסקעס; פון דער צווייטער זייט, דאָס פּרעדיקן איינע פון די מיאוסטע זאכן, וועלכע זענען נאָר פאַראַן אויף דער וועלט, נעמלעך: רעליגיע.

אָבער די קעגנזאַצן אין די אָנשויונגען און אין דער לערע פון טאָלסטאָיען זענען נישט קיין צופעליקייט, נאָר דער אויסדרוק פון די קעגנזעצלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען דאָס רוסישע לעבן אין לעצטן דריטל פון 19-טן יאָרהונדערט" — — —

„דאָס גאַנצע פאַרגאַנגענע לעבן פון פויער האָט אים אויסגעלערנט צו האַסן דעם פּריץ און באַאַמטן, נאָר האָט אים נישט אויסגעלערנט און נישט געקאָנט אויסלערנען, ווו צו זוכן אַן ענטפער אויף די פראַגן".— — —

„די ליבעראַלן רוקן אַרויס אויפן ערשטן פּלאַן, אַז טאָלסטאָי איז דאָס „גרויסע געוויסן" — צי איז דאָס נישט קיין פּוסטע פראַזע? צי באַדייט דאָס נישט אַרומגיין די קאָנקרעטע פראַגן פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, וועלכע זענען דורך טאָלסטאָיען אַוועקגעשטעלט געוואָרן? צי רוקט עס נישט אַרויס אויפן ערשטן פּלאַן דאָס, וואָס דריקט אויס דעם אַבערגלויבן ביי טאָלסטאָיען און נישט זיין פאַרשטאַנד, דאָס, וואָס געהער אין אים צו דער פאַרגאַנגענהייט, און נישט צו דער צוקונפט, זיין פאַרלייקענען די פּאָליטיק און פּרעדיקן מאָראַלישע זעלבסטפאַרפולקאָמונג, און נישט זיין שטורמישן פּראָטעסט קעגן יעדער קלאַסן-הערשאַפט?" — — —

דער דאָזיקער געניאַלער אַנאַליז לעניגס פון טאָלסטאָיען לאָזט זיך אָנווענדן אין אַ געוויסער מאָס אויך צו י. ל. פּרצן. די קעגנזאַצן ביי פּרצן זענען די אָפּשפּיגלונג פון דעם פּאָליטישן און גייסטיקן צושטאַנד פון דער דעמלט פאַראָרעמטער יידישער מאַסע, וועלכע האָט געהאַסט דעם גביר און קלער, האָט פאַראַכט איר אייגן אָרעם לעבן, געריסן זיך צו אַ בעסערער און גערעכטערער וועלט, נאָר זייענדיק נאָך אינגאַנצן אונטער דער ווירקונג פון אַלטע השגות און מנהגים, שטענדיק מיט אירע געדאנקען און געפילן אין אַן אלטן לעבנס-שטייגער, — האָט זי נישט פאַרשטאַנען און נישט געקאָנט נאָך פאַרשטיין, ווי די דאָזיקע פראַגן צו לייזן, נישט געזען מיט דער פולער קלאָרקייט און נישט געקאָנט נאָך זען דעם איינציקן וועג פון איר ענדגילטיקער באַפרייונג. דעריבער איז פּרץ אַזוי גרויס און טיף אין זיין שטורמען די אַלטע וועלט, אַזוי אומפּשרותדיק אין זיין בונט, אַזוי קלוג אין זיין אויפרייסן פון אינעווייניק אַלטע איינגעשטעלטע מנהגים און אַבערגלויבנס, אַזוי קינסטלעריש-קאָנקרעט און סינטעטיש-בילדעריש אין זיין שילדערן די גרויע

הערשנדיקע נויט, דאַקעגן אַבסטראַקט אין זיינע פּאָזיטיווע געשטאַלטן, פאַרנעפּלט און צייטנווייז וואַקלדיק אין זיין פּאָזיטיוון וועלט־באַנעם.

אָבער עס גייט מאַקע אין דעם, „וואָס דריקט אויס ביי פּרצן דעם אבער־גלויבן, וואָס געהערט אין אים צו דער פאַרגאַנגענהייט", וואָס איז אין אים דאָס צופעליקע, די בלינדע רעשטן פון א טויטער אָפּשטאַרבנדיקער וועלט, און וואָס דריקט אויס ביי אים דעם פאַרשטאַנד, וואָס געהערט אין אים צו דער צו־קונפט, וואָס איז אין אים דאָס נויטווענדיקע, דער ליכטיקער אָנזאָג פון דער נייער אויפגייענדיקער וועלט.

די יידישע רעאַקציע, וועלכע געהערט אליין צו די דאָזיקע בלינדע רעשטן, צו דער דאָזיקער טויטער וועלט, נעמט זיך אָפּ ביי פּרצן אירס.

אַנשטאָט אַן אָביעקטיוון אנאַליז פון פּרצעס שאַפן, אַנשטאָט קאָנקרעט אָנ־צווייזן, וואָס ער האָט ווירקלעך געגעבן דעם יידישן פאָלקס־מענטש, וואָס איז ביי אים ריכטיק און דויערהאַפט און וואָס פאַלש און פאַרגענגלעך, מיט איין וואָרט, אַנשטאָט אים צו לערנען און ווייטער פאָרזעצן, וואָס איז די גרעסטע פאַרערונג פאַר יעדן שרייבער, באַקרוינט אים די יידישע רעאַקציע מיט טיט־לען פון נישט צוטריטלעכער גרויסקייט אין זין פון „גרויסן געוויסן", וועלכן לעגין הוזקט אזוי אויס ווי א „פּוסטע פראַזע" אין באַצוג צו טאָלסטאָיען.

פאַר דער יידישער רעאַקציע איז ליב אזא פּרץ, וואָס איז לייכט אָפּצופּטרן מיט א הספּד פון הויכע שיינע ווערטער — און דאַן שוין מיט דער ירושה באַ־לעבאַטעווען.

פאַר אונדז אָבער איז פּרץ נישט געשטאָרבן, ווייל זיין אידעע פון סאָציאַ־לער גערעכטיקייט און נאַציאָנאַלער ווירדע, פאַר וועלכע ער האָט אזוי שטו־רעמדיק געקעמפּט זיין גאַנץ לעבן און מיט וועלכער עס זענען דורכגעדרונגען אַלע זיינע שאַפונגען, זיין עכטער הומאַניזם, וועלכער איז געקומען צום אויס־דרוק אין זיין נביאישן צאָרן קעגן יעדן אַרט אונטערדריקונג, און גלייכצייטיק טי־פער ליבע און אַכטונג צום פּשוטן אַרבעטנדיקן מענטש, ווי אויך זיין שטאַרקער, נאַטירלעכער פּאַטריאָטיזם צו פּוילן, וועלכן ער האָט אזוי טיף און ריכטיק באַ־נומען, ווי די פליכט צו באַקעמפן דאָס פּאָטערלאַנד פון די ווילדאָגיקע קלאַסן, פון די פּריצים און גרויס־אינדוסטריעלער — מיט איין וואָרט, דאָס אַלץ, וואָס האָט אין פּרצן געהערט צו דער צוקונפט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם אמת פון זיין צייט, דאָס לעבט ביז איצט און ווירקט ביז איצט, דאָס איז דער עיקר פון זיין שאַפן, דאָס איז זיין אמתע געשטאַלט.

י. ל. פּרץ האָט דאָס נייע קינסטלערישע רעאַליזירט אין הסכם מיט זיין איינענעם דיאַלעקטיש־פּאַרטיפּטן בליק, אז „דאָס נייע קאָן ארויסשפּראָצן נאָר דעמלט, ווען דער אַלטער זאָמען, וואָס דאַרף עס ארויסרופן, פוילט און שטאַרבט,

וואָרעם דאָס ניי-געשפּראָצטע איז נישט ניי-באַשאַפן, נאָר דאָס לעבן פון געשטאָרבענעם אין א נייער פאָרם“ („גערדאנקען איבער ליטעראטור“).

אין זיינעם אן ארויסטריט וועגן משעכאָוון — דערציילט שכנא עפּשטיין — איז פּרץ געקומען צום פאָלגנדיקן אויספיר: „עס קאָן נישט זיין קיין עכטער נאַציאָנאלער קינסטלער, וואָס זאָל נישט זיין אינטערנאַציאָנאל. אמתע קונסט ווייסט נישט פון קיין ווידערשפּרוך צווישן „נאַציאָנאל“ און „אינטערנאַציאָנאל“. פאַרשטייט זיך, די ליטעראטור פון יעדן פאָלק האָט איר נאַציאָנאלן כאראקטער, דאָס דריקט זיך אָבער אויס דער עיקר אין דער פאָרם; וואָס אָנבאלאנגט דעם אינהאלט איז ער אלמענטשלעך“.

די דאָזיקע איבערצייגונג פּרצעס קומט צום אויסדרוק אין אלע זיינע ווערק, שאַפנדיק זייער סאָציאלן פּאָן און אלגעמיין-מענטשלעכן באַדייט. די דאָזיקע איבערצייגונג שטעלט אויך פאָר מיט זיך דאָס דויערהאפטיקע אין זיין שאַפן, דאָס, וואָס איז געוואָרן דער סאַמע כאראקטעריסטישער קען-צייכן פון דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראטור אויף דער גאָרער וועלט. אין דער טיפער פארשטענדעניש פאַר דער אינערלעכער נויטווענדיקער געבונדנקייט צווישן דעם נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן אין דער קונסט קומט אויף נישט בלויז די באַהאָפטנקייט פון דער ליטעראטור מיטן לעבן, נאָר אויסדריקלעך מיטן לעבן, וואָס גייט פאָרויס, מיט דעם לעבן פון ארבעטער-קלאס, וועלכער איז געוואָרן דער קעמפער קעגן אלע אָפּגעשטאַנענע פאַרגליווערטע פאָרמען, דער יורש פון אלע ווערטפולע אינהאלטן און דער טרעגער פון פעלקער- און מענטשן-פריינדשאפט. פּרץ זעט זייער אָפט דירעקט די וויזיע פון דער שיינער און גרויסער צוקונפט און ברענגט זי ארויס אין פיל פון זיינע מעשהלעך, לידער און עקספּרעסיעס, אָבער אומדירעקט איז זי אָנוועזנד כמעט אין אלע זיינע שאַפונגען. אין דער דאָזיקער וויזיע שטעקט פּרצעס גלויבן אין פאָלק און אין מענטש, פון איר שעפּט ער זיין גרויסע קראַפט, מיט וועלכער ער טרעט ארויס קעגן יעדער פינצטערניש און רעאקציע אויף דער יידישער און נישט-יידישער גאַס, שעפּט זיין טיף געפיל פון נאַציאָנאלער און מענטשלעכער ווירדע, וואָס ער באַמיט זיך איינצופלאַנצן ביי יעדן יידישן פאָלקס-מענטש.

דער דאָזיקער עכטער רעוואָלוציאָנערער הומאניזם צוזאמען מיטן בונטאַריש-פּראָטעסטירנדיקן, פּראָגרעסיוו-ראָמאנטישן גייסט האָבן עס געשאַפן יענע באַווירקנדיקע קראַפט, מיט וועלכער י. ל. פּרץ האָט שוין ביי זיין לעבן צוגעצויגן צו זיך אלץ, וואָס איז געווען ניי און יונג אין יידישן לעבן, און אויך נאָך זיין טויט נישט אויפגעהערט צו באַווירקן דעם יידישן ארבעטער און ספּעציעל די יידישע ארבעטער-יוגנט. ער איז געוואָרן דער פאָרויסגייער אין דער יידישער ליטעראטור, וועלכע האָט נישט בלויז געשטורעמט די אלטע אָפּגעלעבטע אָרדענונג פון זיין צייט, סיי לגבי דרויסן, סיי אינעווייניק אין דער יידישער געזעלשאַפט גופא, נאָר

אויך דער דרייסטער וועקער און דערמוטיקער אין קאמף פאר בעסערע צייטן און פאר א שענערער וועלט. די קעמפערישע יוגנט האָט דעריבער זיין נאָמען ווי א פאָן פון שטארקונג און מוט געטראָגן מיט זיך סיי אין די שווערע יאָרן פון קאמף קעגן דער פוילישער רעאקציאָנערער מאכט, סיי אין די קאָשמארע צייטן פון דער היטלער־אָקופאציע.

* * *

י. ל. פרץ איז געווען דער גרויסער הומאַניסט אין דער יידישער ליטעראַטור. זיין טיפע ליבע צום יידישן מענטש איז נישט געווען קיין אבסטראקטע און נאַציאָנאַל־באַגרענעצטע. ווי שטארק די דאָזיקע ליבע איז נישט געווען, איז נאָך שטארקער געווען זיין שנאה צו אלע די, וועלכע האָבן געשטרעבט צו אונטערדריקן דעם ארבעטנדיקן מענטש און האלטן אים אין אומוויסנהייט. די דערלייזונג פון יידישן פאָלק האָט ער געזען נישט עפּעס ווי אַן אָפּגעזונדערטע דערשיינונג, נאָר אין טיפער שייכות מיט דער דערלייזונג פון דער גאנצער ארבעטנדיקער מענטשהייט. ער האָט קלאָר געזען די נייע קראפט, וועלכע דארף אָט די אויסלייזונג ברענגען און דעם גאנצן פראָגנט פון פינצטערניש, וועלכער שטעלט זיך איר אנטקעגן.

„נאָר ווען אפילו אלע רעגירונגען זאָלן זיך צווישן זיך אויסגלייכן, וועלן זיי אלץ נאָך נישט אוועקלייגן דאָס געווער! עס בלייבט נאָך איבער די סאָציאַליסטישע פארטיי, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג שטארקער און הייבט אָן, נישט אויף א גלייכווערטל, אלע צו שרעקן".

אין די ניינציקער יאָרן קומט פרץ אין פארבינדונג מיט דער ארבעטער־באַוועגונג, טרעט אָפּט אויף מיט פאָרלעזונגען צווישן ארבעטער און קומט אויך אויף ארבעטער־קרייזן. זיינע „יום־טוב־בלעטלעך", וועלכע ער גיט ארויס אין די יאָרן (1894—1896), ווערן דער באליבסטער זשורנאַל פון יעדן פראָגרעסיוון יידישן ארבעטער און האָבן א געוואלדיקע באַדייטונג פאר דער אנטוויקלונג פון יידישן געזעלשאפטלעכן געדאנק.

אין 1899 ווערט פרץ ארעסטירט און זיצט אָפּ עטלעכע חדשים אין 10־טן פאַוויליאָן פון וואַרשעווער ציטאַדעל. נאָך זיין באַפרייונג קערט זיך פרץ צוריק אום צו זיין אויפקלערערישער טעטיקייט צווישן דער יידישער ארבעטערשאפט און שרייבט גלייכצייטיק אָן א גאנצע ריי זאכן מיט בולטע רעוואָלוציאָנערע טענדענצן, ווי דעם גאנצן ציקל רעאַליסטישע דראמעס און דראמאטישע פאָעמעס.

יצחק ליבוש פרץ איז נישט בלויז איינער פון די קלאסיקער פון דער יידישער ליטעראטור, נישט בלויז דער אָנהייבער און באַפרוכפּערער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראטור אין פוילן — ער איז אויך דער שענסטער מוסטער פון א שרייבער, וואָס פראַוועט נישט קיין התבודדות מיט זיין מוזע, נאָר געפינט זיך תמיד צווישן פאָלק, ווייטיקט מיט דעם צוזאמען און קעמפט צוזאמען.

# דער יידישער אַרבעטער ביי י. מ. ווייסענבערג

„עס זיצן אין איין וואַרשטאַט אַרום צוועלף מאַן געזעלן מיט האַנט־יונגען, קוקט זיך איינער צום צווייטן נישט אום, און יעדער פאַר זיך איז פאַר־טראַכט מיט אַ רואיק אַראָפּגעלאָזט געזיכט און שטילע אויגן, וואָס שטייען אומבאַוועגלעך איבער דער אַרבעט. און טיילמאָל שטעלט זיך אַ האַנט אָפּ, דאָס העמערל לאָזט זיך אוממעכטיק נאָך און בלייבט ליגן אויף דער זויל, פלאַך, איבערגעדרייט, ווי אַן אָפּגעשטאַנען פישל מיטן בייכל אַרויף. און ער, דער יונג, האַלט ביים עק שטולעכל און קוקט מיט אַזוינע אויגן, ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך פאַרטראַכט אינמיטן גאַס מיט דעם בייגל אין דער האַנט... —

עס טרעפט טיילמאָל פאַרקערט, ווען די אויגן בליצן אויף, דאָס פּנים קנייטשט זיך העפטיק, ווי פאַליעס וואָלטן איבערן קאָפּ געיאָגט — דערמלט יאָגט מען די פלעקלעך מיט אַן אימפּעט אין דער געלעכערטער זויל אַריין, צוטאַנצנדיק מיטן העמערל, איינס־איינס!... און מיט אַזאַ געשווינדקייט, ווי מע דעריאָגט עפּעס, ווי מע דערכאַפּט עפּעס, ווי מע וויל זיך מיט עפּעס צוזאַמענשטויסן, עס זאָל קנאַקן, הילכן! און אין אַזאַ צייט מוז שוין וועלכער עס איז אַרויסשפּרונגען מיט אַ לידל:

„וואָס טויג אייך דען, ברידער, אַזאַ לעבן —
אַ לעבן אין הונגער און אין נויט?...“

און דער גאַנצער עולם, ווי איין כאָר, טוט באַלד אַן ענטפער אָפּ מיט געזאַנג און קלאַפּעריי מיט די העמערלעך, מע שמעטערט די שטיפטלעך אין דער געלעכערטער זויל אַריין, ווי די קוילן אין ערגסטן שונא. און דאָס געזאַנג צעטראָגט זיך דורך די אָפענע פענצטער אויף דער גאַס אַרויס, מעכטיק און מיט רעש“.

אַזאַ איז אין סאַמע אָנהייב דאָס בילד פון ערב פינפטן יאָר אין אַ קליין שטע־טעלע פון פוילן לויט דער קלאַסישער שילדערונג פון י. מ. ווייסענבערג. עס איז אין דעם פאַראַן, ווי אין ווייסענבערגס שאַפונג בכלל, סיי צאַרטקייט, סיי קראַפט. ווי אַ פרילינג־ווינט, וואָס פילט אָן דאָס האַרץ מיט אומבאַשטימטע פאַרנעפּלטע

בענקשאפטן און זיסע האָפענונגען, אָבער וואָס מאַכט אויך הייס און אומרואיק דאָס בלוט און רעגט עס אָן צו דרייסטע טאַטן.

שפּעטער ווערט אויך אין דעם קליינעם שטעטל די לופט אלץ הייסער און אָנגעגלימער. די היימישע אידילישע באַציונגען צווישן ארבעטער און ארבעטסגעבער פּלאַצן ווי פוילע נעט. ערגעץ ווייט האָט זיך א וועלט צעהוידעט, ווי א ים פאר א שטורעם און אירע ברויזנדיקע כוואַליעס שלאָגן זיך אָפּ אויך דאָ מיט א טויבן געוויש. ווי אַ לאַנג־פאַרהוילענע וווּנד, רייסט אויף די קריוודע פון די אָרעמע געסלעך. ווי א סטיכיע, ווילד און כאַאָטיש, שטויסן זיך צוזאַמען דורות־לאַנגע דערשטיקטע פאַרדרוסן און ווייטיקן. און צום ערשטן מאָל אין שטעטל פלאַקערן זיך פאַנאַנדער בלוטיקע געשלעגן נישט צוליב אַן „עליה“ אין בית־מדרש און נישט אַפילו צוליב א פּערזענלעכער עוולה, נאָר צוליב אַן אלגעמיינער זאַך, צוליב א געמיינזאַמען אידעאַל.

די דאָזיקע קאַמפן האָבן מערסטנטייל אַ קאָנקרעטן אינהאַלט.

מע נעמט זיך אָן די קריוודע פון דער שטעטלדיקער אָרעמקייט, וועלכע די ראשי־הקהל און כלי־קודש באַשווינדלען אויף א צביעותדיקן אופן, אריינלייגנדיק די טומאה אין דער יראה.

„— רבותי... מע טאָר נישט... מע באַשטייט גישט... אָרעמע ארבע־טערס געלט...“ — וואָגט דאָס ערשטע מאָל צו פּראָטעסטירן פאַרן גאַנצן קהל יעקל סטאָליאַר.

מע שלאָגט זיך קעגן פאַראַט, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם שוסטער־געזעלן חיים יאָסעלע, וועלכער איז פּלוצעם „א באַלעבאַטישער יונג געוואָרן“ און זיך אָנגעהויבן אונטערלעקן די פאַבריקאַנטן און שיינע יידן.

אָבער טיילמאָל קומט אויף א געשלעג אָן שום ספּעציעלע סיבות, סתם אזוי, צוליב א כוחות־פאַרמעסט — ווי אין קצבים־שולעכל.

עס איז נאָך דערווייל ווי אַן עכאָ פון ווייטע דונערן, אָבער פול מיט קראַפט, ווי א בונט פון לייב, ווי א בונט פון בלוט, וואָס וויל נישט מער זיין פאַרפּייניקט און דערשטיקט.

מיט וואָס פאר א פּלאַסטישן כוח, מיט וואָס פאר אַ מייסטערשאַפט י. מ. וויסענבערג הייבט ארויס פאַר אונדז דעם דאָזיקן בונט, אז ביי זיין גאַנצן שטעטלדיקן פאַרנעם דערפילן מיר אין אים דעם מעכטיקן אָטעם און ריטם פון דער צייט.

אַ לעבן־לאַנג האָט אים אויסגעטראָגן אין זיך י. ל. פּרץ. ער האָט ווי א פּלאַם געצונדן זיין יעדעס וואָרט און מיט א הייסן אומרו אָנגעפילט זיינע לויערנדיקע פּויזעס. אָבער י. מ. וויסענבערג האָט אים אָנגעטאָן אין בלוט און אין פלייש.

אמת, די שייד־ליניע צווישן רייך און אָרעם אין דער יידישער סביבה, ווי אויך די אונטערדריקונג פון יידישן אַרבעטנדיקן מענטשן האָט שוין י. ל. פּרץ געזען

זייער קלאָר. ער האָט אויך געגוג שאַרף געפּירט דעם קאַמף קעגן די יידישע תקיפים און כלי־קודש, איינזעענדיק דערביי די נויטווענדיקע פאַרבינדונג צווישן זיי.

אָבער דער דאָזיקער קאַמף האָט נאָך אַלץ געטראָגן זייער אָפּט דעם אידעאַ־ליסטיש־אוטאָפּיסטישן כאַראַקטער פון אויסלייזערישקייט, פון אַ קאַמף צווישן גוטס און שלעכטס בכלל, און דער יידישער אַרבעטער איז נאָך נישט אויפגעטראָטן אין אים ווי אַ זעלבשטענדיקער, גנזעלשאַפטלעכער כוח.

י. מ. ווייסענבערג האָט אין דער הינזיכט געמאַכט אַ קוואַליטאַטיוון שריט פאָרויס. ער האָט דעם קלאַסן־קאַמף אין דער יידישער געזעלשאַפט געשילדערט רעאַליסטיש און קאָנקרעט; ער האָט אויך אַרויסגעפירט דעם יידישן אַרבעטער נישט דורך דער אַפּוטראָפּסות פון אַ וועלכן ס'איז מליץ־יושר און פירשפּרעכער, נאָר אים אַליין, ווי אַ זעלבשטענדיק ווירקנדיקע געשטאַלט.

דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קער אין דער יידישער ליטעראַטור סיי אין אידעאָלאָגישער און סיי אין קינסטלערישער הינזיכט. אין אָנבליק פון אַזאַ זעלבשטענדיק ווירקנדיקן יידישן אַרבעטער איז אויפגעקומען מער אמתדיק און רעאַל דער יידישער אַרבעטס־געבער, זענען אויפגעקומען מער אמתדיק און רעאַל די באַציונגען צווישן אים און דעם אַרבעטער.

די דאָזיקע קלאָרע דיפערענצירונג, וועלכע י. מ. ווייסענבערג האָט דערזען אינערהאַלב דער יידישער סביבה אונטער דער ווירקונג פון די גרויסע היסטאָרישע געשעענישן פון דעם פינפטן יאָר, ווי אויך פון זיין אייגענער סביבה, אין וועלכער ער איז געבוירן און זיך דערצויגן, האָט זייער שטאַרק מיטגעהאָלפן צו דער אויס־קלאָרונג און אַנטוויקלונג פון זיין קרעפטיקן טאַלאַנט, הויפּטזעכלעך אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן. ווייסענבערג הייבט זיך אָן צוצוקוקן צו די שיינע גבירישע יידן נישט דאַן, ווען זיי געפינען זיך אין צושטאַנד פון רו און זענען פאַרנומען מיט זייערע איידעלע טראַכטענישן און פאַלשע מליצהדיקע רייד, נאָר בשעת זייער קאָנקרעטן האַנדלען און טאָן, ווען זיי באַמיען זיך אויסצופּרעסן פון אַרבעטנדיקן מענטשן דעם לעצטן טראָפּן בלוט, אָדער צו דערשטיקן אין אים יעדן פּרווו פון אַנטקעגנשטעלן זיך, פון וועלן אויסקעמפן פאַר זיך די מינדסטע מענטשלעכע באַדינגונגען. און ער דערזעט די ר' עוזרס און ר' אייזיקס, די ר' מאָטלס און ר' זעליגס, ער דערזעט די בלוט־דורשטיקייט, וועלכע עס ווייזט אַרויס דער יידישער גביר לגבי זיין יידישן אַרבעטער (אין דעם פּאָגראָם אויף די אַרבעטער — אין „שטעטל"‏).

אין דעם איבערגעבן דאָס דאָזיקע ווירקלעכע לעבן געפינען ווייסענבערגס ספּעציפישע אייגנשאַפטן פון קלאָרער פּלאַסטישער שילדערונג, פּינקטלעכער אָבסערוואַציע און געפּרעסטן אויסדרוק — די בעסטע מעגלעכקייט זיך צו רעאַלי־זירן. ווייסענבערגס העלדן פון דער אונטערדריקערישער וועלט, ווי אויך אַרבעטער פון אַלטן שניט, וואָס ליידן און שווייגן, ווי מנחם דער שווייגער, נאָטע דער לאַנ־

גער א.א., זענען געגעבן אַזוי בולט און קלאָר, מיט אַלע זייערע כאַראַקטעריסטי־שע תנועות און באַוועגונגען, אַז מיר דערזען זיי דורך און דורך. פון ווייסענבערגס שאַרפן בליק פאַרשווינדט נישט דער מינדסטער שטריך, די סאַמע דינסטע סיטואַציע. ווייסענבערג דערציילט נישט וועגן זיינע העלדן, פּסיכאָלאָגיזירט נישט סתם אין דער וועלט אריין, נאָר הייבט ארויס מיט א וונדערלעכער פשטות און קלאָרקייט די העלדן גופא אין זייער סאמע טיפּישער האנדלונג און אין דער סאמע כאַראַקטעריסטישער פאר זיי סיטואַציע.

ס'איז גענוג צו נעמען אלס ביישפּיל אין דער הינזיכט די „אונטערהאנדלונ־גען" צווישן ר' עוזר גאַרבער און יעקל סטאָליאר (פון דער דערציילונג „א שטעטל"), כדי זיך צו איבערצייגן, ווי טיף און דורכדרינגלעך י. מ. ווייסענ־בערג האָט געקענט די אונטערדריקערישע וועלט און ווי מייסטעריש ער האָט זי געשילדערט.

נישט מער ווי אויף צוויי און א האלבער זייט שילדערט אונדז ווייסענבערג מיט אן אויסערגעוויינלעכן דיסקרעטן הומאָר א טיף רעאַליסטיש בילד פון צביעות און אויסנוצונג, אין וועלכן ער דעקט אויף ביז אין גרונט די געשטאַלט פון רב עוזרן מיט אירע אויסערלעכע פרומע תנועות און כשרע רייד און מיט איר אינער־לעכער פאלשקייט און כיטרעקייט. מיר פילן נישט אין דעם בילד קיין שום ספּע־ציעלע טענדענץ, קיין שום בכיוונדיקן אָנשטעל. עס איז נאַטירלעך און פשוט, ווי דאָס לעבן אליין, און דעריבער טאקע אַזוי אמתדיק און אַזוי איבערצייגנדיק.

רב עוזר טראַכט אויף זיין אופן און רעדט מיט זיין לשון. אלץ, וואָס ער זאָגט און וויאַזוי ער זאָגט, איז טיף כאראקטעריסטיש פאַר אים אליין, עפּנט אויף בלויז זיין פּערזענלעכן כאראקטער. און דאָך זעען מיר דורך אים אלע „רב עוזרס" פון יענער צייט, דאָס הייסט די „רב עוזרס" אין באשטימטע קאָנקרעטע באַדינ־גונגען פון א רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, ווען זייערע רויב־געגעלעך זענען פאַרבאַ־האלטן און זייער געגנגעלע איז א שטילס, א גנבהשס:

„מע זאָגט דאָך עפּעס, — ווענדט זיך רב עוזר צו יעקל סטאָליאַר, —
אַז דו האָסט די גאַנצע דעה... און ביסט נישט קיין נאַר אויך, זאָגט מען...
וואָלט איך געוואָלט מיט דיר איבערשמועסן, צי ס'איז גלייך אַזוי?... מילא
איך וויים, אפשר קומט עם מיר?..."

און אביסל ווייטער:

„איך בין אַזאַ גוגש, חלילה, אויפן אַרבעטער, וואָס מע גייט מיר אויס־זעצן די מינוס... געוואַלד געשריגן, זיי זענען דאָך נישט קיין דאָקטוירים, זיי זאָלן מיר קוקן אויפן זייגער... וואָרן וויאַזוי באַגיי איך זיך מיט אַן אַרבע־טער?... איך בין דאָך נישט קיין אַנדערער — מיין שיעור מוז איך אָפּלערנען אַלע אינדערפרי. דערנאָך גיי איך דאַווענען, האָב איך שוין אַוודאי נישט זיי אין זין... ווער קוקט זיך אום, צי אַרבעטן זיי, צי באַלעמוטשען זיי?... ווענעם

דאגה? איך מיין טאַקע אין דער אמתן, ווער קוקט זיי נאָך? נו, איך בעט דיך זייער, קאָן מען מיר אויסזעצן די שעה?...“

אָן שום ספק האָט צו דער גרויסער שילדערונגס־קראַפט פון י. מ. ווייסנבערג געמוזט צוקומען אויך זיין טיפע אינטימע קענטשאַפט פון דער דאָזיקער סביבה, כדי פון אונטער אַזעלכע פּרומע ריידעלעך אַרויסצובאַקומען אַזוי פיל צביעות, און כדי אין אַזעלכע עטלעכע קאַרגע שורות געבן אַזאַ פאַרגאַנצטע, אינדיווידואַ־ליזירטע און גלייכצייטיק פאַראַלגעמיינערטע געשטאַלט, וואָס עפנט אויף פאַר אונדז אַ קאָנקרעטן און טיפּיש בילד פון אַ באַשטימטן אויסנוצעריש שיכט אין אַ באַשטימטער צייט.

דאָס האָט אָבער אַ שייכות בעיקר צו די נעגאַטיווע געשטאַלטן פון דער אונ־טערדריקערישער וועלט און צו די אַרבעטער פון אַלטן שניט, צו די פּאַסיוו־ליידנ־דיקע. דעם ניי־אויפקומענדיקן אַרבעטנדיקן מענטש, דעם אַקטיוו־ווירקנדיקן און קעמפנדיקן זעט נאָך דערווייל ווייסענבערג און שילדערט געגוג איינזייטיק און סכעמאַטיש, ערטערווייז אַפילו שאַרזשירט. די רעוואָלוציאָנערן קומען ביי אים אַרויס — מענטשן אין „קאַפּעליושלעך מיט מאָדנע בלאַסע פּנימער און שטילע אויגן“, און די שטרייקערס — יונגען, וואָס דרייען זיך אַרום אין מאַרק מיט די הענט אין די הויזן־טאַשן און סודען זיך. די אָנפירער פון די אַרבעטער אין שטעטל קלייבן זיך נישט פאַנאַנדער אין די פּראָגראַמען און פּאַרטייען. די שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס, וועלכע ווערן דאָרט געמאַכט, זענען סטיכישע, אָפּגעריסענע פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג („און פלוצעם, פון דער העלער הויט, מע הייבט נאָך נישט אָן צו וויסן, ווערט אַ שטרייק ביי אייזיק פייגל־ליבעם — — —“), און די עקספּראָפּריאַציעס — לעבערלעכע (ביים שוחט דאָס לעבל ברויט און צען קאַרבן). יעקל סמאָליאַר און איטשעלע פון „שטעטל“ זענען נאָך נישט קיין אינדי־ווידועלע געשטאַלטן. זייער לשון איז אָפט אַ פּאַפּירנס, און זייער באַנעמען זיך — קאַריקאַטוראַרטיק. שוין אָפּגערעדט פון די „וואַרשעווער“, וועלכע קומען אַהיים אויף די ימים־טובים און ברענגען מיט זיך די נייסטע רעוואָלוציאָנערע לידער און דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון גרויסשטאָטישן אַרבעטער. זיי ווייזט ווייסענבערג בלויז פאַרבייגייענדיק אָדער, בעסער געזאָגט, דערמאָנט בלויז וועגן זיי.

ווי ווייט זענען די דאָזיקע אַלע געשטאַלטן פון דער פולקאָמענקייט, מיט וועל־כער ווייסענבערג שילדערט די אַלטע וועלט, ווי ווייט פון דער פּסיכאָלאָגישער פאַר־טיפטקייט און אויסשעפּלעכקייט, פון דער אויסדריקלעכער פּלאַסטישער קלאָרקייט און רעאַליסטישער בילדלעכקייט פון אַ ר' עוזר („דאָס שטעטל“), פון אַ שלמה מיט די בנים („אַ טאַטע מיט בנים“), אַ גאָטע און זעליג („דור הולך ודור באָ“), אַ מנחם און ר' מאָטל („צום איידעם אויף קעסט“), אַ דבורהלע („די משוגענע אין דאָרף“), אַ רבקהלע („אַ שלעכטע פרוי“) און פיל אַנדערע.

ווייסענבערגס אומפעיקייט צו געבן אַ פּאַרטיפּטע קינסטלערישע געשטאַלט פון אַ באַוווסטזיניקן אַרבעטער פון זיין צייט, צו דערזען און שילדערן די נאָמעס און מנחמס נישט בלויז אין זייער פּאַסיווער נאַכגיביקייט, נאָר אויך אין זייער בונט און פּראָטעסט, לויט דער רעאַלער און גויטוועגדיקער טענדענץ פון זייער אַנטוויקלונג, און לויט דעם, ווי זיי האָבן שוין ווירקלעך אָנגעהויבן אויסצווזען — די דאָזיקע אומפעיקייט ווייסענבערגס שטאַמט קודם־כל פון זיין נישט פאַרשטיין די פּראָצעסן, וועלכע זענען פאָרגעקומען צו יענער צייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ווייסענבערג איז פול מיט שנאה צו די אונטערדריקער און קאָן אויסגעצייכנט אַלע זייערע גענג; ער ווייסט די ליידן פון אונטערדריקטן אַרבעטנדיקן מענטשן און איז אינטים באַקאַנט מיט זיינע איבערלעבונגען, ער זעט שוין אַפילו קלאָר דעם קאַמף, וועלכער בינדט זיך פאַנאַנדער צווישן דעם אַרבעטער און זיינע אונטערדריקער, אָבער ער זעט נישט און באַנעמט נישט קלאָר די פּערספּעקטיוון פון אָט דעם קאַמף.

די דאָזיקע אידעישע באַגרענעצטקייט ווייסענבערגס איז די סיבה פון זיין קינסטלערישער באַגרענעצטקייט אויף דעם געביט, און זי שפּיגלט זיך אָפּ נישט בלויז אויף דער פאַראייגפאַכונג און סכעמאַטישקייט פון די אַרבעטער־געשטאַלטן, נאָר אויך אויף זייער קאַמף, וועלכער ביי זיין גאַנצער עקספּרעסיע און פּלאַסטישקייט אין זיין אויסערלעכער שילדערונג, איז אָפטמאָל נישט פאַרשטענדלעך פאַר די קעמפער גופא:

„ס'איז נישט פאַראַן, — זאָגט יעקל סטאָליאַר צו ר' עוזרן, — צי עס קומט יאָ, צי עס קומט נישט... אַזוי פירט זיך אין וואַרשע אויך, און אויף דער גאַנצער וועלט. אַז מע שטרייקט, שטרייקט מען...“

און נאָך דעם געשלעג פון די „אחדות“־לייט מיט די קצבים און באַלעגאָלעס זענען „פלוצלינג אין אַלע ווינקלעך אויף איין מאָל אַלע פּנימער שטיין געבליבן, ווי אָפּגעשמועסט זיך, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און געקוקט זיך אין די אויגן אַריין, ווי פרעגנדיק זיך: וואָס איז דאָ געוועזן...“

און ווען מע האָט איבערגעגעבן וועגן דעם געשלעג דעם פירער, יעקל סטאָליאַר, האָט „זיין בלאַסלעך געזיכט זיך צעשמייכלט, קוקנדיק אויף זיין יונג חייל: עס שאַדט נישט אַמאָל „טעראָר“ אויך... האָט ער גוטמוטיק מיטן קאָפּ צוגענייגט“.

אַזאַ אומקלאָרקייט אין באַנעמען די צילן פון קאַמף און אַזאַ גוטמוטיקע צוגענייגטקייט צו אומזיניקע געשלעגן, אָדער ווי יעקל סטאָליאַר רופט זיי — טעראָר — האָבן פולשטענדיק אַנטשפּרעכט די קליינבירגערלעכע פאַרשטעלונגען, אין וועלכע עס האָט נאָך געשטעקט דער יידישער באַלמעלאָכע און טיילווייז אויך דער אַרבעטער אין דעם קליינעם שטעטל פון יענער צייט.

דאָס נישט פאַרשטיין די ווירקלעכע רעוואָלוציאָנערע סיבות און כוחות, ווי אויך דאָס נישט קלאָרע באַנעמען דעם ענדגילטיקן ציל אין גייסט פון דער באמת

מאַרקסיסטישער רעוואָלוציאָנערער לערע האָט וויסענבערגן אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערפירט צו קליינבירגערלעך־רעאַקציאָנערע פּאָזיציעס און צו קינסטלערישער אויסגעשעפּטקייט. אָבער שוין אויף דעם ערשטן, שעפערישן־פּרוכטבאַרן און קינסטלעריש־שטייגנדיקן עטאַפּ פון זיין שאַפן האָט אזא באַנעמען פון די געשעע־נישן געמוזט דערפירן צו סטיכישקייט און נאַטוראַליסטישער שילדערונג פון פאָרמים, און אַלס גויטוועדיקער פּועל־יוצא דערפון — צו פערספּעקטיוולאָזיקייט, מיט וועלכער עס ענדיקט זיך סיי „דאָס שטעטל“, סיי די אַנדערע דערציילונגען וועגן אַרבעטער־לעבן.

# א. קאַגאַנאָווסקי — דער מייסטער פון דער יידישער נאָוועלע

דאָס בוך „שריפטן", וואָס איז דערשינען אין פּאַריז צום 40-יעריקן יובילײ פון אפרים קאַגאַנאָווסקיס שריפטשטעלערישער טעטיקייט, אנטהאַלט איבער 50 דערציילונגען, וועלכע זענען אָנגעשריבן געוואָרן ביז דעם יאָר 1939. און כאָטש די צאָל איז נישט מער ווי א קליינער טייל פון קאַגאַנאָווסקיס אַלע ליטעראַרישע אַרבעטן פאַר דעם פּעריאָד, איז דאָך מעגלעך זיך צו שאַפן אויף זייער סמך אַ מער-ווייניקער קלאָר בילד פון זיין גאַנצן שעפערישן מעטאָד, פון דעם כאַראַקטער פון זיין שאפן בכלל, אדאנק דעם גרויסן קינסטלערישן ווערט פון דער מערהייט פון זיי און דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זייער טעמע.

א. קאַגאַנאָווסקיס שאפן באַזיצט אַ גאַנצע רײ אייגנשאַפטן, וועלכע זענען אויס, אין פלוג גענומען, ווי קעגנזעצלעכע. זיינע שילדערונגען פון מענטשן און נעשעענישן זענען גלייכצייטיק אוממיטלבאַר-ספּאָנטאַן און באַזוניקנדיק-קלוג, פאַרטוילעד-אינטים און אַנאַליטיש — קאַלט. זיין וואָרט איז באַהויכט מיט אַ וואַרעמען סוביעקטיוון הויך, איז פול מיט האַרציקער שטימונג, טראָגט אין זיך די פאַרב פון זיין אייגן געמיט, אָבער גלייכצייטיק גייט אויף פון דעם די קילקייט פון גלייכגילטיקער אָביעקטיוויטעט, פון „אין רחמים בדין".

אָפט דוכט זיך: קאַגאַנאָווסקיס נאָענטקייט און פאַרבונדנקייט מיט דעם לעבן פון זיינע פאַרשוינען, זיין אינטים און וואַרעם געפיל פאַר זייערע גורלות און איבערלעבונגען, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דעם לירישן, טיילמאָל אפילו עלעגישן טאָן פון זיינע קורצע, נאָר ווי זאַנגען פולע שורות, גייט האַנט ביי האַנט מיט אַ מין קאַלטער אכזריות זיי אויפצודעקן ביזן סוף, צו ווייזן זיי דורך און דורך, גאַרנישט שוינענדיק אין זיי און גאָרנישט פאַרענטפערנדיק.

אָבער די דאָזיקע קעגנזעצלעכקייט ווערט אויפגעלעזט אין פּראָצעס פון קאַגאַנאָווסקיס קינסטלערישן שאַפן, געבנדיק אין רעזולטאַט דעם אייגנאַרטיקן קאַגאַנאָווסקי-סטיל פון שאַרפזיניקער דורכדרינגלעכקייט און קלוגן פאַרגעבן.

פאַרשידנאַרטיק איז אויך קאַגאַנאָווסקיס טעמע.

צוגלייך מיט מענטשלעכן עלנט, אָרעמקייט און נויט, וועלכע זענען כמעט שטענדיק ארומגענומען מיט א וואָרעם לירישן געפיל און שפּילן אומעט. צוגלייך מיט קליינטשיקע השגות, פוסטקייט און מענטשלעכן שטות, אויף וועלכע עס רוט שטענדיק קאַגאַנאָווסקיס קלוגער איראָנישער שמייכל, ברענגט קאַגאַנאָווסקי אַרויס אין א גאַנצער ריי נאָוועלן די טעמע פון ליבע אין אירע פאַרשידנסטע פאָרמען, סיי ווי א צאַרט געפיל, סיי ווי א קערפּערלעכע לײַדנשאַפט, ווי אויך די טעמע פון רויען פּרימיטיוון מענטש.

אין אייניקע שאַפונגען פון קאַגאַנאָווסקין נעמט די אויבערהאַנט דער מאָמענט פון אָביעקטיווער שילדערונג, פון לײַדנשאַפטלעכן דראַנג אויפצועפענען כאַראַקטערן און געשעענישן; אין אַנדערע ווידער — דער מאָמענט פון סוביעקטיווער באַציונג אין דער פאָרם פון איראָנישן שמייכל, אָבער פאַראַן זענען זיי ביידע אומעטום, שאַפנדיק צוזאַמען מיט דער בילדערישקייט פון וואָרט, פּינקטלעכקייט און בולטקייט פון דער טעמאַטישער צייכענונג, קורצקייט און טרעפלעכקייט פון אויסדרוק די מייסטערשאַפט פון קאַגאַנאָווסקיס נאָוועלע.

לייענענדיק קאַגאַנאָווסקין, קאָן זיך אָפטמאָל דוכטן, אַז אים אינטערעסירן נישט די סיבות און דער אורשפּרונג פון די דערשיינונגען, וועלכע ער שילדערט, אַז ער זוכט נישט צו וויסן פאַרוואָס דער אָדער יענער העלד געפינט זיך אין אַזאַ אָדער אַנדער צושטאַנד, פאַרוואָס די אָדער יענע געשעעניש האָט אַזאַ און נישט קיין אַנדערן פאַרלויף. עס דוכט זיך: ער זעט מענטשן און געשעענישן, ווי באַזונדערע אָפּגעריסענע דערשיינונגען, אויסער זייער סאָציאַלער סביבה, אויסער דער ווירקונג פון דער דאָזיקער סביבה אין דער פאַרגאַנגענהייט און, במילא, אויסער איר באַווירקונג אין דער ריכטונג פון זייער צוקונפט. פונדאַנען די טענות אָפטמאָל צו קאַגאַנאָווסקין, אַז ער באַרירט נישט אין זיין שאַפן קיין שום אקטועלע צייט-פּראָבלעמען, אַז ער איז וייניק אידעיש, ווייניק געזעלשאַפטלעך אדגל.

אָבער מיר שיינט, אַז אַזאַ קוק אויף קאַגאַנאָווסקיס שאַפן איז צו אויבערפלעכלעך. אמת, קאַגאַנאָווסקי שטעלט נישט אוועק קיין שום פּראָבלעמען באַזונדער. נאָך מער, ער גיט אַפילו נישט אריין קיין שום פּראָבלעמען אין אַזא אָדער אַנדער פאָרם אין מויל פון זיינע העלדן. און דאָך זענען זיי ביי אים פאַראַן. פאַראַן אין דער ריכטיקסטער קינסטלערישער פאָרם. אין דער פאַרקערפּערונג פון זיינע העלדן גופא און פון זייערע גורלות, אין דעם בילדלעכן אויסדרוק פון זייערע איבערלעבונגען, וועלט-באַנעם און געמיט-צושטאַנד.

לאָמיר נעמען אלס ביישפּיל בלויז אייניקע נאָוועלן.

אַזאַ מענטשלעך-רירנדיקע דערציילונג, ווי „זאַכן", וועלכע איז, דרך-אגב, אויך טיף סאָציאַל און שפּיגלט אָפּ דאָס לעבן פון א דינסט אין א גבירישן הויז — צי חייבט די דאָזיקע דערציילונג נישט אַרויס מיט געפּרעסטקייט און בילדלעכקייט פון עכטער מייסטערשאַפט אייגעם פון די הויפּט-שטריכן פון דער בורזשואזער

אָרדענונג — דעם פּעסימיזם פון טויטע קעגנשטאַנדן, דערביי אין אזא איבער־ציינעוודיקער באַגלויביקער פאָרם, ווי דורך א טיפער מענטשלעכער איבערלעבונג. די טראַגיק פון דער דאָזיקער קורצער לעבנס־געשיכטע פון א מענטש, וואָס זיין גאַנצער געדאַנק האָט זיך ענדגילטיק פאַרוואַנדלט אין א האָפנונגסלאָזן געיעג נאָך טויטע זאכן, איז די טראַגיק פון דער בורזשואזער אָרדענונג, אין וועלכער דער טויטער קעגנשטאַנד הערשט איבער דעם מענטש, באַשטימט זיינע האַנדלונגען, באַצווינגט זיין געדאַנק. די דערציילונג גיט א לעבעדיק בילד פון דער דאָזיקער אָרדענונג, א בילד, וואָס איז גלייכצייטיק א שאַרפע און איבערציינעוודיקע קריטיק.

אָדער אזא דערציילונג, ווי „לייבעלע", מיט איר קלוגן, עכט פּרעציאַנישן הו־מאָר, א פילפאַכיק פּאַרטיפטן דורך די קורץ־געצייכנטע, נאָר לעבעדיקע, קערנדיקע געשטאַלטן, מיט איר איידעלן דיסקרעטן אומעט און אויסדריקלעכער סאָציאַלער פּאַרשאַרפטקייט — צי איז די דאָזיקע דערציילונג נישט קיין אויסגעצייכנט אדעקוואַט בילד פון דער דעמלטיקערווירקלעכקייט, צי איז זי נישט קיין לעבעדיק־פּאַרקערפּערטע קאָנקרעטע פּראָבלעם פון די סאָציאַלע צווישנבאַציונגען אין יענער צייט? און דער עיקר — צי האָט דער שרייבער קאַגאַנאָווסקי נישט אויסגעדריקט אין איר מיט עכט קינסטלערישע מיטלען פון א גייסטרייכער און הומאָרפולער שילדערונג אויף ווערעכט זייט איז דער אָביעקטיווער אמת?

דאָסגלייכן אַזאַ נאָוועלע, ווי „עדזשע", וועגן א פּראָווינצער מיידל, וואָס איז אָנגעקומען קיין ווארשע אין א „מיליאָנעריש" הויז, כדי „צו ווערן א מענטש" — מיט וואָס פאַר א פּלאַסטישער קראַפט איז דאָ דעמאַסקירט די צביעותדיקע מאכט פון די באַלעבאַטישע מאַדאַמען, דער גראָבהויטיקער עגאָיזם פון זייער גאַנצן לעבנס־שטייגער.

אין דער זעלבער צייט ברענגט אַרויס קאַגאַנאָווסקי אין א גאַנצער ריי פון זיינע שאַפונגען, ווי „דער בלינדער פוליע", מאַניעק און פּעסעלע", „אָרעמע מענטשן" און פיל אַנדערע, דאָס טרויעריקע און שווערע לעבן פון אַרבעטנדיקן אין יענער צייט, דעם עלנט און די איינזאַמקייט פון אָרעמען מענטשן אין דער אָר־דענונג, אין וועלכער דער איינציקער גאָט איז דאָס גאָלדענע קאַלב און די איינצי־קע רעכט — די רעכט פון שטאַרקן.

אין דעם טייל פון זיין טעמאַטיק דערשיינט פאַר אונדז קאַגאַנאָווסקי ווי א קריטישער רעאַליסט, וואָס באַנעמט דאָס לעבן אַרום נישט דורך אַבסטראַקטע פאָרמען און פאַראַלגעמיינערטע פּראָבלעמען, נאָר דורך קאָנקרעטע סינטעטישע בילדער, דורך לעבעדיקע געשטאַלטן און רעאַלע געשעענישן. קאַגאַנאָווסקיס נאָ־וועלן פון דעם אינהאַלט האָבן דעריבער א גרויסע דערקענטעניש־ווערט, טאָען זיי בלוט און פלייש די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון יענער צייט, העלפן צו דער־קענען די מאָראַל, דעם וועלט־באַנעם און די ווירקלעכע האַנדלונגען פון די אונ־

טערדריקערישע קלאַסן, רעמאַסקירן אויף אַן איבערצייגעוודיקן אופן זייער צביעות און פאַרדאָרבנקייט.

אָבער באַגעמענדיק די וועלט פון אונטערדריקונג און שקר און קינסטלעריש באַהערשנדיק זי, האָט קאַגאַנאָווסקי דעמלט נאָך נישט דערזען קלאָר דעם וועג, אויף וועלכן אַ גרויסער טייל פון דער סביבה פון זיינע העלדן האָט שוין אין יענער צייט באַטראָטן, דעם וועג פון צוריק אָפּנעמען דעם ווערט און די מאַכט פון די טויטע „זאַכן“ און זיי אומקערן דעם מענטשן, דעם וועג פון סאָציאַלער און פּאָליטישער באַפרייונג. קאַגאַנאָווסקי, ווי אייניקע פאַר אים, מיינט דעריבער צו געפינען אַנטרינונג פון דער קלעם פון קליינבירגערלעכער פּוסטקייט און ווירדעלאָזיקייט, וועלכע רינגלען אים אַרום, אין דער פאַרהערלעכונג פון מענטשלעכע ליידנשאַפטן, פון דער רויער מענטשלעכער נאַטור, אין דעם צוריקשטעלן די רעכט פון מענטשלעכן פאַרפּייניקטן לייב. ער הייבט אַרויס די טעמע פון ליבע אין איר פאַרביקסטער פילגעשטאַלטיקייט, פון די צאַרטסטע שילדערונגען פון דעם געפיל פון אַ נאָר וואָס אויפוואַכנדיק האַרץ ביז די כאַמע נאַטוראַליסטישע בילדער פון עראָטישע ליידנשאַפטן. ער זוכט גאַנצע רויע נאַטורן, פרייע פון יעדער צביעותדיקער קאָנווענציאָנעלקייט, דורשטיקע נאָך ערדישע פאַרגעניגנס, נאָך זינדיקע נאַטורן, וועלכע זאָגן זיך אַרויס פריי אין זייערע געדאַנקען און געפילן, אין קעגנזאַץ צו די „איידעלע“ פאַרשוינען פון דער בירגערלעכער וועלט, וועלכע באַהאַלטן אויס אונטער זייער איידעלן לשון די זינדיקסטע מחשבות און נידעריקסטע געפילן און ער געפינט זיי אין דער ייִדישער סביבה אין דער אַזוי גערופענער אונטערוועלט, אין „סטאַווקע־געסל“.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָ האָבן אויך מיטגעווירקט אַנדערע סיבות פון אינדיווידועלן כאַראַקטער:

קאַגאַנאָווסקיס פעדער, וועלכע האָט פון דער ערשטער מינוט אַזוי אויסגעמיטן די ריין ייִדישלעכע טעמע מיט איר מרה־שחורהדיקן שווערמוט און צעשראָקענעם עול, מיט אירע איינטאָניקע, בלאַסע און קרענקלעכע קאָלירן, האָט דאָ געפונען, אין דער דאָזיקער נייער סביבה, אַ זאַפטיקן מאַטעריאַל מיט פולבלוטיקע פאַרבן, וועלכן ער איז בכוח געווען איבערצופאָרמירן אין פרישע קערנדיקע בילדער, וווּ יעדער דעטאַל איז בולט און שפּריצט מיט געזונט, ווי אַן אָנגעצויגענער מוסקול.

צום לויב פון קאַגאַנאָווסקין דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז אויך די דאָזיקע טעמע פון רויע מענטשלעכע ליידנשאַפטן און רויע מענטשלעכע נאַטורן איז אַרומגענומען ביי אים מיט אַן אַטמאָספער פון שעפערישער קלונגשאַפט און קינסטלערישער געלייטערטקייט, וועלכע דערהייבט זי און מאַכט אין איר אויפגיין זייער אָפט אַ קלאָר מענטשלעך ליכט, ווי דאָס איז דער פאַל אין די דערציילונגען „יונגע ליידן“, „די מומע האָרעס“ און אין „סטאַווקע געסל“ — „נאָדל בע־

ער", „מײלעכל קישקע", „חברים", „די מומע הרײזל" און פיל אַנדערע.

אונטער דער מנושמדיקער הויט פון די דאָזיקע פאַרשװינען, אַרויסגעשטויסענע פון יעדער לײטישער געזעלשאַפט, דערזעט קאַגאַנאָװסקי שײנע נשמות, װאָס פילן מיט יעדן באַעװלהטן, און ערלעכע הערצער פון װאַכן געװיסן, הערצער, װאָס פאַרמאָגן דאָס געפיל פון מענטשלעכער װירדע.

אינטערעסאַנט און באַלערנדיק איז די שפּראַך פון קאַגאַנאָװסקיס פּראָזע.

מיר האָבן גרויסע שרײבער, בײ װעלכע די שפּראַך איז װי אַ לעבעדיקער שפּרודלדיקער קװאַל, און מיר פילן די דאָזיקע שפע פון לשון. מיר האָבן אויך גרויסע שרײבער, בײ װעלכע דאָס װאָרט טריפט קאַרג און אײנגעהאַלטן, לײטערנדיק זיך דורך גרויסע געדאַנקלעכע שפּאַנונגען — און מיר פילן די דאָזיקע קאַרגשאַפט פון װאָרט און זײַן געדאַנקלעכע אָנלאָדונג.

קאַגאַנאָװסקי איז קאַרג אין װערטער. אין געצײלטע זאַצן גיט ער אונדז גאַנצע שטיקער פון אַ לעבן, אין עטלעכע זײטלעך — דעם גורל פון אַ מענטש, און אונדז דאַכט זיך, אַז מיר האָבן איבערגעלײענט אַ גרויס װערק מיט אַ רײכער און פאַרשװענדערישער שפּראַך.

פוואַנען קומט דאָס דאָזיקע געפיל?

עס קומט פון דער קערנדיקער שילדערונג, װעלכע איז אויסערגעװײנלעך כאַראַקטעריסטיש און טיפּיש פאַר דער געגעבענער סיטואַציע, פאַר דער אַנטשפּרעכנדיקער געשטאַלט, עס קומט פון דער אומגעריכטער, אָדער שטענדיק טרעפלעכער בילדלעכקייט, װעלכע װאַרפט אַ פּלוצעמדיקע העלע שײַן אויף אַ גאַנצ פּלאָנטער פון געפילן און געדאַנקען, אײַנשפּאָרנדיק איבעריקע באַשרײַבונגען, און עס קומט אויך דערפון, װאָס די אוממיטלבאַרע אינטימיטעט און שאַרפזיניקע דורכדרינגלעכקייט, מיט װעלכע עס איז דורכגענומען קאַגאַנאָװסקיס שאַפן, פּונקט װי זײַן מילדער, קלוגער הומאָר און לירישע איראָניע דערשײַנען נישט פאַר אונדז יעדערער באַזונדער, נאָר זענען אײַנגעגלידערט צוזאַמען אין דעם זעלבן אויסדרוק, בילדנדיק דורך דעם די קורצקייט, אָנגעלאָדנקייט און שלאָגפערטיקייט פון קאַגאַנאָװסקיס קינסטלערישן װאָרט.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט װעקן קאַגאַנאָװסקיס שאַפונגען פון גאָר לעצטן פּעריאָד: די זכרונות װעגן שרײבער, די גרויסע אויטאָביאָגראַפישע דערצײלונג „די טונקעלע דירה", אַ גאַנצע רײ נאָװעלן-דערינערונגען װעגן דער לעצטער מלחמה, װעגן ראַטנפאַרבאַנד און אַנדערע. אין די דאָזיקע שאַפונגען קומען אויף אַלע אײגנשאַפטן פון קאַגאַנאָװסקיס װאָרט, װעלכע האָבן אַזוי געפאַנגען דאָס האַרץ פון ײדישן לײענער, װי אין אַ נײער אויסגעלײטערטער שײַן, װאָס קומט פון גרויסע און שװערע דערפאַרונגען. עס האָט זיך אָפּגעטאָן פון זײ די פאַרנעפּלונג, װעלכע האָט פיל געשטאַלטן און געשעענישן פון קאַגאַנאָװסקין אַרומגענומען מיט אַ פאַרבאָרגענעם אומעט פון אומבאַשטימטקייט און געלאָשן

די ווייטקייטן, איבערלאָזנדיק בלויז אַ באַגרענעצטן ליכטיקן קרייז אַרום דעם גע־שילדערטן. אין קאַנאַנאָוסקיס ווערק איז אויפגעגאַנגען אַ טיפערע לעבנס־דער־קענטעניש. זי האָט נישט געענדערט דעם קלימאַט, וועלכער איז אַזוי אייגנטימלעך פאַר זיין שאַפן אין אַלגעמיין און פאַר פיל פון זיינע דערציילונגען באַזונדערס, דעם קלימאַט פון מילדער איראָניע און שטילן טרויער פאַרן מענטשלעכן גורל; זי האָט אויך נישט אַוועקגענומען דעם חן פון זיין טרעפלעכער אַנטפּלעקערישער בילדלעכקייט, נישט אָפּגעשוואַכט די קראַפט פון זיינע שילדערונגען, וועלכע הייבן אַרויס אין קורצע געפּרעסטע בילדער די קאָמפּליצירטסטע צושטאַנדן און שטי־מונגען. פאַרקערט, זי האָט זיי געמאַכט נאָך בולטער, קלאָרער און ווייטגרייכנ־דיקער. קאַנאַנאָוסקיס בילד, וואָס עפנט אויף אַזוי נאַטירלעך און גלייכצייטיק אומגעריכט דעם כאַראַקטער פון אַ העלד, דעם תוך פון אַ געשעעניש, האָט איצט נאָך צוגעקומען אַ ווייטע פּערספּעקטיוו, אַ טיפן סימבאָלישן זין, וועלכער דעקט אויף די פרייד און דעם אמת פון לעבן.

פון די טיפסטע אָפּגרונטן, פון בילדער, וואָס זענען פול מיט שוידער און שרעק, געפינט איצט קאַנאַנאָוסקי דעם וועג צום לעבעדיקן מענטש און צום גרויסן פריידיקן אמת, וואָס ער טראָגט אין זיך. און מיט וואָס פאַר אַן אוממיטלבאַרער, בילדערישער און גלייכצייטיק קלוגער קראַפט קאַנאַנאָוסקי דריקט איצט אויס די דאָזיקע פרייד און דעם דאָזיקן אמת!

„עס איז שוין געווען שפּעטע נאַכט, ווען איך האָב פאַרלאָזט דאָס רויטע הויז. עס האָט געשימערט דאָס ליכט פון די שטערן, גרויסע און נאָענטע, ווי נאָר וואָס באַשאַפענע — — — — —

איך בין געווען אויפגעברויזט און געזעטיקט מיט עפּעס, וואָס האָט דרייסטער געמאַכט מיין טראָט אויף דער ווייטער ערד, מיט עפּעס אַ נייער זיכערקייט פון אַ שותפות צו אַ גרויסער לעבעדיקער וועלט“.

אַזאַ איז דער סוף פון איין נאָוועלע, א. נ. „דאָס רויטע הויז“, וועגן אַ באַ־זוך פון אַ יידישן שרייבער אין אַ סאָוויעטישן מיליטערישן שפּיטאָל פון שווער־פאַרוווּנדעטע, אַ שפּיטאָל, אין וועלכן דער שרייבער טרעפט זיך אָן גלייך ביי זיין אַריינקומען אויף אַ צימער פול מיט טויטע.

און אָט איז דער סוף פון אַ צווייטער נאָוועלע „1939“, אין וועלכער עס ווערן געשילדערט די גרויל־איבערלעבונגען פון אַן עדה יידן אין אַ יום־כיפּורדיקע נאַכט, ריכטנדיק זיך אויף דעם אַריינקום פון די היטלער־באַנדעס:

„נעבן דער טיר איז געשטאַנען אַ הויכער מענטש, אָנגעפּעלצט און באַהאַנגען מיט רימענס. אַ ריח פון קראַפט און זיכערקייט האָט אַ קלאַפּ גע־טאָן פון אים, צוזאַמען מיט דעם ריח פון נאַכטיקער קעלט. זיין פּנים איז געווען טונקל און פאַרשטויבט. אָבער איך האָב דערכאַפּט דעם ברייטן שמייכל און דערהערט זיין וואַרעמע און טונקעלע שטים.

ער האָט געערדט רוסיש און דער עול פון טויט האָט זיך מיטאמאָל אָפּגעטאָן פון מיר".

ווי איבערצייגעוודיק זענען די דאָזיקע פשוטע ווערטער נאָך אַ שילדערונג, וועלכע דעקט אויף אין געצייכנטע זייטלעך מיט אַ זעלטענער קונסטלערישער גע־פרעסטקייט דעם תהום פון עלנט און הילפלאָזיקייט נישט בלויז פון אַ באַשטימ־טער ערדה יידן, נאָר פון אַ גאַנץ פאָלק:

„איבער די דאָזיקע וועלדער איז געלעגן אויסגעשפּרייט דער אומעט. די ווייסלעכע געקניפּטע וועגן האָבן זיך געפלאָכטן און געדרייט אין דער בלויער ווייט און יעדער וועג איז געווען אָנגעפילט מיט דראָענדיקער אימה.

עס האָט געטונקלט פון מינוט צו מינוט. די עטלעכע שווארצע הייזלעך זענען געשטאַנען, ווי פאַרוואָרפענע נעסטן — — — און נאָר דאָס קליינע הויז פון דער שול אונטערן שווארצלעכן שפּיציקן דאַך האָט זיך אויסגע־שניטן, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע שיף אויפן ים, זיך געוויגט אינעם גאָלדיק נעפּל פון די הענגנדיקע ליכט".

נאָך אַזאַ דראָענדיקער אימה, וואָס לויערט פון אַלע וועגן, — ווי טיף סימ־באָליש זענען די דאָזיקע פשוטע ווערטער: „ער האָט געערדט רוסיש, און דער עול פון טויט האָט זיך מיטאמאָל אָפּגעטאָן פון מיר".

די באַצווינגענדיקע קראַפט פון קאַגאַנאָווסקיס וואָרט אין די דאָזיקע קורצע נאָוועלן ליגט שוין נישט בלויז אין זייער קאָנדענסירטער בילדערישער שילדע־רונג, נאָר אויך אין זייער צילגעווענדטער ריכטונג, אין זייער נייער דערקענ־טעניש.

מיט עכטן הומאַניזם זענען שטענדיק געווען דורכגעדרונגען ס'רוב פון קאַ־גאַנאָווסקיס שאַפונגען, אָבער מערסטנטייל איז ער נאָך אויפגעקומען אין אַ פאַ־סיווער פאָרם. איצט טרעט ער אויף אַקטיוו, ווי אַ באַוווסטזיניקער אַקט פון לעבנס־באַשטעטיקונג. קאַגאַנאָווסקיס שאַפונגען זענען אויך קיינמאָל נישט געווען ענלעך צו אַ קינסטלעריש־צוגעקליבענעם בוקעט, נאָר שטענדיק ארויס־געוואַקסן פון אַ זאַפטיקן און לעבעדיקן שטאָם, נאַטירלעך און סמיכיש. אָבער דורכרייסנדיק זיך דורך די נעפּלען און שאָטנס, וועלכע האָבן אָפט פאַרשטעלט די עכטע שיין פון לעבן און זיין נויטווענדיקן גאַנג פאָרויס, ציען זיי זיך איצט קאָנסעקווענט צום אמתן ליכט.

עס איז די רייפקייט, וועלכע זעמיקט שוין נישט אָן בלויז דאָס האַרץ, נאָר אויך דעם געדאַנק. אַ מענלעכע רייפקייט, וועלכע האָט זיך אויסגעשטאַנען אין שטורעמדיקע טעג, ווי די קרוינונג פון יענעם „טורים־וועג", אויף וועלכן עס האָבן אים נאָך פון זיינע ערשטע יוגנטלעכע טריט געטערעוועט י. ל. פּרץ, משע־באַוו און גאָרקי.

דאָס איז אַ שווערער, נאָר איידעלער וועג, וואָרעם די דיכטונג פון די, וואָס באַטרעטן אים, ווערט

„נישט געשריבן, און נישט אויפן מאַרק אַרויסגעטראָגן און פאַרקויפט, נאָר *געלעבט*", און אירע „אידעען געפּרעדיקט, נישט ווי פאַרטריקנטע בלומען, צווישן בלעטער אַריינגעלייגט" — און דער נאָמען פון איר לעזער איז: פאָלק,

# אלטער קאַציזנע

## (קורצע כאַראַקטעריסטיק)

ער פלעגט שנעל ווי א קינד ענדערן זיין שטימונג פון אוממיטלבאַרער און אויפריכטיקער פרייד אויף בייזער מיזאנטראָפישער איינגעשלאָסנקייט און זיך אין ערשטן פאל איז ער מייסטנס געווען לייכט=איינפאלעריש, געדאַנקען=רייך, חיציק און אָריגינעל, אין צווייטן — שווער=טראַכטנדיק און נישט באַרעכטיט פרעטענסיאָנעל. אָפטמאָל האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער זאָל זיך נאָר וואָס אויפכאַפּן פון שלאָף און עס קומט אים אָן שווער זיך איינצוגלידערן אין דער וואָר. ער האָט דאַן אויסגעזען אָנגעבלאָזן און פרעמד און איז געווען פול מיט טענות. קוים אָבער האָט ער זיך איינגעגלידערט, איז ער ווידער געוואָרן שטיפעריש=מילד, פיל=פאַרשטייענדיק און פיל=פאַרצייענדיק.

ער איז געווען אינטעליגענט, באַלעזן און פעיק, נאָר זיין קינסטלערישע צעשויבערטקייט האָט אים געשטערט צו דערגרונטעווען א וועלכן ס'איז געדאַנק ביזן סוף. ער איז שטענדיק געווען אַרומגענומען פון א טיפן אומרו, כסדר געזוכט נייע פאָרמען און נייע אינהאַלטן, אָן אויפהער בלאָנדזשענדיק אויף דעם וועג פון קאָמפּליצירטע געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע קלאַסן=קעגנזאַצן און קינסטלערישע מיינונגס=פאַרשידנהייטן.

ער האָט געשטרעבט אויסצוגעפינען אזא קינסטלעריש וואָרט, וואָס זאָל פאָרמעל און אינהאַלטלעך שאַפן א מין סינטעז פון גאַנצן יידישן לעבן, וואָס זאָל זיין אויסער= און איבער=פּאַרטייאיש, אויסער= און איבער=קלאַסן, און ער האָט זיך, פאַרשטענדלעך, נאָך מער פאַרפּלאָנטערט, אַריינפאַלנדיק אין נאָך גרעסערע און טיפערע אינערלעכע און אויסערלעכע קעגנזאַצן.

די בורזשואַזע ווירקלעכקייט אין איר צאַריש=זעלבסטהערשערישער און דערנאָך סאַנאַטאָריש=פּוילישער געשטאַלט איז אים געווען טיף דערווידער, און ער האָט זיך אומאויפהערלעך געבונטעוועט קעגן אירע דערנידערנדיקע פּאָליטיש=געזעלשאַפטלעכע פאָרמען און אומיושרדיקער עקאָנאָמישער אָרדענונג. די דאָזיקע

בונטאַרישקייט זיינע איז נישט געווען קיין קלייבבירגערלעכע אין איר אַנטשטיין,
האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך דאָס פאַלש⸗פּאַטעטישע, דאָס אַנטלויפן פון איי⸗
גענעם געוויסן, איז נישט אויפגעקומען פון דער אייגענער פּחדנות צוצושטיין צו
א וועלכן ס'איז באַשטימטן צד, אָדער, וואָס איז איינס און דאָס זעלבע, פון דעם
ווילן אויסצומיידן יעדן צד. זי איז געווען אין איר אָנהייב אַן עכט⸗איבערגעלעבטע
אין רעזולטאַט פון דעם טיפן אויסערלעכן און אינערלעכן קעגנזאַץ צווישן זיי⸗
אַפּשטאַם און די געזעלשאַפטלעכע קרייזן, אונטער וועמענס השפּעות ער איז
אַרונטערגעפאַלן שוין פון זיינע פריסטע יינגלשע יאָרן.

ער האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמע אַרבעטער⸗משפּחה, פון א זיידן — א
שמיד, א טאַטן — א מוליער און א מוטער — א שניידערין. ער אַליין האָט אויך
פון זיין פערצנטן לעבנס⸗יאָר געלעבט פון זיין אייגענער מי, אַרבעטנדיק אלס פּאָ⸗
טאָגראַף. אָבער די אומנאָרמאַלע דערציונג און קנאַפּע סיסטעמאַטישע בילדונג,
וועלכע ער האָט באַקומען אין זיין קינדהייט, לערנענדיק זיך א קורצע צייט ביי
מלמדים און דערנאָך אין א רוסישער אָנפאַנגס⸗שול, זיין כאַאָטישע אָנגעלייענט⸗
קייט, און דער עיקר, די בירגערלעך⸗רוסיפיצירטע סביבה, אין וועלכער ער איז
אַריינגעפאַלן פון זיין פריער יוגנט, האָבן געהאַט א שטאַרקע דעצידירנדיקע ווירּ⸗
קונג אויף זיין גאַנצן וועלט⸗באַנעם.

זיין טיף אומרואיקע און אייגנדרוקספולע נאַטור האָט זיך געפינען אומאויפ⸗
הערלעך אונטער דעם דרוק פון פאַרשידענע קעגנזעצלעכע השפּעות. די בילדער
און געוווינהייטן פון זיין קינדהייט האָבן אים געטריבן זיך צו באַהעפטן וואָס
שטאַרקער און טיפער מיטן פּשוטן פאָלק, מיט זיינע ליידן און שווערע איבער⸗
לעבונגען, ווי אויך מיט זיינע חלומות און גלויבן אין א בעסערער פרייערער צו⸗
קונפט, דאַקעגן האָבן די באַווירקונגען פון די קלייבבירגערלעכע, האַלב⸗אינטעלי⸗
גענטישע קרייזן, אין וועלכער ער האָט זיך דאַן געפונען, נישט געקוקט אויף אַלע
זייערע אידילישע רייד וועגן פאָלק, אים פאַקטיש געשטויסן צו אָפּגעפרעמדקייט
פון שוין אויפוואַכנדיקן אַרבעטנדיקן מענטשן און פון זיינע אידעאַלן.

די דאָזיקע קרייזן, זייענדיק, פון איין זייט, אומאויפהערלעך געשלאָגן און
דערנידעריקט פון דער רויבעריש⸗אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע, און, פון דער
צווייטער זייט, דורכגעדרונגען מיט א בלינדער און טעמפּער שרעק פאַר דעם נייעם
אָנוואַקסנדיקן כוח פון פּראָלעטאַריאַט, האָבן פאַר און, באַזונדערס, נאָך דעם
פינפטן יאָר געהאַלטן אין איין פּראָדוצירן אַבסטראַקטן בייראָנישן וועלט⸗שמערץ,
פאַרנעפּלטע געזעלשאַפטלעכע טעאָריעס און מיסטישע וועלט⸗אויפפאַסונגען, וועל⸗
כע זענען געווען קאָסמאָפּאָליטישע לויט זייער פאָרם און נאַציאָנאַליסטיש לויט
זייער אינהאַלט. דאָס זענען די זעלבע קרייזן, וועלכע האָבן שפּעטער א ביסל,
אין אָנבליק פון דער גראַנדיעזער פאַרקערפּערונג פון דעם דאָזיקן אָנוואַקסנדיקן
אַרבעטער⸗כוח אין דער אָקטאָבער⸗רעוואָלוציע, געבראַכט צום אויסדרוק די גאַנצע

צעטומלטקייט און פארלוירנקייט פון זייער שיכט, סובלימירנדיק די דאָזיקע צעטומלטקייט און פארלוירנקייט ווי עפּעס נייע דערקענטעניש=ווערטן. די טראַגיק פון די סוביעקטיוו=בעסערע און סוביעקטיוו=אמתדיקערע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער באַווירקונג פון דער דאָזיקער סביבה, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס, רייסנדיק זיך אַבסטראַקט צו גרויסע אלגעמיינע טאַטן און יאָגנדיק זיך נאָך עפּעס אַן אויסערצייטיקן און אויסעראָרטיקן אמת, זענען זיי קאָנקרעט געבליבן שטעקן אין קליינלעכע ענגהאַרציקע סביבות, דורכגעפרעסענע פון אייגננוציקן עגאָיזם און קליינבירגערלעכער וואקלעניש און פחדנות.

אַלטער קאַציזנע האָט בלי ספק געהערט צו אָט די סוביעקטיוו=בעסערע און סוביעקטיוו=אמתדיקערע. ער האָט אין זיין קינדהייט געזען דאָס לעבן פון אַרבעטנדיקע מענטשן, געזען די קלאַסן=אונטערדריקונג און אויף זיינע אייגענע פּלייצעס געפילט איר אומרחמנותדיקע פּראַקטיק. נאָר דער פרעמדער אָנוווקס אין זיין וועלט=באַנעם פון פאָלקיסטיש=אוטאָפּיסטישע און נאַציאָנאַליסטישע אידעען האָט אים געשטערט פּשוט און קלאָר צו פאַרטייטשן דאָס דאָזיקע לעבן אויף דער קאָנקרעטער קינסטלערישער שפּראַך, שאַפנדיק דעם טראַגישן קעגנזאַץ צווישן זיינע פאַרנעפּלטע נישט דעצידירטע און נישט קאָנסעקווענטע, דאָך סוביעקטיוו=פּראָגרעסיווע און טיילמאָל אפילו רעוואָלוציאָנערע איינשטעלונגען און צווישן זייער, אָביעקטיוו גענומען, אויסגעשפּראָכן אָפּגעשטאַנענעם אויסדרוק, סיי פאָרמעלער, סיי אינהאַלטלעכער.

דער דאָזיקער „ריס אין דער נשמה“, וועלכער איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער פאַראָרעמטער קליינבירגערלעכער האַלב=אינטעליגענץ פון יענער צייט, האָט געפונען זיין בולטן אויסדרוק אין די שאַפונגען פון אַלטער קאַציזנען, סיי אויסערלעך, סיי אינערלעך. אויסערלעך — דורך אַ פאַרנעפּלטער שפּראַך און מיסטישער בילדלעכקייט. אינערלעך — דורך אַן אויפריכטיקן ווידערווילן און בונט קעגן אַלטן און אָפּשטאַרבנדיקן און גלייכצייטיק אָפענער שרעק פאַר דעם נייעם, צוליב וואָס דער קאָנקרעטער באַפרייונגס=קאַמף פון אונטערדריקטן פאָלקס=מענטש פאַרוואַנדלט זיך אָפט אין זיין קינסטלערישער אָנקליידונג אין אַן אַבסטראַקטער און פאַרנעפּלטער אידעע פון אויסלייזונג סתם, און דער סאָציאַלער אַנטאַגאָניזם צווישן דעם אַרבעטנדיקן מענטשן און זיינע באַדריקער — אין אַ נאַציאָנאַלן אָפטמאָל אַנטאַגאָניזם צווישן איין פאָלק און צווייטן.

די דאָזיקע מאָמענטן קומען בולט צום אויסדרוק שוין אין דעם ערשטן גרעסערן ווערק פון קאַציזנען, אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע „דער גייסט דער מלך“, געשריבן מער ווייניקער אין דער צייט פון דער גרויסער אָקטאָבער=רעוואָלוציע. אין די פּאָעמע, ביי אַלע אירע פאָרמעלע און שפּראַכלעכע דערגרייכונגען, אַ געמיש פון פאַרנעפּלטע רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און פון אַ בלינדן געפיל פון שרעק פאַר דעם נייעם, וואָס קומט אָן. אויף די אומזיכערע רייד פון אייניקל:

„אַ זיידע, קרוין, ווי קען איך שטילן?
ווי קאָן מיין האַרץ די שטילקייט לויבן,
ווען שטומע וועכטער ריגלען שטרענג
די ליפּן פון דער וועלט?
מיין האַרץ אַ שטים צו הערן בענקט!
דער קלאַנג פון טאָג מיר פעלט!
ווי גרויס איז, זיידעניו, די שטראָף,
פאַר דעם, וואָס וועקט אַ וועלט פון שלאָף?
איך וויל זי וועקן!" —

ענטפערט אָפּ דער זיידע אָנטשלאָסן:

„זאָלסט נישט דערוועגן!
וואָס טוסטו, קינד! דערבאַרעם דיך
אויף יוגנט דיין און זיידנס עלטער!
אַ גרויסע זינד, אַ גרויס געפאַר
פון נאַכט די רו צו שטערן,
מען קאָן אונדז קנסענען דערפאַר,
ווען עמעץ זאָל דערהערן!"

(פון דעם פראַגמענט ב — אַ לבנת־שפּיגל)

און אין דעם פראַגמענט ג — „בשעת הבהלה" — שילדערט קאַציזנע אויך אַזאַ אופן יענע שטורעמדיקע צייט, וועלכע איז געווען אַזוי אָנגעלאָדן מיט גרויסער מענטשלעכער געוואַגטקייט און דרייסטע פרייהייטס־קאַמפן:

„איבער בערג און איבער פעלדן
קנוילן שווערע וואָלקן;
בלאָע און גראָע מענגער
יאָגן אַ געיעג;
טולע אייטער טראָגן זי
טבול, נישט געמאָלקן;
פייערדיקע סטענגעס
קנוילן זיי אין וועג;
שטורעם־רייטער יאָגן זיי
מיט ברומען און געהוילן...
אונטן ליגט דער טאָל
אין געפּל־שייד פאַרהוילן".

דערביי זאָגט איינער פֿון די געשטאַלטן אין דעם דאָזיקן פֿראַגמענט:

„אָ, זיין חסד מוט אונדז ווייכן!
מען זאָגט: די מעכטיקע די טייכן
ארויס פֿון זייער אַלט געלעגער,
די ערשטע וואַסער־צוימען פֿאַלן,
פֿאַרפֿלייצט די טאָלן אַלע!
ווי דעם אויג, וואָס זען געצוווּנגען,
ווי ס'גייען דורות מי פֿאַרפֿאַלן"...

ערטערווייז גייט די דאָזיקע שרעק פֿאַר דער רעוואָלוציע איבער אין פֿולשטענדיקער רעזיגנאַציע. אזוי, למשל, אין פֿראַגמענט ה — „מולך" — זאָגט נעמי:

„אָ, שוועסטער־קרוין! נישט פֿרוו דערגיין!
איך בין פֿון לעבנס־וועג אַנטלאָפֿן,
וו ס'הערשט די שרעק פֿון בייז געוויטער.
און זע: איך ציטער!
זע: איך וויין!"

די דאָזיקע שרעק, ציטערניש און געוויין איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם קליינבירגער פֿון יענער צייט. אין דער גאַנצער אַנטשפּרעכט זיי פֿאַרמלער די אומקלאָרקייט פֿון די קאָמפּליצירטע סימבאָלישע געשטאַלטן, כאַאָטישע קאָנסטרוקציע און אפילו די בלויזע באַצייכענונג פֿון די קאַפּיטלעך אַלס פֿראַגמענטן. דער אויטאָר איז נישט אימשטאַנד אין יענער צייט צו דערזען די גאַנצקייט פֿון דעם ניי־אויפגעקומענעם לעבן, צו פֿאַרשטיין די ציִלגעווענדקייט פֿון זיין ריכטונג. ער זעט בלויז אָפּגעריסענע איינצלנע דערשיינונגען און דאָס אויך נישט די סאַמע כאַראַקטעריסטישע, נאָר גראָד די צופֿעליקע און פֿאַרבייגייענדיקע. פֿונדאַנען די אומטעגלעכקייט איינצושליסן זיי אין איין פֿאַרענדיקטער סיסטעם, די אומקלאָרקייט פֿון זייער באַשטימונג און די פּעסימיסטישע אויספֿירן. דאָס איז ספּעציעל בולט אין די אויפֿטריטן פֿון גד און נעמין, די צוויי געשטאַלטן, וועלכע סימבאָליזירן מיט זיך, מער ווייניקער, די גייער־ריזן צו דעם לאַנד פֿון גליק, און וועלכע, גרייכנדיק שוין אהין, ווערן ערשט פֿונסניי פֿאַרפֿייניקט פֿון אינערלעכע ספֿקות, ווייל יעדעס צופֿעליק שאָטנדל פֿאַרשטעלט פֿאַר זיי דאָס גרויסע ליכט:

„א בייזער פֿליגל האָט פֿאַרשטעלט
די זון פֿאַר מיינע אויגן"...

אָדער:

„איך פֿרוו אין מוּנטע אומזיסט
די צונג פֿון צווייפֿלונג מאַכן שטום...

א קאַלטע פינצטערקייט ארום
פאַרשפּרייט דעם שאָטנס פליגל שנעלער,
אָ, קינד! פאַרמאָגט פון גליק דער ברעג דער העלער
איך היילן ווייסטע?"

און ווען:

„דער שוואַכער זילבער־שיין פון דער לבנהס צעלט,
באַפרייט פון וואָלקן־יאָך, מיט יעדער רגע העלט;"

און:

„דער בלאַסער נעפּל־ים צעגיסט זיך אין זיין ברייט"

אין ביידע ריזן, גד און נעמי, ציטערן אויף „דערמונטערט און דערפרייט" און רופן אוים: „ליכט! ליכט!" — אויך דערמלט זאָגט נעמי:

„ס'איז וואָר, די זון שיינט ליכטיק העל
פון זינט מיין פוס דעם באָדן האָט באַטראָטן;
דאָך ווער פאַרזיימט אין אונדזער האַרץ דעם שאָטן,
און לייגט א שטרויכלונג ביי דער העלער שוועל?"

אין דער דאָזיקער כסדרדיקער קליינבירגערלעכער זעלבסטפּייניקונג און וואַקלעניש ווערט דאָס קלאָרע בילד פון קלאַסן־קאַמף פון יענער צייט פאַרשטויסן דורך פאַרשידענע מיסטישע באַגריפן און פאָרמען פון אבסטראַקטע סכעמאַטישע שטרייטן צווישן גוטס און שלעכטס, נאַכט און טאָג, פינצטערניש און ליכט און ענלעכע אַלגעמיינע ווערטער, און ווי אין יעדער אַבסטראַקציע, פאַרשווינדן דאָ די קאָנקרעטע גרענעצן, וועלכע טיילן אָפּ איין ספערע פון דער צווייטער און עס הייבט זיך אָן אן אומגעשטערט בלאָנדזשעניש אהין און צוריק אונטער דער באַקוועמער שוץ פון געהיימע סימבאָלן און מיסטישע געשטאַלטן.

די שפּעטערדיקע שאַפונגען פון אַלטער קאַציזנע זענען שוין געהאַלטן אין א מער רעאַליסטישן סטיל און פאַרמאָגן שוין א מער קאָנקרעטן אינהאַלט. אָבער אויך אין זיי דאָמינירט נאָך אַלץ די ווירקונג פון דער קליינבירגערלעכער סביבה און איר אַבסטראַקט־נאַציאָנאַליסטישער צוגאַנג צו די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון ווירקלעכן לעבן. אזוי, למשל, ווערט דער דראַמאַטישער הויפּט־קאָנפליקט פון „דוכוס" פאַרוואַנדלט אין אן אַבסטראַקטן, שיר נישט מיסטישן שטרייט צווישן דער „יידישער און נישט־יידישער עטיק", און אין די דראַמעס „שוואַרצבאָרד", „דעם יידס אָפּערע" א. א. ווערט די טעמאַטיק באַגרענעצט בלויז צום נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. אָן שום באַריקזיכטיקונג פון די סאַמע קאָנקרעטע צווישן־קלאַסן־אונטערשידן און צווישן־קלאַסן־שטרייטן.

דאָס אָפּקערן זיך פון דער קאָנקרעטער וואָר אין דער ריכטונג פון אבסטראַקטער אַלגעמיינער סימבאָליק אָדער אבסטראַקטער נאַציאָנאַלער פּראָבלעמאַטיק

האָט, פֿאַרשטענדלעך, געהאַט זיין ווירקונג אויך אויף דער קינסטלערישער זייט, סכעמאַטיזירנדיק — ביי די גרויסע דראַמאַטורגישע פֿעיקייטן פֿון קאַציזנען — די געשטאַלטן און געשעענישן און צוגעבנדיק זיי אַן עלעמענט פֿון צוגעטראַכטקייט.

און דאָך, נישט געקוקט אויף די אַלע קליינבירגערלעכע השפעות פֿון האַלב־אינטעליגענטישער גאולה־זוכעריי, לאָזט זיך אַלטער קאַציזנע בשום אופן נישט קלאַסיפֿיצירן צוגלייך מיט אַלע איבעריקע סימבאָליסטן, מיסטיקער און כּלל־ישׂראל שרייבער, וועלכע זענען אין די יאָרן צווישן פֿינפֿטן און זיבעצנטן יאָר אַזוי שפּעדיק אויסגעוואַקסן אין דער יידישער ליטעראַטור, לאָזט זיך בשום אופן נישט איינגלידערן אָן רעשט אין דעם שטראָם פֿון קליינבירגערלעכער צעטומלטקייט, אויסוועגלאָזיקייט און פּחדנות, וועלכער האָט אין יענער צייט פֿאַרפֿלייצט די יידישע ליטעראַטור אויג אויף אויג מיט די אָנוואַקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע כּוחות אויף דער אַלגעמיינער און יידישער גאַס. דאָס ערשטע, וואָס טיילט אים אויס פֿון אַלע אַנדערע, איז זיין אויפֿריכטיקע בונטאַרישקייט לגבי דער אַלטער אָפּשטאַנדיקער וועלט, אין וועלכער ער זעט נישט בלויז נאַציאָנאַלן, נאָר אויך סאָציאַלן אומיושר. די דאָזיקע בונטאַרישקייט, אויב אַפֿילו זיגזאַג־אַרטיק, גייט אַדורך אונטער פֿאַרשידענע פֿאָרמען ווי אַ רויטער פֿאָדעם אַפֿילו אין די אויבנדערמאָנטע ווערק. ווי אַ געטרייער תּלמיד פֿון י. ל. פּרץ, טראָגט קאַציזנע ווידער מיט זיין וואָרט דעם עטישן אומרו און קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף קעגן יעדער נאַציאָנאַלער אומווירדיקייט און סאָציאַלן אומרעכט. אמת, ער זעט אָפֿט אין דער יידישער קולטור און ליטעראַטור אַ מין זעלבסטצוועק, אָבער גלייכצייטיק קעמפֿט ער עקשנותדיק אויפֿצוהייבן דורך איר דעם באַוווסטזיין פֿון אַרבעטנדיקן מענטש, צו פֿאַרשענערן און אויסבעסערן זיין גייסטיק און מאַטעריעל לעבן. אין אונטערשייד פֿון אַ סך אַנדערע פֿון זיינע מיטצייטלער, איז זיין הומאַניטאַרישקייט, וועלכע ער ברענגט אַרויס אין זיינע פֿילאַרטיקע און פֿילפֿאַרביקע קינסטלערישע זשאַנרען און פֿאָרמען, אַ טיף איבערגעלעבט און עכט געפֿיל, וואָס נעמט אַרום נישט בלויז זיינע ליידנדיקע ברידער, נאָר דעם ליידנדיקן מענטש בכלל. די דאָזיקע מאָמענטן האָבן וואָס ווייטער אַלץ אָפֿטער אַרויסגעפֿירט קאַציזנען פֿון דער עולם־התּוהודיקער וועלט פֿון שאָטנס און אַבסטראַקטער פּראָבלעמאַטיק און אַלץ מער און מער דערנענטערט צום פּראָגרעסיוון אַרבעטער־לאַגער און זיינע אַקטועלע פּראַג
פֿון טאָג.

אין זיין ראָמאַן „שטאַרקע און שוואַכע“ קומען שוין אויף ברייטע שילדערונגען פֿון דער ווירקלעכקייט, אין וועלכע פֿאַרשידענע סביבות פֿון שרייבער, קינסטלער, קליינבירגער, אויפֿגעקומענע מלחמה־גבירים, ספּעקולאַנטן, פֿון איין זייט, און אַרבעטער, פֿון דער צווייטער, ווערן שוין געגעבן אין אמתדיקן ליכט

פון קרימישן רעאַליזם. עס גייען אויף גאַנצע רייען פון געשטאַלטן פּסיכאָלאָגיש באַגרינדעטע און קינסטלעריש פאַרענדיקטע, געשטאַלטן, וועלכע לעבן זייער אייגן לעבן, רעדן מיט זייער שפּראַך און האַנדלען אין הסכם מיט זייער כאַראַקטער. די דאָזיקע שילדערונגען דעקן אויף די בורזשואַזע ווירקלעכקייט פון אינעווייניק, ווייזן אָן איר אינערלעכע פּוסטקייט און מאָראַלישע צעפוילטקייט.

גאַנצע אוצרות פון פאָלקסטימלעכקייט ברענגט אַרויס אַלטער קאַציזנע אין זיינע באַלאַדן און הומאָרעסקן, ספּעציעל אין די לעצטע קומט צום אויסדרוק אין אַ מייסטערישער פאָרם דער געזונטער און קלאָרער פאַרשטאַנד פון פּשוטן פאָלקס־מענטש, זיין טיף־מענטשלעכער הומאָר, זיין לעבנספרייד און פאַרביסענע סאַטירע אין באַצוג צו זיינע אונטערדריקער.

אָבער באַזונדערס קעמפעריש אויף דער זייט פון באַוווּסטזיניקן אַרבעטס־מענטש איז קאַציזנע אויפגעטראָטן אין זיינע פּרעכטיקע עסייען און פעליעטאָנען, ספּעציעל פון דעם ציקל „מיין רעדנדיקער פילם“, וועלכע האָבן ביי זייער גאַנצער שפּראַכלעכער און געדאַנקלעכער שפּילעוודיקייט, ביי זייער גאַנצער איינפאַלערישקייט און בילדלעכקייט, פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָקומענטן פון דרייסטער פּאָליטישער געוואַגטקייט און ערלעכקייט. קאַציזנע האָט באַרירט אין זיי די אַקטועלסטע און געפערלעכסטע פראַגן, שרייבעריש אָריגינעל, און מענטשלעך מוטיק, נישט אָפּטרעטנדיק פון זיינע פּרינציפּן און נישט שוינענדיק קיינעם. אין קעגנזאַץ צו דער איינשטעלונג פון דעם רוב פון זיינע קאָלעגן, און נישט געקוקט אויף די ערנסטע געפאַרן אין יענער צייט, האָט ער זיך אַלץ ענגער פאַרבונדן מיט דעם פּראָגרעסיווסטן טייל פון אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן, מיט זיין אַוואַנגאַרד — דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָנערקענענדיק זי אַלס די איינציקע קאָנסעקווענטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע איז אימשטאַנד צו דערפירן דעם פּוילישן אַרבעטער־קלאַס און מיט אים דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק צו פרייהייט און גליק.

מיט זיין רייכן און פאַרביקן יידיש לשון, שוווּנגפולער אָריגינעלער בילדלעכקייט און עכטער קערנדיקער פאָלקסטימלעכקייט האָט ער מיט אַ סך פערזענלעכן און קינסטלערישן מוט באַקעמפט יעדע עוולה און יעדעם אומרעכט. באַזונדערס בולט איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין דער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן, ווען ער האָט אין די סאַמע שווערסטע און געפערלעכסטע באַדינגונגען פון רעאַקציע און טעראָר מיטרעדאַגירט די פּראָגרעסיווע צייטונג „דער פריינד“ און דערנאָך זיין אייגענע מוטיקע אויסגאַבע „מיין רעדנדיקער פילם“, אין וועלכער ער האָט מיט זיין דרייסט סאַטיריש וואָרט געשלאָגן יעדן שונא פון פאָלק, קעמפנדיק פאַר אַ פרייע און גליקלעך פּוילן.

ס'איז אים נישט באַשערט געווען צו זען די דאָזיקע אויסגעבענקטע פרייהייט און דאָס דאָזיקע אויסגעחלומטע גליק. צוזאַמען מיט דער מערהייט פון זיין יידישן ארבעטנדיקן פאָלק אין פוילן איז ער אומגעקומען אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע, דערמאָרדעט אויף דעם שוידערלעכסטן אופן דורך אוקראַינישע פאַשיסטן. אָבער ער איז געבליבן לעבעדיק פאַר דער יידישער ליטעראַטור, פאַרן יידישן פאָלק און אויך פאַר דעם נייעם פוילן, אין וועלכן ער האָט זיין חשובן חלק.

# פּאָעזיע

## דריי לידער־זאַמלונגען פון בינעם העלער

### „פרילינג אין פּוילן"

ווי לאַנג איז עס, אַז דער דאָזיקער פרילינג האָט געהערט בלויז צו געציילטע, און די מערהייט, די גרעסטע מערהייט, דאָס גאַנצע פאָלק כמעט, האָט גראָד אין פרילינג דערפילט נאָך שטאַרקער דעם „קאַלטן און אייזיקן ווינט", וועלכער האָט אַדורכגענומען יעדן דאַכלאָזן מענטש, און נאָך בולטער דערזען די „צווייפּראָספּיקע אויגן", וואָס „איבער זיי איז דער רונד פון אַ הוט פינצטער אַרונטערגעבויגן"?

ווי לאַנג איז עס, אַז טויזנטער אַרבעטלאָזע האָבן „פון מוראַנאָוו ביז צו דער ווייסל, פון דזשיקע ביז קערבעדזשער בריק" געזוכט „אין יעדן טויער אַ סטאַציע פאַר זייער גליק". און אינמיטן פון דעם דאָזיקן גליק דערהערט די שטילע און פאַרטרויעלעכע רייד פון זייערע געליבטע, אַז „כ'האָב היינט נישט געהאַט נאָך אין מויל"?

דאָס איז געווען אין די יאָרן פון „סאַנאַציע" אין פּוילן, אין די יאָרן פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און פון הייסע און בלוטיקע קלאַסן־קאַמפן פון גאַנצן פּוילישן אַרבעטער־קלאַס. דעמלט האָט בינעם העלער אויסגעדריקט דאָס געפיל און די איבערלעבונגען פון טויזנטער אַרבעטנדיקע בחורים און מיידלעך אין זיין שיין און טרויעריק ליד, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

„מיר הייבן די אויגן און שטוינען:
אַזוי פיל פענצטער אין דער נאַכט.
פאַרוואָס האָט אונדזער ליבע
אינערגעץ פאַר זיך נישט קיין דאַך?"

העלערס פּאָעמע „אויף: ווינט", פון וועלכער עס זענען אַרויסגענומען די אַלע אויבנגעבראַכטע ציטאַטן, האָט אויף אַ דיסקרעטן און ריין דיכטערישן אופן

אַרויסגעהויבן די שטימונג פון יענער צייט. דאָס לעבן פון דעמלטיקן אַרבעטס־מענטש איז אין די דאָזיקע אינטימע עכט־לירישע לידער אויסגעזאָגט בולט און קלאָר אין זיין גאַנצער טיף, כאָטש דאָס בילד, וואָס ווערט אין זיי געשילדערט, באַרירט נאָר איין אָפּשניט פון לעבן און שפּיגלט נישט אָפּ דירעקט די סאַמע וויכטיקסטע דערשיינונגען פון יענער צייט. פאַראַן אַזעלכע, וואָס, פאָדערנדיק מיט רעכט פון דיכטער, אַז ער זאָל אָפּשפּיגלען דיווירקלעכקייט, באַמיען זיך אָבער נישט צו פאַרטיפן דאָס פּראָבלעם אין זין פון באַנעמען, אַז נישט שטענדיק באַדייט די דאָזיקע אָפּשפּיגלונג אין דער דיכטונג דאָס קאָנקרעטע אָנרופן ביים נאָמען געוויסע דערשיינונגען, אַז דיכטונג איז נישט קיין חיבור פון געשעענישן און צייט־ענדערונגען, נאָר זייער כפל, און דאָס באַדייט אַ נייע קוואַליטעט, וואָס איר הויפּט־איינגשאַפט איז צו געבן אַ בילד, וואָס איז פיל טיפער און ברייטער און דער עיקר פיל אַלגעמיינער פון דעם בלויזן אינהאַלט פון דער עדשפּיקער אָנרעגונג. ווי עכטער בלומען־עסענץ, ברענגט אָפּט אַרויס דער געלייטערטער אַראָמאַט פון אַ ליד אין דער ריינסטער און כאַראַקטעריסטישער פאָרם די צייט, אין וועלכער עס איז געשאַפן געוואָרן, און די סביבה, וועלכע איז פאַר דעם דיכטער נאָענט און אייגן.

בינעם העלער האָט זיין סביבה נישט געביטן. דער יידישער אַרבעטס־מענטש, זיינע ליידן און פריידן, זיינע אינטימע און געזעלשאַפטלעכע איבערלעבונגען, איז געווען און געבליבן די רויערד, פון וועלכער העלער איז אַרויסגעוואַקסן, געצויגן און ציט זיינע דיכטערישע זאַפטן. געביטן האָט זיך בלויז די צייט, געביטן האָבן זיך די באַדינגונגען. אָבער צי דערקענען מיר די צייט פון יאָר, דעם באָדן און די אַטמאָספערישע באַדינגונגען בלויז פון אַזעלכע פרוכטן, וואָס זענען טויגבאַר אוממיטלבאַר פאַר אונדזער טעגלעכער שפּייז? און די צאַרטערע, איידעלערע געוויקסן, וועלכע זענען אַזוי פאַרשידנאַרטיק לויט זייער פאַרב און אַראָמאַט, — צי דערציילן זיי אונדז נישט — און צייטנווייז נאָך פיל מער און פיל פּינקטלעכער — וועגן דעם סכום פון זוניקער שיין און ברכהדיקער פייכטקייט, וועלכע הערשן אין אַ באַשטימטער צייט אויף אונדזער שיינער ערד?

דאָס אינטימע לירישע ליד, דאָס ליבע־ליד, איז דער אוממיטלבאַרסטער אויסדרוק פון דעם סוביעקטיוון צושטאַנד פון דיכטער, אַן אויסדרוק, וועלכע איז אַלע מאָל באַדינגט פון די סאַמע אָביעקטיווסטע באַדינגונגען, און מיר דאַרפן לגמרי נישט שטענדיק מיטן קאַלענדאַר אין דער האַנט באַשטימען די דאַטע, אָדער מיטן באַראָמעטער אין דער האַנט באַשטימען די טעמפּעראַטור. אַזאַ מעטאָד פרעטענדירט אָפט אויף געלערנטקייט, אָבער אין דער טעאָריע פון קונסט זאָגט עס גיכער עדות אויף אַ געוויסער פרעמדקייט. פאַר אַ פילנדיק האַרץ איז דער בעסטער קאַלענדאַר און פּינקטלעכסטער באַראָמעטער די וואַרעמקייט און שיין, וואָס שלאָגט פון ליד.

אין דעם זין איז בינעם העלערס בוך „פרילינג אין פוילן“ א דירעקטער און דיכטעריש־לאגישער המשך פון זיין פאעמע „אויפן ווינט“. ווי פון אן אויפגע־פראלט פענצטער, קוקט ארויס פון ערשטן די געבענטשטע ערד און די פריידיקע צייט, אויף וועלכער און אין וועלכער עס איז אנטשטאנען, — די סאוויעטישע און גיי־פוילישע ערד, פונקט ווי פון צווייטן קוקט ארויס דאס טריבע וועטער פון דער „סאנאציע“־צייט. די דאזיקע ערד און די דאזיקע צייט זענען, פונקט ווי די פארב אין בלום און דאס ליכט אין טאג, אויף דעם נאטירלעכסטן אופן איינגעוועבט אין די ריטמישע שורות, וועלכע קוועלן פריי און פריידיק מיט דעם שענסטן מענטשלעכן געפיל:

„כ'בין ווידער איצט גרייט זיך צו זעצן
אין יענעם וואגאן דעם פארשטויבטן,
וואס האט איבער זוניקע געצן
געפירט מיך אין לאנד דעם באגלויבטן.

אוודאי געדענק איך די רייזע
אין בלי פון די פעלדער און סעדער:
דאס פריילעכע זינגען פון אייזן,
דאס רעדן פון רעלסן און רעדער“.

אדער:

„פון ערד מאזאוויעצקער די חנען
איז שווער צו באשרייבן אין לידער“.

פון דעם דאזיקן „זינגען פון אייזן“, פון דעם חן פון דער ערד מאזאוויעצ־קער גייט אויף צום ליכטיקסטן די צייט און דאס ארט, אויף וועלכער עס האט איינאונאיינציק זיך געקאנט צעבליען בינעם העלערס פריי און פריידיק ליבע־ליד, אן שום צומיש פון יענעם טרויער און יענער ביטערניש, מיט וועלכע דאס זעלבע ליד איז אויפגעקומען אין די צייטן פון היימלאזיקייט און ארבעטלאזיקייט.

אדער נעמט אזא כוואליע פון אינערלעכן גליק און זעלבסטזיכערקייט:

„די גאלדענע סאסנעס זיי ווייסן
צו זינגען מיט אנדערע שטימען
דאס ליד פון דעם זון־ליכט דעם הייסן —
פון אייביקן פרילינג — דעם הימען“.

דאס איז דאך פולשטענדיק נייע טענער, פול מיט געזונטער זוניקייט און יונגט גיישט נאר אין העלערס ליד, נאר אין דעם יידישן ליבע־ליד און דער יידי־שער ליריק בכלל. די דאזיקע טענער דערציילן וועגן א ניי לעבן אויף א נייער ערד מיט א סך מער איבערצייגעוודיקייט, איידער ווי פיל דירעקטע אויבערפלעכלע־כע ווענדונגען.

דאָסגלייכן דערציילט וועגן דעם נייעם לעבן די איגנאַנצן אַנדערשדיקע אויפֿפאַסונג פֿון דער גאַטור:

„דער זומער היי־יאָר איז געבענטשט מיט רעגן,<br>
דער גאָרטן ווערט אַלץ גריגער און געדיכטער.<br>
פֿון דאָרטן גייסטו מיר אַרויס אַנטקעגן —<br>
אַ שמייכלענדיקע און אַן אומגעריכטע“.

אָדער:

„ס'האָט איבער אונדז אַצינד דער רעגנבויגן<br>
אַוועקגעשטעלט זיך ווי אַ טריומף־טויער“ — — —

אין וואָס פֿאַר אַן אַנדער לאַנד, אויב נישט, „אין דעם לאַנד דעם באַגלויבטן“, און אין וואָס פֿאַר אַן אַנדער צייט, אויב נישט אין דער צייט פֿון „פֿרילינג אין פּוילן“, קאָן אַ יידישער דיכטער דערפֿילן אַזאַ פּשוטע, נאַטירלעכע און אינטימע באַהאָפֿטנקייט מיט דער ערד, אויף וועלכער ער טרעט?

ענלעכע ציטאַטן וואָלטן מיר געקאָנט ברענגען פֿון יעדן ליד, אָבער נישט זיי בלויז שפּיגלען אָפּ אין דער גאַנצער טיף דאָס בילד פֿון דער נייער ווירקלעכקייט. דאָס דאָזיקע בילד אַנטפּלעקט אונדז די נייע, גאָר אַנדערשדיקע אויפֿפאַסונג פֿון דעם אינטימען ליבע־געפֿיל ביי העלערן, און איפֿפאַסונג, וואָס איר קינסטלערישער אויסדרוק איז פֿול מיט אוממיטלבאַרער פּשטות און נאַטירלעכקייט.

דער דעוויז, אַז אַלץ, וואָס איז מענטשלעך, איז שיין און דערהויבן און דעמגלייכן, אַז אַלץ, וואָס איז מענטשלעך, איז פֿול מיט לעבן, מיט פֿרייד און אָפּטימיזם — דער דאָזיקער דעוויז איז אייגן בלויז דער וועלט פֿון באַזיניקטער אַרבעט און באַזיניקטער פֿרייהייט. די וועלט פֿון אונטערגאַנג פֿון פֿיזישער און גייסטיקער פֿוילונג באַמיט זיך צו פֿאַרבאָרגן איר זקנהשע שוואַכקייט אונטער איבערגעטריבענער פֿרומער שטומקייט, אָדער גאָר אונטער אויסגעהוילטע, נאָר אויסגעלאַסענע רייד. איינס פֿון די שענסטע מענטשלעכע געפֿילן, דאָס געפֿיל פֿון ליבע, ווערט אין דער דאָזיקער וועלט פֿאַרקערפּערט אָדער אין „ענגעל“, אָדער אין טייוולאָנים, און לעזט זיך אַנטשפּרעכנדיק אויף אָדער אין אַסקעטישער גזירות, אָדער אין זנות. די דיכטער, וואָס געהערן צו דער דאָזיקער וועלט, דובלירן אויף דעם געביט די זעלבע ראָל. זיי פֿאַרטונקלען דאָס פּשוטע געפֿיל מיט הויכע געבלימלטע פֿראַזן און געצאַצקעטע רייד, אָדער גאָר אין דער אויסגעלאַסנסטער פֿאָרם.

בלויז דער דיכטער, וואָס איז באַהאָפֿטן מיטן אויפֿגייענדיקן אַרבעטער־קלאַס, מיטן זיין קעגנוואַרט און צוקונפֿט, טראָגט אין זיך דאָס פּראָסטע און גלייכצייטיק

טיק אַנטפּלעקערישע וואָרט, וואָס איז אין זיין נאַקעטקייט אַזוי צניעותדיק און פריש, ווי אַ באַרגיקער קוואַל.

העלערס לידער פאַרמאָגן אין זיך פון אָט דער אָפנהאַרציקער פרישקייט און תמימותדיקער צניעות, וועלכע זענען אַזוי אייגן יעדן געזונטן אַרבעטנדיקן מענטש, וואָס האָט ליב די ערדישע שיינקייטן און די ערדישע פרייד און וואָס ווייסט, אַז יעדער אופן פון פאַרלייקענען זיי אין נאָמען פון עפּעס העכערע איבערערדישע געזעצן איז בלויז צביעות. אין דעם באַשטייט די אַקטועלקייט פון העלערס ליבע-לידער, זייער צייטמעסיקייט און איינגעוואָרצלטקייט אין אַ באַשטימטן באָדן און אין אַ באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער. אין דעם באַשטייט זייער מענטשלעכער אמת. די נאַטירלעכקייט און אינערלעכע געזונטקייט האָבן העלערס ליבע-לידער אַרויסגעפירט פון דער טונקעלער ספערע פון דעקאַדענטישער געקינסטלטקייט אויף דער ברייטער און פרייער לופט, און אָנשטאָט די פאַרשידנאַרטיקערע, נאָר טויטע פאַרבן פון פאַפּירענע בלומען, האָט אַ שלאָג געטאָן אין דעם לעבעדיקע זאַפטן און עס האָט באַקומען די בליענדיקע פאַרבן פון אַ לעבעדיק געוויקס.

פון העלערס ליבע-לידער גייט אויף אַ גרויסע אוממיטלבאַרע קראַפט פון פשטות, וועלכע איז פול מיט רויע שיינקייטן, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט האַרמאָנישער גאַנצקייט. פיל פון די לידער רירן אונדז מיט זייער עכטקייט, ווי אמתע נאַטור-דערשיינונגען און פילן אונדז אָן מיט יענער פריידיקער און איינצייטיק זיס-טרויעריקער שטימונג, וועלכע איז אייגנטימלעך פאַר יעדער מענטשלעכער איבערלעבונג.

אמת, אין דעם בוך קומען אַריין אויך אייניקע לידער, וואָס האָבן צו פאַרדאַנקען זייער אַנטשטיין אַ בלויזן דיכטערישן „קאַפּריז“. ווי העלער אַליין באַצייכנט אַזוי געלונגען איינס פון זיי. די דאָזיקע לידער זענען, ביי זייער גאַנצער אויסערלעכער שפּילעוודיקייט, צופעליק, אינדיווידואַליסטיש און, במילא, נישט פאַראַנקערט אין יענעם טיפן געפיל, וואָס פאַרוואַנדלט יעדע דיכטונג אין דעם אייגנטום פון כלל. אָבער זיי זענען בלויז אַ קליינע מינדערהייט און זענען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצקייט פון בוך. די ווייט-גרעסטע צאָל לידער זענען עמאָציאָנעל אָנגעזעטיקט, ניי אין זייער פשטות, אָריגינעל אין זייער אויסדרוק און אויף דעם העלערישן אופן געשריבן מיט אַזאַ שפּראַך, „וואָס קאָן פון בלוט צו בלוט דערלאַנגען“, אין דער דאָזיקער נייקייט און אָריגינעלקייט זייערע, אין זייער אוממיטלבאַרקייט, קומען אויף די פרייד און די פרייקייט פון אונדזער צייט אויף דער פּוילישער ערד, קומט אויף דער נייער סטיל פון פשטות און נאַטירלעכקייט, דער סטיל פון באַפרייטן מענטש.

# „חיימערד“

פון ערשטן ביכל לידער „אין אומרו פון טאג“ ביז „חיימערד“ זענען אלע שאפונגען פון בינעם העלער דורכגעדרונגען מיט איינאינאיינציקן אויסגעבענקטן חלום — דאס פוילן פון היינט.

דער דאזיקער חלום איז די אינערלעכע קראפט פון העלערס ווארט, צי עס דריקט אויס בונט און פראטעסט קעגן דער אונטערדריקונג פון ארבעטנדיקן מענטשן אין דעם פוילן פון פאר דעם 39‑טן יאר, צי פרייד און דערהויבונג אויף דער סאוויעטישער ערד, צי טיפן אומטיטלבארן ווייטיק אין די פינצטערע צייטן פון היטלערישער הערשאפט, צי קלארע פריידיקע באזינגונג פון נייעם גרויסן גאנג פון אונדזער לאנד צו מענטשלעכער באפרייונג, צו סאציאליזם.

אין דער צייט פון די גרויסע און שווערע קאמפן פון פוילישן ארבעטער‑קלאס מיט זיינע אונטערדריקער איז דער דאזיקער חלום געווען דער לייכט‑טורעם, וועלכער האט געוויזן די ריכטונג און דערמוטיקט. שפעטער, אין די גרויליקע יארן פון דער היטלערישער ממשלה, איז ער געווען די איינציקע האפענונג און טרייסט, וואס האט געגעבן אן אינהאלט און לעבן. איצט איז דער דאזיקער חלום געווארן וואר, איצט איז ער געווארן „היימערד“.

דער גייסט פון אומפשרותדיקן קאמף פאר גערעכטיקייט, פאר פרייהייט און מענטשלעכער ווירדע, וועלכער איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר העלערס שאפונגען פון אלע צייטן, דער טיפער ווייטיק צוליב דעם אומקום פון פאלק, וועלכער וועט נאך לאנג בלוטיקן אין ליד פון יעדן עכטן יידישן דיכטער, ווי אויך די ליבע צום ארבעטנדיקן מענטשן, די אומטיטלבארע פרייד מיטן לעבן, מיט דער נאטור, וואס האט העלערס ליד שטענדיק אנגעפילט מיט יוגנטלעכן ציטער און פרישקייט — דאס אלץ קומט שוין אויף אין „היימערד“ אויפן פאן פון אט דעם פארווירקלעכטן חלום, דורכגענומען פון דעם שטאלצן און פריידיקן געפיל פון א היים.

פונדאנען די ענדערונג פון קלימאט אין העלערס ליד, וואס איז שטענדיק געווען אנגעלאדן מיט אויפרודערנדיקן אומרו און געשפאנטקייט און איצט טראגט עס אין זיך אויך עלעמענטן פון רואיקער באטראכטקייט און זיכערקייט.

דאס איז צו זען שוין פון ערשטן ציקל „אויף אייביקייטן“, אין וועלכן העלער ברענגט ווידער ארויס די טעמע פון דער שוידערלעכער היטלער‑צייט.

העלערס ליד פון און וועגן דער דאזיקער צייט איז קיינמאל נישט געווען פארגאסן מיט דורכווייקער פינצטערניש, האט נישט אנגעשלאגן אין אויסוועג‑לאזיקייט, אפגעזונדערטקייט און יאוש. פארקערט, וואס שטארקער און פארטיפטער העלער האט ארויסגעבראכט דעם צער און דעם ווייטיק, אלץ בולטוועדיקער איז גלייכצייטיק אויפגעקומען דער אייבאונאייניקער ליכטיקער שטראל פון גע‑

מיינזאמען קאמף און געמיינזאמען זיג. דאך האט דער אינערלעכער גרויל פון יענע מאקאברישע יארן, אויפרייסנדיק אין יעדן ווארט, אין יעדן זאץ, מיילמאל פארשטעלט יעדע שיין. דאס נייע לעבן אין פוילן האט, אויב נישט לייכטער, דאך ליכ־טיקער געמאכט דעם דאזיקן ווייטיק, פירנדיק אים אויף דעם טרייסט־וועג פון גרויסע מענטשלעכע האפענונגען און טאטן:

„נישט אויף קיין יארצייט, נאר אויף אייביקייטן
האב איך מיין הויז אויפסניי אויפגעשטעלט דא.
איך וויל, אז אין מיין גאנג צו העלע ווייטן
באגלייטן זאלן מיך די געטא־העלדן.

און אין דעם דור פון קאמוניזם און שלום,
ווען ס'וועט די פרייד פארהיילן אלע וונדן,
זאל שיינען אין דעם פוילן פון מיין חלום
דאס ליכט, וואס איך האב ווידער אנגעצונדן".

(זייט 8)

איך די העלדן פון אויפשטאנד זעט איצט העלער נישט בלויז מיט א געפיל פון באַרעכטיקטן שטאָלץ, נאר טיף פאַרבונדן מיטן גורל פון זיין פוילישן היים־לאנד:

„זיי זענען דורך דעם האגל פון די קוילן,
דורך רויכן און דורך גליענדיקע ציגל,
כדי צו בלייבן אין דעם הארץ פון פוילן
און אין זכרון אירן איינגעזיגלט!...

— — — — — — — — — — — — —

און ווען עס וועלן מער נישט זיין קיין שפורן
פון פעלקער־מערדעריי און פון צעשטערונג,
וועט אלץ נאך שטיין דער דענקמאל פון גבורה —
פארגליווערט אין דער אייביקער פארערונג!"

(זייט 10)

קלארער ווי ווען נישט איז הייבט איצט ארויס העלערס ליד דעם טיפן אמת, אז די מיליאנען יידישע קרבנות זענען א רעזולטאט פון אימפעריאליזם און פא־שיזם, וועלכע איז די סיבה פון מארד און אומגליק אומעטום אויף דער גארער וועלט:

„די ברידער, וואס זענען פארשוונדן,
וועל איך שוין אינערגעץ נישט טרעפן.

מיר זענען באַקאַנט בלויז די וונדן —
זיי האָבן זיך ווידער געעפנט.
ווי ס׳וואָלטן די פיינט אָט די קוילן —
געצילט אין פּהעניאו — אויך געטראָפן
א צווייט מאָל אין וואַרשע, אין פּוילן.

(זייט 15)

העלערס ליד אויף דער דאָזיקער טעמע הייבט שוין איצט אַרויס ניט בלויז די סיבה פון געשעענעם, נאָר דורכגענומען פון טיפער וואכזאמקייט צו אַלץ, וואָס געשעט איצט, און אָנבינדנדיק צו דעם, איז עס דורכגעדרונגען מיט גרויסער דיכ־טערישער אחריות און וואָרענונג פאַר דעם, וואָס קאָן נאָך קומען:

„אויף דעם בין איך איבערגעבליבן
אויף ענדיקן יענע שליחות
פון די, וואָס דער טויט האָט פארטריבן —
פון זיי האָב איך ניט קיין צוואה
געפונען אין וואַרשעווער געטאָ.
איך זע בלויז די פויסטן, וואָס דראָען,
איך זע נאָר די אויגן, וואָס בעטן:
אויב דו וועסט פאַרברעכנס פאַרגעבן —
וועט דעמלט אונדז נאָכאַמאָל שענדן,
אויב דו וועסט ניט שיצן דאָס לעבן —
א צווייט מאָל דו וועסט אונדז פארלענדן!“

(זייט 14)

העלער זעט אויך קלאָר, וויאַזוי דאָס דאָזיקע לעבן איצט צו שיצן, און ער ברענגט עס אַרויס אויף אן עכט דיכטערישן אופן אין דער שיינער און איידעלער וויזיע, וועלכע אָטעמט מיט מענטשלעכקייט, מיט ברידערלעכקייט און טיפער ליבע צו פריידלעכער שעפערישער מי:

— — — „זיי קומען צו די נייע שלום־שכנים,
זיי קומען פון דער גאַס, וואָס ליגט פארברענט,
און לייגן פאַר צו בויען דאָ אינייגעם
די גרויסע שטאָט — מיט ברידערלעכע הענט.

זיי ווילן מער ניט וווינען אין דעם קוואַרטאַל,
פון אָפּגעזונדערטקייט און ווייסער גויט,

ווו אלע ברוקן ליגן אין דערוואַרטונג
און גרוילן פאַר דעם דראָענדיקן טויט.

זיי קלעטערן אויף רושטאָוואַניע-לייטערס,
פונקט ווי אַמאָל — אויף ברענענדיקע טרעפּ.
און וואַנדערן פון איין גאַס צו דער צווייטער
ביז — אַט די נייע שטאָט ווערט אויפגעלעבט.

אזא, ווי זי האָט אויסגעזען אין בענקען —
פון אומגליק פריי און פון דער שנאה ריין.
און דעמלט גייען זיי צוריק צום דענקמאָל
פאַרוואַנדלט ווערן ווידער אינעם שטיין".

(זייט 21)

אזא דערהויבונג פון גרעסטן ווייטיק און טרויער צו דעם איידלסטן טרויס פון באַפרייונג און אַלגעמיינער פאַרברידערונג דרינגט אַדורך אַ גרויסע צאָל לידער אין בוך מיט דעם טיפסטן מענטשלעכן געפיל און גלויבן, אַז:

„זיי וועלן אונדזער ליבשאַפט נישט צעשטערן,
די קינדער-אויגן שיינען, ווי די שטערן,
די יוגנט-אויגן לייכטן, ווי די זונען —
און קענען זיי קאָן קיינער נישט געווונען!"

(זייט 59)

די אידעישע אָנגעזעטיקטקייט פון די דאָזיקע לידער גייט האַנט ביי האַנט מיט דער עכטקייט און אוממיטלבאַרקייט פון וואָרט, מיט דער אַדעקוואַטקייט און פאָלקסטימלעכקייט פון אויסדרוק, דאָס וואָרט איז דאָ איינגעפּאַסט אויף דעם סאַמע נויטווענדיקסטן אופן און דער אידעיש-קינסטלערישער ראַם פון גאַנצן, און דורך דעם, — נישט בלויז באַגרייפלעך קלאָר און אמתדיק, נאָר אויך אָנגעלאָדן מיט געפיל, מיט אויפריכטיקער איבערלעבונג, מיט יענער ספּעציפישער שפּאַנונג פון שעפערישער אָנשטרענגונג, וועלכע שליסט אויס יעדע באַדינגלעכקייט.

אין דער היגזיכט זענען פיל לידער אין „היימערד" מוסטערן פון דיכטערישער רייפקייט.

אָבער גראָד אויפן פאָן פון דער דאָזיקער רייפקייט קומען אויף אייניקע בלויזן, אויף וועלכע מע דאַרף אויפמערקזאַם מאַכן.

דער דיאַלעקטישער פּראָצעס פון שאַפן באַשטייט צווישן אַנדערע אין דעם פאַרנייגן באַשטימטע איינצלנע עלעמענטן דורך דער אַלגעמיינער אידעע פון גאַנצן און אַרויסבאַקומען פון די דאָזיקע איינצלנע עלעמענטן א גאַנץ סינטעטיש בילד, וואָס זאָל פאָרשטעלן מיט זיך א נייעם קוואַליטאַטיוון ווערט. קלאָר, אַז יעדעס וואָרט, פּונקט ווי יעדע פאַרב אָדער יעדער קלאַנג, שאַפט א באַשטימטע שטימונגס־אַטמאָספער, רופט אַרויס אַן אַנטשפּרעכנדיקן באַגריף און געפיל. אָבער אין דער קאָמפּאָזיציע פון גאַנצן פאַרלירט עס זיין באַזונדערן אינהאַלט, אַנטווערט זיך, כדי אין דער באַהעפטונג מיט אַנדערע צו שאַפן א נייעם ווערט, וואָס רודערט אויף אונדזער געמיט גאָר אויף א נייעם אופן און ווירקט אויף אונדזער געדאַנק גאָר אין א נייער ריכטונג. אויב אָבער אין סך־הכּל פון שעפערישן פּראָצעס בלייבן געוויסע עלעמענטן לויזע, און מיר דערפילן זיי אַלס אַזעלכע, דעמלט הייסט עס, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס איז אָדער נאָך נישט פאַרענדיקט, אָדער ער איז דורכגעגאַנגען ביי נישט קיין גענוג הויכער קינסטלערישער טעמפּעראַטור.

צווישן די פיל לידער אין „היימערד“ מיט א בולטער אידעאָלאָגישער ציל־געווענדקייט און טיפער עמאָציאָנעלער אָנלאָדונג טרעפן זיך אויך שורות אין וועלכע דאָס וואָרט, דער גראַם פאָרשטעלן מיט זיך דאָס גאַנצקייט פון בילד, די טיפקייט און עכטקייט פון דער איבערלעבונג.

אַזעלכע זענען למשל די שורות:

„— — — נאָר ס׳זענען פריש ביי אונדז נישט בלויז די וווּנדן —
דער האַס צום פיינט איז ווייט נאָך נישט פאַרשוווּנדן.

אָדער:

מיר בויען אָפּ, נאָר גרייט איז אונדזער וואָפן,
באַפרייטע מערדער ווידער צו באַשטראָפן!“

(זייט 62)

בינעם העלער איז דער עכטער דיכטער, פאַר וועלכן דאָס וואָרט איז אויסשליסלעך א מיטל פון אויסדרוק און נישט קיין זעלבשטענדיקער ציל, און דער גראַם — אַן אַקצענטירונג פון געפיל און נישט קיין מייסטערשאַפט־שפּיל. דאָס דיכטערישע וואָרט ביי בינעם העלער איז פול און וואָגיק און עס אָטעמט דערפון מיט פערזענלעכער איבערצייגונג און פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דערסגלייכן איז די פשוטקייט און קלאָרקייט פון זיין וואָרט דער אַבסאָלוטער קעגנזאַץ צו יעדער פאַראיינפאַכונג.

דעריבער טאַקע שטעלן זיך גלייך אַזעלכע שורות אין ווידערשפּרוך צום נוסח העלער, כאָטש אין „היימערד“ ווירקן זיי גאָר ווייניק אויף דער גאַנצקייט

פון הערץ און אויף דעם כסדר שטייגנדיקן אָנוווקס פון דער אידעאָלאָגיש־קינסט־לערישער רייפקייט.

דעם דאָזיקן אָנוווקס איז צו זען שוין אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון בוך „פאַר אַלץ, וואָס איז טייער", אין וועלכער די ליבע און פאַרערונג צום ראַטנ־פאַרבאַנד, ווי אויך די טיפע אינערלעכע צוגעבונדנקייט צו דער ספּפּ קומען אויף אין אַ אַטמאָספער פון גרויסער מענטשלעכער האַרציקייט און גלייכצייטיק אויף אַ הייך, אויף וועלכער דאָס עכט־נאַציאָנאַלע איז דער קוואַל פון טיפסטן אינטער־נאַציאָנאַלן געפיל, און די ליבע צום אייגענעם פאָלק ווערט דיכטעריש דערהויבן צו דער ליכטיקסטער דעריקנטעניש:

„פאַר וועמען האָט זיך אונדזער בלוט געגאָסן
און אויסגעשטאַנען אַלץ און אויסגעדויערט?
אין וועמענס נאָמען האָט דער העלד מאַטראָסאָוו
אין יענע שווערע טעג פון דעם נסיון
מיט אייגן לייב פאַרשטעלט די אמבראַזורע?
צי האָט ער מיט זיין רוסישער גבורה
בלויז אייגן לאַנד און אייגן פאָלק פאַרטיידיקט? —
דערמאָן זיך, ווי מען האָט די רויטע פאָנען
באַגעגנט אין אייראָפּע העל און פריידיק,
ווי יעדע שטאָט באַוואָרפן האָט מיט בלומען
דעם טאַנק, וואָס איז מיט פרייהייט אָנגעקומען"...

(זייט 55)

אין דעם דאָזיקן ליד, ווי אין פיל ענלעכע צו דעם, איז נישט אָפּצוטיילן דאָס עכטע האַרציקע געפיל, די אומטיטלבאַרע איבערלעבונג, פון דעם קלאָרן און ציל־געוווּנדענעם געדאַנק, ביידע צוזאַמען שאַפן איין גאַנצעס, וואָס נעמט אונדז אַדורך מיט גרויסער און איידעלער מענטשלעכקייט. דאָ בלייבט קיין איין וואָרט נישט אין דרויסן פון דעם געמיט, וואָס נעמט ארום דאָס גאַנצע, און דער גראַם איז נישט סתם קיין פאַרענדיקונג פון דער שורה, נאָר ווירקט אויף צוריק, אונטער־שטרייכנדיק דעם גאַנצן אינהאַלט מיט זיין גאַמירלעכער ריטמישער פּולסירונג.

באַזונדערס פאַרטיפט איז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם געלעזט ביי העלערן אין אַזעלכע לידער ווי:

„עס איז אַ לאַנד אויף אונדזער ערד פאַראַנען,
וואָס איז אַקעגן רשעות אויפגעשטאַנען.
און אין זיין העלדיש בלוט, וואָס האָט פאַרגאָסן —
אייראָפּע האָט מיט אים אַ בונד געשלאָסן. —

(זייט 52)

אָדער:

„פון הינטער דעם רויך אין קאָרעע האָב איך זיי דערקענט —
די זעלבע, וואָס האָבן אין פּוילן געראַובט און פאַרברענט;

די זעלבע, וואָס האָבן מיין היימשטאָט פאַרוויסט און צעשטערט —
זיי ברענגען דעם חורבן אצינד אויף קאָרעישער ערד" —

(זייט 63)

דאָ פּילט אויס דאָס ענדע־וואָרט נישט בלויז קיין ריטמישע אָדער מעלאָ־דישע פונקציע, נאָר אקצענטירט די וועזנטלעכע אידעישע איינשטעלונג, מאַכט בולטער און שטאַרקער דאָס געפיל. די ראָזיקע גראַמען הערן מיר, אָבער נישט באַזונדער. פאַרקערט, אין זיי קאָנצענטרירט זיך דער אינהאַלט פון דער גאַנצער שורה, ווי א צופלוס פון לעבעדיקן בלוט.

אזעלכע לידער זענען אין „היימערד" אָנצוטרעפן פיל. זייער מייסטערשאַפט איז כאַראַקטעריסטיש און איינגטימלעך פאַר העלערן, פאַר דעם דיכטער, ביי וועלכן דאָס קינסטלערישע וואָרט, אויפקומענדיק פון אַ טיף־ליידנשאַפטלעך געמיט, פאַרווירקלעכט זיך אָפט קאָנטראַסטמעסיק, כוואַליעאַרטיק, איבערגייענדיק פון אינערלעך צעשטורעמטער רואיקייט צו געהעכטע אויפברויזן.

צייטנווייז קומט דער קאָנצענטרירטער אַקצענט ערשט ביי דער ענדע פון דער סטראָפע, ווי אין דעם ליד „ראָקאָסאָווסקי גייט!":

— — — „אין ווייסרוסישע וועלדער האָט עמעץ דערהערט,
ווי עס האָט זיך א טרייסל געגעבן די ערד,
אין געווען איז דאָס פונקט, ווי מען צינדט אָן א קנויט
און עס גייט אָן אן איפּהער דער אויפרייס, דער טויט —
די נקמה, וואָס טאַלין האָט לאַנג שוין געגרייט:
— ראָקאָסאָווסקי גייט!" — — —

(זייט 46)

דאָ איז יעדע שורה געשפּאַנט אן און פאַר זיך, אָבער גלייכצייטיק מיט אַלע איבעריקע געדראַנקלעך און עמאָציאָנעל אָנגעשטעלט אין איין ריכטונג, וועלכע לעזט זיך אויף מיט אזא געהעכטער ליידנשאַפט אין די צוויי ווערטער: „ראָקאָ־סאָווסקי גייט!"

אויסער זייער אידעיש הויכן ניוואָ, דערגרייכן אזעלכע לידער אויך קינסטלע־ריש צו יענער מדרגה, ווען ס'איז שוין נישט שייך צו רעדן וועגן פאָרם און אינהאַלט, ווייל ביידע שמעלצן זיך צונויף אין איין איינהייטלעכן אידעיש־קינסט־לערישן אויסדרוק.

די ראָזיקע איינהייט פון פאָרם און אינהאַלט אין העלערס טערסטנטייל שאַ־פונגען איז אויפגעקומען און זיך געפעסטיקט אין דער האַרטסטער, שטרענגסטער

און אמתדיקסטער שול פון לעבן, אין שווערן קלאַסן־קאַמף, אויף אומלעגאַלע ארבעטער־בערזעס, אויף שטורמישע דעמאָנסטראַציעס, אין עקשנותדיקן געראַנגל פון פוילישן ארבעטער־קלאַס. פונדאַנען אויך די קאָנקרעטקייט פון זיין ליד, די קאָנקרעטקייט, וועלכע פאַראייניקט, פונקט ווי אין לעבן גופא, פרייד און טרויער, ליבע און האַס, האָפענונג און פיין. פונדאַנען אויך דאָס הייסע באַצווינגענדיקע געמיט און דער נאַטירלעכער אָפּטימיזם.

— — — „חברים מיינע פון דער קאַמף,
פאַרנעמט אויף אינדזער פרייד דעם אויבנאָן!
איך קוק צוריק אויף אייך און איך דערזע,
ווי איר טראָגט דורך צו אונדז די רויטע פאָן!

איר טראָגט זי דורך די תפיסות און פאַראַט,
איר טראָגט זי דורך מיט בלוט און מיט געזאַנג,
איר טראָגט זי דורך מיט לאָזונג און פלאַקאַט —
די פאָן, וואָס האָט צו אייניקייט דערלאַנגט!

פון פענצטער־קראַטן שלאָגט צו אונדז די שיין,
וואָס האָט פון אייער הונגער אויסגעשטראַלט,
און פון די אויסגעשרייען און דער פיין —
דאָס שענסטע ליד: דער אינטערנאַציאָנאַל."

(זייט 80—81)

באַזונדערס בולט טרעטן ארויס די קאָנקרעטקייט און דער אָפּטימיזם פון העלערס וואָרט אין די לידער וועגן אונדזער נייער צייט, וועגן אונדזער בויונג, וועגן אונדזער קאַמף פאַר שלום, וועלכע זענען ארומגענומען אין „היימערד" דורך די אָפּטיילונגען „פרילינג און פרידן" און „דאָס נייע הויז".

טאַקע ווי א פרילינגס־שטראָם צעריזלט זיך העלערס ליד, אָפּשפּיגלענדיק אין זיך דאָס ארומיקע צאַרטע און לויטערע ליכט און דעם שטומען, שווייגנדיקן וונדער פון אייביקער בליונג:

— — — „מיין טראָט דערשפּירט, ווי ס'ריזלען אין דער ערד
און ס'שווילן אָן אין וואַרעמקייט די קוואַלן, —

מיין אויג קוקט דורך יעטוועדן שוואַרצן בוים,
ווו ס'לויפט דער זאַפט פון וואָרצל צו די צווייגן" — —

(זייט 97)

ס׳איז דאָס גייע לעבן אויף פוילישער ערד, וואָס האָט אָנגעזאָגט העלערס ליד, דאָס שטענדיק אומרואיקע און קעמפערישע, מיט אַזוי פיל רו און ליכטי־קייט, מיט אַזוי פיל פרייד און זיכערקייט:

„ א לויב דער זון, זי האָט זיך דורכגעריסן
אין לעצטן ווינטער־טאָג דורך שניי און רעגן.
און אַלע שטעט — זיך מיטאַמאָל באַוויזן
און אומעטום אַריין דורך טויזנט וועגן.

די ליכטיקייט הייבט אָן זיך שנעל פאַרמערן
און שטופט אַרויס די נעכט פון די מעת־לעתן —
פאַרטאָג, ווען ס׳לייכטן נאָך די גרינע שטערן,
הייבט זי שוין אָן דאָס גאַנצע לאַנד צו מעסטן.

זי זאַמלט אַלע נעפּלען איין אין טויען
און הענגט זיי אויף, ווי פּערל, אויף די גראָזן. —
אַ לויב דער זון! מיר קאָנען איר געטרויען,
דאָס לעבן וועט אונדז קיינמאָל נישט פאַרלאָזן!"

(זייט 100)

אויף וואָס פאַר אַ ערד, ווו עס הערשן נאָך די פינצטערע כוחות פון בלינדער מענטשן־שנאה און מענטשן־אונטערדריקונג, איז אַ דיכטער אימשטאַנד אַרויס־צוברענגען מיט אַזוי פיל אומזיכלבאַרקייט און איבערצייגונג אַזאַ הימן פון גלויבן און פרייד, פון האָפענונג און ליכט? אַזעלכע לידער קאָנען נאָר אויפקומען דאָרט, ווו:

„דאָס סאַמע שענסטע וואָרט אין אַלע שפּראַכן,
דאָס סאַמע אָפּגעהיטנסטע — איז שלום".

(זייט 115)

דאָרט, ווו:

אויף רושטאַוואַניעס שטייגן אויף די בוימער
און וויקלען איין די ציגל אין דער זון."

(זייט 131)

ווו:

„די צייט פון ליבשאַפט און פון בלומען —
די צייט פון בויען איז געקומען".

(זייט 138)

די דאָזיקע צייט איז שרשט איצט געקומען אויף דער פּוילישער ערד און גע־בראַכט מיט זיך די פאַרווירקלעכונג פון דיכטערס אויסגעבענקטן חלום אין משך פון יאָרן. און פּונקט ווי דעמלט, אין דער צייט פון בלויזן חלום צווישן איין שלאַכט און דער צווייטער, האָט העלער באַוויזן זיין סוביעקטיווע איבערלעבונג אויפצוהייבן צו אַן אַלגעמיינער אָביעקטיווער הייך, צו אַן אויסדרוק פון גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק, אַזוי איז אויך איצטער העלערס ליד ווען העלדישן אויפ־שטאַנד אין געטאָ, ווען דער גרויסער טריישאַפט צום ראַטנפאַרבאַנד, ווען דער אינטימער פאַרבונדנקייט מיט דער פּראָגרעסיווער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג און ווען דער אומבאַגרענעצטער ליבע און איבערגעגעבנקייט צום הייננטיקן פּוילן — געוואָרן דאָס ליד פון יידישן אַרבעטנדיקן מענטש, דאָס ליד פון עכטן פּאַט־ריאָטיזם און פאָלקס־ליבשאַפט און אינטערנאַציאָנאַליסטישן מיט מענטשלעכן גייסט.

# „אין אונדזער צייט"

פאַראַן לידער, וואָס זעען אויס, ווי זיי וואָלטן אַנטהאַלטן אין זיך די טיפס־טע געהיימנישן. אָבער וואָס אויפמערקזאַמער מיר לייענען זיי, אַלץ מער פאַר־שווינדט די דאָזיקע געהיימנישפולקייט און עס בלייבט איבער אַ פּוסטקייט. ביינעם העלערס ליד איז פשוט און קלאָר און אָפן פאַר יעדע איינעם, ווי ליכט. און דאָך, וואָס מער מיר לייענען זיך אַריין אין דעם, אַלץ ברייטערע און טיפערע האָריזאָנטן עפנט עס אויף פאַר אונדז, ווי אַ קוואַל, וואָס נאָך אַ לענגערן איינקוקן זיך דערזעט מען אין אים די אָפּשפּיגלונג פון גאַנצן פילקאָלירנדיקן אַרום.

העלערס ליד איז פּונקט אַזוי פילקאָליריק און שפּיגלט אָפּ די פאַרשידנאַר־טיקייט פון אונדזער צייט. מיר געפינען אין דעם די פרייִדיקע איבערלעבונגען פון באַפרייטן מענטש אין פּראָצעס פון זיין שטאָלצער שעפערישער מי. מיר געפינען אין דעם אויך די טיפסטע געפילן פון אייִדעלן צאָרן קעגן די, וואָס מענטשלעכער ווייטיק און אומגליק איז פאַר זיי נאָך אַלץ נישט מער ווי ביזנעס. אַפילו די לי־דער, אין וועלכע העלער רעדט בלשון איך, זענען אויך ס'רוב נישט מער ווי אַ באַ־שטימטע דיכטערישע פאָרם, אין וועלכער עס קומען צום אויסדרוק די שטימונגען, איבערלעבונגען און האָפענונגען פון דעם קלאַס, מיט וועלכן העלער איז באַהאַפטן פון זיין ערשטן ליד:

„כ'בין קיינמאָל נישט געווען אין ליד אַליין,
כאָטש אָפט האָב איך דאָרט וועגן זיך גערעדט—"

זאָגט העלער אין זיין פּראָגראַם־ליד „דער העלד פון מיין ליד“. דער אַרבעט־סנדיקער מענטש איז דער העלד פון העלערס דיכטונג. וועגן אים און פאַר אים האָט ער געשריבן,

„ביז ער האָט אין מיין פּנים זיך דערזען,
ביז ער האָט זיך דערהערט אין מיינע רייד —
פאַרשטאַנען — אַז אין ליד בין איך געווען
אַ נאָמען פאַר זיין חלום און זיין פרייד“.

פאַרשידן איז דער אורשפּרונג און די באַווירקונג פון דעם ליד. איינס לייכט אויף ווי אַ בליץ און פאַרשווינדט. אַ צווייטס פלאַטערט אויף, ווי פייער אין דער נאַכט, וואָס באַלייכט אַ קליינעם באַגרענעצטן שטח, אָבער פול מיט ציטערנדיקער שיין און ליבער וואַרעמקייט. אַ דריטס איז, ווי אַ געשריי אין דער טונקל, וואָס וועקט אַן אומרו אין האַרץ אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרץ צו דער אומבאַוווסט־קייט. אָבער עס איז אויך פאַראַן אַ ליד, וואָס קומט אויף באַטירלעך און גייט־ווענדיק, באַשיידן און רייף, ווי דער טאָג. און פאַראַן איז אין דעם פּשטות און וווּנדער, שיין און שאַטן, רו און אומרו.

אַזעלכע זענען די מערסטנטייל לידער פון העלערס בוך „אין אונדזער צייט“. ווי צייטיקע פרוכטן, אַנטהאַלטן זיי אין זיך אַ קאָנדענסירטע זאַפטיקייט פון געפיל און געדאַנק, אַ זאַפטיקייט, וועלכע האָט זיך געלייטערט אין משך פון יאָרן דורך טיפע, טיילמאָל ווידערשפּרעכלעכע איבערלעבונגען, אָבער מיטנעמענדיק מיט זיך דעם אייגנאַרטיקן קלימאַט פון יעדערער באַזונדער.

די לידער, וועלכע גייען אַריין אין דעם בוך, פאַרמאָגן די זעלבע פּשטות און אָנגעלאָרנקייט פון וואָרט, די זעלבע קאָנטראַסטאַרטיקע געפרעסטקייט און שפּאַ־נונג פון אויסדרוק, די זעלבע געהעמטע ליידנשאַפט און קאָנקרעטקייט, וועלכע זענען געוואָרן די קענצייכנס פון בינעם העלערס ליד פון דער ערשטער מינוט, ווען עס האָט מיט צאַרטער טרוימערישקייט און הייסן פּראָטעסט אויפגערודערט און געצונדן דאָס האַרץ פון אַרבעטנדיקן מענטש.

אָבער די זעלבע אייגנשאַפטן באַהאַפטענע צוזאַמען, און דער עיקר, אויס־געפרווטע און רעאַליזירטע אויף אַ טעמאַטיק פון אַקטועלער הייזנטצייטיקייט, אויף וועלכער בישט איין דיכטער איז שוין געשטרויכלט געוואָרן, באַדייט:

ערשטנס, אַ נייע קוואַליטעט,

צווייטנס, אַ העכערן עטאַפּ אין העלערס שאַפן — אַן עטאַפּ, אויף וועלכן די דאָזיקע אייגנשאַפטן ציילן זיך שוין נישט באַזונדער, נאָר שאַפן איין גאַנצ־קייט, שאַפן אַ סטיל, שאַפן אַ נוסח — דעם נוסח פון בינעם העלער.

אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע נייע קוואַליטעט?

זי באַשטייט אין דעם, וואָס זי גיט אונדזערווירקלעכקייט אַ קאָנקרעטע דיכ־טערישע אָנקליידונג, דאָס הייסט, זי הייבט זי ארויס און באַזייטיקט אין איר וועזנט־לעכן תוך, נישט בלויז ווי קיין לאָגישע נויטווענדיקייט אָדער אַבסטראַקטע גע־רעכטיקייט, און אויך נישט בלויז ווי אַ סטיכיש געפיל, נאָר ווי דאָס אַלץ צוזאַ־מען אין אַ טיפער מענטשלעכער איבערלעבונג, אין אַ קאָנקרעטער מענטשלעכער געשעעניש.

אייניקע פּרוּוון אונדזער לעבן אויפצונעמען דורך אויפריכטיקער פּאַטעטיק און אַבסטראַקטער בילדלעכקייט. אָבער די פּאַטעטיק, וועלכע איז אין אונדזער לעבן אָן שום ספק פאַראַן, איז אַנטהאַלטן אין דער פּשטות פון רעאַלן טאַט.

אַנדערע ווידער מיינען: אונדזער לעבן איז פּאָעטישער פון יעדער פּאָעזיע — גענוג עס צו קאָפּירן. אָבער אין דער קאָפּיע לעשט זיך אויס זיין פּאַרביקער פלאַם און עס ווערט ענלעך צו אַ גרויער מאַסקע.

די ערשטע גיבן אָנשטאָט דעם לעבן בלויז זייער באַציונג צו דעם. די צווייטע גיבן דאָס לעבן, אָבער זיי צינדן עס נישט אָן מיט דעם פלאַם פון זייער האַרצן, עס זאָל אויסשטראַלן די וואַרעמקייט און דאָס ליכט, וואָס עס פאַרמאָגט אין זיך.

דער דיכטערישער אמת איז נישט קיין סוביעקטיווע, ווילקירלעכע פאַרשטע־לונג פון לעבן און אויך נישט זיין קאָפּיע. ער איז דער סינטעז פון סוביעקטיוון און אָביעקטיוון, פון דער ווירקלעכקייט און פון דעם אינטימען אופן פון איבער־לעבן זי דורך דעם מענטש. ערשט אזא אמת שאַפט די וויזיאָנערע קראַפט פון וואָרט, וואָס פאַרזשעקטירט אין דער צוקונפט, וואָס דעקט אויף אין היינט דעם שפּראָץ אויף מאָרגן. ערשט אזא אמת שאַפט דאָס דינאַמישע בילד פון דער ווירקלעכקייט.

דער פּאַטעטישער ראָמאַנטישער סטיל איז נישט די אויסערלעכע פאָרם פון העלערס ליד, פונקט ווי ער איז אויך נישט די אויסערלעכע פאָרם פון דער בייער וואָר. אָבער פונקט ווי די וואָר טראָגט עס טיף אין זיך דעם פּאַטאָס פון בייעם לעבן און אַ גרויסן ראָמאַנטישן שוווּנג. די שטילע, געצוימטע און וואָכעדיקע שורות פון העלערס ליד אָטעמען מיט געהעמטער ליידנשאַפט פון דירותדיקע דערשטיקטע פאַרלאַנגען און שטראַלן אויס אַ ליכט פון גרויסע און איידעלע טרוימען.

די דאָזיקע געהעמטע ליידנשאַפט פון העלערס וואָרט, זיין אינערלעכע אָנ־געלאָדנקייט און אויסערלעכע פּשטות און רו זענען, פאַרשטייט זיך, אָן אָרגאַנישע אייגנשאַפט פון זיין דיכטערישן טעמפּעראַמענט און טאַלאַנט. אָבער נישט בלויז דאָס. די וואָרצלען פון דער דאָזיקער אייגנשאַפט גרייכן טיף אין דער סביבה, וועלכע איז געווען די אָפּנעמעריין פון זיין ליד. די אָפּנעמעריין אין דאָפּלטן זין פון וואָרט, ד. ה. נישט בלויז אין זין פון קאָנסומירן, נאָר אויך פון שטיין ביי

זיין סאַמע געבורט, פון העלפן דעם אָפּרייסן זיך פון דעם נאָפּל פון פאַרשידענע פרעמדע באַווירקונגען, פון האָדעווען און דערציען עס מיט פאַטערלעכער האַרבקייט. העלערס ליד איז געוואָרן פון סאַמע אָנהייב דאָס ליד פון אַרבעטנדיקן יידישן מענטשן, ווייל עס האָט אויסגעדריקט זיינע געראַנגלען און האָפענונגען, אָבער אויך דערפאַר, ווייל עס האָט גערעדט מיט זיין שפּראַך, קורץ, פּראָסט און קאָנקרעט, וואָס האָט נאָך מער בולטער געמאַכט זיין אינערלעכע וואָג און אחריות, זיין טיפן ערנסטן באַנעם פון אַלע לעבנס-דערשיינונגען.

די דאָזיקע אייגנשאַפט פון זיין וואָרט האָט העלער אָפּגעהיט אין אַלע שטורעמס פון אונדזער דור. ער האָט זי אויך געבראַכט אין איר רייפסטער געשטאַלט אין ליכט פון אונדזערע היינטיקע טעג. דערמיט האָט ער זיך געשטעלט אין דער פאָדערשטער ריי פון דער דיכטונג פון באַפרייטן מענטש.

ווען מיר וואָלטן וועלן די דאָזיקע טעזע אונדזערע באַגרינדן מיט ציטאַטן פון דעם לעצטן בוך, וואָלט אונדז אויסגעקומען איבערצודרוקן די ווייט גרעסטע צאָל לידער, וועלכע גייען אין דעם בוך אַריין, מיר וועלן זיך דעריבער מוזן באַגנוגענען בלויז מיט אייניקע, צופעליק אַרויסגענומענע. יעדעס געפיל, יעדע איבערלעבונג, יעדע געשעעניש, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט אונדזער לעבן אין פּאָזיטיוון צי נעגאַטיוון זין, ווי, למשל, פרייד פון שאַפן, פריינדשאַפט, היימלאַנד-ליבע, יוגנט, קאַמף פאַר שלום, דער נייער מענטש, פּונקט ווי די שנאה צו אַלע אונדזערע אינערלעכע און אויסערלעכע פיינט, פאָלקס-פאַראַט, מענטשן-אונטערדריקונג און פיל ענלעכע — געפינען זיך אין העלערס ליד אין זייער וועזנטלעכער דיכטערישער געשטאַלט, ד. ה. אין יענער קאָנקרעטער בילדלעכער פאָרם, וועלכע מאַכט זיי פאַר דעם אייגנטום פון יעדן ערלעך פילנדיק האַרץ.

ווען דער פרייד פון אונדזערע היינטיקע טעג זאָגט העלער:

„זי איז, ווי אונדזער לעבן, נישט באַרויט,
און גייע קראַפט באַקומט זי, ווען זי ענדערט;
און אומדערמידלעך איז זי, ווי דאָס בלוט,
און ווי די פאָן, וואָס פלאַטערט איבער לענדער“.

צי קאָן נאָך זיין אַ מער אינטימערע און אַדעקוואַטערע בילדלעכקייט פון אונדזער פרייד, אַ מער טרעפלעכע באַצייכענונג פון איר אייגנאַרטיקן אידעישן אינהאַלט?

אָדער אין דעם וויזיאָנערן ליד „מיט אָפענע אויגן“:

„דער פּאַלאַץ פון מיין שיינער קינדער-מעשה
נעמט שיינען איבער הונדערט קילאָמעטער.
איך זע, ווי ס'לייכטן זיינע ווענט די ווייסע
אויף ווייטע שטחים און אויף צייטן שפּעטער“.

פון די סאמע פשוטסטע ווערטער הייבט אָן ארויסשיינען די ליכטיקסטע ווייזע פון דער צוקונפט און אויף דעם דיסקרעטסטן אופן גייט אויף די ווירגדיקסטע ליבע צום נייעם פוילן.

די דאָזיקע ליבע, וועלכע העלער האָט אויסגעזונגען מיט אזויפיל חיטיס און בענקשאַפט נאָר אין זיינע ערשטע לידער פאר דער באפרייונג, נעמט אָן איצט, אין שיין פון נייעם לעבן, די צאַרטסטע דיכטערישע פאָרמען:

„אויב פארוואַנדלט צו ווערן דארף איך אין א בוים —
וויל איך זיין א בעריאָזע.
איך וויל שטיין אויפן פאָן פון אומענדלעכן רוים
און פון פוילישע גראָזן".

אָדער:

„ס'איז אָנהייב פון אויגוסט, ס'איז זומער בייגאַכט —
א נאַכט, ווען עס פאלן די שטערן.
מיין פוילישע ערד איז אצינד, ווי א פראַכט
פון א פרוי, וואָס רוט אָפּ פון געבערן.
זי דעמפט אוים די ריחות פון סאָסנע און ווייץ
פון היי און געבונדענעם קאָרן.
און אָט נעמט זי לייכטן מיט אייגענעם שיין,
ווי זי וואָלט א זון איצט געוואָרן".

אין אזעלכע און ענלעכע צו זיי לידער שיינט אויף די היימלאַנד-ליבע מיט יענעם דיכטערישן ליכט, וואָס גרייכט צו יעדנס הארץ.

די זעלבע געפילן באַקומען אין העלערס לידער מיילמאָל אויך אן עפּישע אָנקליידונג, אָבער דאָס מינערט גאָרנישט פון זייער פאטעטישן שוווּנג און דיכטערישער צאַרטקייט, פארקערט, זיי ווערן נאָך בולטער און איבערצייגנדיקער, ווי דאָס באַווייזן אזעלכע שיינע לידער, ווי „צו א ספּיקערין אין וואַרשעווער ראַדיאָ", „א קראַנקנשוועסטער", „ליד וועגן באָלעסלאַוו ביערוט און וועגן דעם קינד מיט רויטע בלומען" און פיל אנדערע.

דעסגלייכן געפינט העלער דאָס קאָנקרעטע און געלאָדענע בילד פאר זיין שנאה צו די מענטשן-אומטערדריקער און מלחמה-אינטערעסנטער, און פאר דעם מענטשלעכן מיטגעפיל און פאר דער ליבשאַפט צו זייערע אומגליקלעכע קרבנות:

„אין מיין לאַנד גייט דער פרילינג אַריבער,
אין די זאנגען גיסט אָן זיך דאָס ברויט,
נאָר איך טראַכט וועגן איינער א ליבע
אין סינג-סינג, צווישן לעבן און טויט.

---

און ס'פאַרלעשט זיך די בלויקייט פון רוימען,
און דער טוי פון די פעלדער פארשווינדט,
און פון צאָרן די ווייסל נעמט שוימען,
און אין שטורעם גייט איבער דער ווינט".

אָדער:

„אין לאַנד, ווו ס'וואַרט אין רויך דערשטיקט די זון —
דאָרט האָט געוווינט א יינגל קים משאַל־יון.
א געלע הויט געהאַט און שוואַרצע האָר,
און, ווי מיין טאַכטער, אלט געווען צען יאָר".

„ווי מיין טאַכטער" — אָט איז העלערס נאַטירלעכע, אוממיטלבאַרע בילד־לעכקייט, וועלכע נעמט אָן יעדעס מאָל אן אנדערע פאָרם, אָבער וועלכע איז שטענדיק דער אויסדרוק פון דירעקטן געפיל, פון עכטער איבערלעבונג, און דע־ריבער אזוי טיף־גרייכנדיק.

אמת, אין זיין שטרעבונג צו פשוטקייט און קלאָרקייט פון אויסדרוק, אָדער ווי העלער דריקט זיך אליין אויס — „מען זאָל מיך לייכט פארשטיין" — טרעפן טיילמאָל שורות, וועלכע האַלטן נישט איין דעם גלייכגעוויכט צווישן דער אומ־מיטלבאַרער איבערלעבונג און איר שפּראַכלעכן אויסדרוק, ווי, למשל:

לאַנג וועט דויערן דאָס לעבן,
ווייל מיר האָבן וואָס צו געבן.

אָדער:

מיליאָנערן און הערשער אָן הערצער
אפּלאָדירן דעם פינצטערן תלין.

צי:

„נישט גרינג איז אָנגעקומען דער נצחון,
נישט ווייניק בלוט האָט דאָס געדאַרפט צו קאָסטן,
דעם שונאס קראַפט זאָל ווערן איינגעבראָכן" —

די אינטענץ פון דיכטער איז דערביי א קלאָרע. ער דעקט זי אונדז אויף אין פאָלגנדיקע שורות:

— — — „איך האָב ליב אזוי צו רעדן,
אז קלאָר, פארשטענדלעך ווערן זאָל פאַר יעדן
די שיינקייט פון די וואָכעדיקסטע זאכן".

דאָס טוט טאַקע העלער מיט זיין גאַנצער דיכטונג.

אָבער דורך דער פערטער שורה פון דער זעלבער ציטירטער סטראָפע:

„און ליב האָב איך, אז יעדעס וואָרט זאָל וואַכן" —

טראַגט אריין העלער א ריכטיקן קאָרעקטיוו אין זיין ליבע פאר פאַר־שטענדלעכקייט.

דאָס וואַכע וואָרט — און אזא איז בעיקר העלערס וואָרט — איז שטענדיק דאָס סאַמע איבערגעלעבטסטע, דאָס סאַמע אָנגעלאָדנסטע, דאָס סאַמע נויטוועני־דיקסטע, און דערפאר מאַקע במילא אויך דאָס סאַמע פאַרשטענדלעכסטע.

אזא אָרט פארשטענדלעכקייט, וואָס קומט נישט פון פאראיינפאכונג, נאָר, פאַרקערט, פון טיפסטער דיכטערישער אַחריות און קאָנצענטרירטקייט, איז איי־נער פון די עיקרדיקסטע שטריכן פון העלערס סטיל, דעריבער מאַקע דאכט זיך אונדז, אז ענלעכע שורות צו די איבנדערמאָנטע פאלן זענען אינגאנצן ארויס פון דעם דאָזיקן סטיל, זענען געוויסע פארנאכלעסיקונגען אין דער אלגעמיין עמאָציאָנעלער און נעדאנקלעכער שפּאַנונג פון העלערס ליד.

אָבער די דאָזיקע קריטישע באַמערקונג קאָנען מיר מיטן פולן באַווסטזיין שטעלן אויף דעם מאַרגינעס פון דער אלגעמיינער אָפּשאַצונג, ווייל כאָטש זי איז וערט, אַז מע זאָל זיך איבער איר פאַרטראַכטן, האָט זי אָבער אַ שייכות בלויז צו איינצלנע צופעליקע מאָמענטן פון נישט גענוגנדיקער דיכטערישער וואַכזאַמקייט און רירט נישט אָן דעם תוך פון די לידער, דאָס וועזנטלעכסטע פון העלערס סטיל, וועלכער האָט אין דעם בוך, ווי מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט, אויסגעהאַלטן דעם פרווו פון דיכטערישער קאָנקרעטקייט און עכטקייט אויף דער נייער טעמאַ־טיק פון א פריידיקער, בויערישער און שעפערישער ווירקלעכקייט מיט דער זעלבער אָנשטעקנדיקער קראַפט, ווי אמאָל אין זיינע לידער פון פראָטעסט און קאַמף און שפּעטער פון טרויער און צער.

אין אונטערשיד פון אלע ביזאַיצטיקע העלערס לידער־זאַמלונגען — שטעלט פאָר מיט זיך די דאָזיקע נייע טעמאַטיק כמעט דעם אויסשליסלעכן אינהאַלט פון דעם בוך. מיר האָבן אָבער נישט דערביי קיין געפיל פון עפּעס אַן אי־בערברוך, נאָר, פאַרקערט, פון א סינטעז, אין שיין פון וועלכן מיר דערזעען נאָך בולטער די גאַנצקייט פון העלערס שאַפן, זיין באַטירלעכן און נויטווענדיקן דיכ־טערישן גאַנג און זיין כסדרדיקע אידעישע און קינסטלערישע שטייגערונג טראָט ביי טראָט מיט דעם קלאַס, וועגן וועלכן און פאר וועלכן זיין ליד איז געשריבן. דעריבער מאַקע יעדעס מאָל, ווען העלער קערט אום זיין בליק אויף צוריק, איז ביי די טיפסטע געפילן, וועלכע מיר לעבן איבער דערמיט פונסניי, מיט פונדעסט־וועגן אויף אונדז נישט קיין ווי מיט יענעם בלינדן טרויער, וועלכער פאַרשטעלט, געוויינלעך, די שיין פון היינט. פאַרקערט, עס ווערט נאָך קלאָרער אונדזער צייט און פריידיקער אונדזער גאנג, ווייל צו דער דאָזיקער צייט איז געווען געווענדט העלערס ליד פון זיין ערשטן אָנהייב, ווי צו דער פאַרווירקלעכונג פון שענסטן טרוים:

„עס טרעפט, אז א שויב פון מיין קינדהיים נאָך שיינט,
און דערלאַנגט געשעט אזא זעלטענער גט,
אז פונקט ווי אין טויט — אין מיין פנים איך פארגעס,
און ס'פאַלט אויף מיר אָן אומגעריכט יענע פרייד,
וואָס כ'קאָן נישט געפינען פאַר איר קיין באַשייד". — — —

אָבער אין א צווייט ליד גיט העלער אליין דעם באַשייד. חייל —

— — — „נישט ווי גרויע גאָמעגלאָזע העלדן
זיי זענען פון דער אויבערפלאַך פארשוונדן,
צו נייע קאַמפן קומען זיי זיך מעלדן
מיט גליענדיקע נישט פארהיילטע וואונדן.

— — — — — — — — — — — — —

אויף אייביקע און פעסטע פונדאַמענטן
זיי שטייגן אויף צוזאַמען מיט די בויער,
און אַלע הייזער ווערן מאָנומענטן
פאַר זייער אָנדענק און פאַר זייער טרויער".

אין דער דאָזיקער קאָנטינואיטעט פון קאַמף און ליבשאַפט, פון טרוים און ווירקלעכקייט, וועלכע איז אזוי כאַראַקטעריסטיש און חשובֿדיק פאַר העלערס דיכטונג, באַשטייט דער סוד פון העלערס אָרגאַניש-קינסטלערישן איינשליסן זיך אין נייעם לעבן, פון זיין קאָנען אַרויסברענגען עם דורך טיפער דיכטערישער איבערלעבונג פול און קאָנקרעט, באַשטייט די נייע העכערע קוואַליטעט אין זיין שאַפן — דער אייגנאַרטיקער נוסח פון עכטקייט און פשטות און פון גלייכ-מעסיקער אָנלאָדונג פון וואָרט מיט געפיל און געדאַנק — דער נוסח, וועלכער איז פאַרווירקלעכט אין די מערסטנטייל לידער פון דעם בוך „אין אונדזער צייט" און וועלכער שטעלט אַרויס העלערן אין דער פאָדערשטער ריי פון דער דיכטונג אין נייעם באַפרייטן פוילן.

# וועגן צוויי שאַפונגען פון משה שולשטיין

## „אַ רעגנבויגן איבער גרענעצן"

משה שולשטיינס ליד האָט זיך שטענדיק אויסגעטיילט מיט זיין וואָכעדיקער פשטות און קאָנקרעטער קענגשטאַנדלעכקייט. זיין טעמע איז געווען אַ רעאַלע געשעעניש, וואָס האָט אין איר דיכטערישער פאַרוואַנדלונג אויסגעטאָן פון זיך די עלעמענטן פון צופעליקייט און געוואָרן אַן אַלגעמיינע טיפּישע דערשיינונג, אַ כאַראַקטעריסטישע פאַר איר צייט און סביבה. אַבסטראַקטע אינדיווידועלע שטימונגען, וואָס יאָגן אָן און פאַרשווינדן, ווי לייכטע ווינטלעך, זענען פרעמד געווען שולשטיינס געמיט. פון דער ערשטער מינוט איז זיין ליד געווען איינגעזעסן, ווי אַ יונג ביימל, וואָס אויב אפילו עס איז פאַרקוקט אין די בלאָע הימלען, טראָגט עס אָבער אין זיך גופא דעם לעבעדיקן זאַפט פון וואָרצלען, וועלכע זענען טיף און ברייט פאַרצווייגט אין אַן אייגענעם באָדן. דער דאָזיקער באָדן איז פאַר שולשטיינס ליד געווען דער יידישער אַרבעטנדיקער מענטש, די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסע, מיט אירע טאָגטעגלעכע פרייד און זאָרגן, מיט אַלע אירע וואָכעדיקע פאַראינטערעסירונגען און, דער עיקר, מיט אירע אומאויפהערלעכע געראַנגלען פאַר יעדן פּיצל ברויט, פאַר יעדן ברעקל פרייהייט און פאַר יעדע מינדסטע רעכט צו לעבן ווי אַ מענטש.

די בירגערלעכע שרייבער פון יענער צייט, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיטן פשוטן אַרבעטנדיקן פאָלק, וואָס האָבן אויסגעטראָגן אין זיך אויסשליסלעך אָדער דעם יאוש פון זייער אונטערגייענדיקן קלאַס, אָדער די קרענקלעכסטע באַגערן און אויסגעלאַסנסטע געוווינהייטן פון דעם זעלבן קלאַס, זענען אַרומגעגאַנגען, ווי לונאַטיקער, מיט אויגן אויפגעריסענע צו פּוסטע בלאָע רוימען און, ווי גומי, געקייט אָנבייגעדיקע ווערטער, סטיליזירנדיק און מיסטיציזירנדיק די קלייניגלעכסטע פאַרלאַנגען און דעגענערירטע פאַנטאַזיעס, אָדער דערפירנדיק אויף דעם צינישסטן אופן די שענסטע מענטשלעכע אידעען צו פּוסטער ווערטערשפּיל און אַנעקדאָטישער ביליקייט. זייערע האַרבסטיקע אומעטן, וועלכע האָבן

זיך דורכגעריסן פון זייערע פאַרצאָגטע נשמות דורך געמאַכטע קונצנשטיק פון אויסגעטראַכטע און צוגעטראַכטע פאָרמען און אינהאַלטן, האָבן געטליעט מיט אָפּגעבליאַקעוועטע פלעמעלעך פון הויכע און בלאַסע גראָזן אויף פוילנדיקע זומפּן און אָפּגעגעבן מיטן זעלבן ריח.

עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן, ווי פאַרזעסענע מיידן, שוין אויסגעלעבט אין זיך יעדעס נאַטירלעך געפיל, פון צרות „אַריבערגעוואַקסן" יעדע עולם־הזה און זיך גענומען „פּאָעטיש" קליגלען איבער אַלץ און איבער זיך אַליין, שיטנדיק מיט טיפע פילאָזאָפישע געדאַנקען, גענגבעטע ביי דעם אַלטן קלוגן קוהלת.

די דאָזיקע אַלע ריטער פון יאוש, אונטערגאַנג און הבל־הבלים זיצן היינט מערסטנטייל מעבר־לים אויף דער גאָלדענער קייט פון רייכן אָנקל סעם, און זייערע טראַגישע שטימעלעך זענען געוואָרן פיל מענערישער: צוגלייך מיט מנחה־מעריב־לידער, שרייבן זיי אויך מלחמה־מאַרשן און אין איין צייט מיט יאוש־מגילות דע־קלאַמירן זיי אויך אומקום־דערקלערטן.

אָבער שוין אין יענער „אַלטער גוטער צייט", ווען די פּראָסטע פּראָזאַישע רייד פון שולשטיינען האָבן זיך דורכגעשלאָגן פון זיין שניידערישן „פּאַלאַץ" אויף מוראַנאָווסקע דורך די גרויס־סוחרישע נאַלעווקעס און קליין־קרעמערישער דזשי־קע אַזש ביז טלאָמאַצקע 13, האָט זייער ריח פון פריש־אויפגעאַקערטער ערד און זייער נאַטירלעכער וואָכעדיקער קלאַנג נישט געקאָנט אַנטשפּרעכן די איינוווינער פון אָלימפּ, וועלכע האָבן שוין דעמלט אין זייער פאַרטראַגנקייט נישט באַמערקט, אַז די עכטע קוואַלן פון קינסטלערישן שאַפן האָבן אויסגעטרוקנט אויף זייער באָדן פון אַבסטראַקטע בענקענישן און משיח־זיפצענישן און זיך איבערגעטראָגן אויף דער פעסטער ערד פון אַרבעט און מי, אויף דער ערד, וועלכע עס באַוווינט דאָס פּשוטע פאָלק.

שולשטיין איז דאַן פון דער דאָזיקער ערד געקומען און גלייך אָנגעהויבן רעדן מיט איר געזונטן לשון. ער האָט נישט באַדאַרפט אָנהייבן זוכן קיין אויסטערלישע אינהאַלטן פאַר זיין וואָרט, ווייל אויף דער דאָזיקער ערד איז אַלץ געווען אַנ־דערש און אויסטערליש ווי אַ נס: אַ טרוקן שטיקל ברויט, אַ פּשוט גלעזל טיי, אַ בוידעם־שטיבל, שוין אָפּגערעדט פון אַ שטרייק, אַ דעמאָנסטראַציע און דאָסגלייכן. אַלץ איז דאַ געווען אַ גרויס געשעעניש, פאַרבונדן מיט טיפע מענטשלעכע איי־בערלעבונגען. ערנסטע זאָרגן, שווערע קאַמפן און זעלטן ווען אויך מיט פריידן. דאָס אַלץ, אַרומגענומען פון אַ טיף ליריש געמיט און ווירדיק מענטשלעך געפיל, איז געוואָרן די טעמע פון שולשטיינס פּראָטעסטירנדיק און קעמפעריש ליד.

שולשטיין איז געוואָרן דער זינגער פון אַרבעטנדיקן „מוראַנאָוו":

— — — „מיט א דינעם בליק, ווי מיט א מעסער,
מעסט מיין מאמע דורך א ברויט
און רעכנט אויס,
צי ס'וועט זיין גענוג אויף היינט,
צי נישט,
און מיט א ציטערדיקער האנט
און מיט א שווער געמיט אין הארץ —
אָ, מיט א שווערער הארץ,
ווי בעת מען לאָזט אראָפּ אין ים אריין
שווערע פולע זעק מיט שפּייז־פּראָדוקטן —
— לאָזט זי פאָרזיכטיק אראָפּ אין א גלאָז טיי
צוויי שטיקלעך צוקער..."

אזוי האָבן געטראכט שולשטיינס מאמעס אין יאָר 1935 אין ווארשע דער שטאָט. און אזוי האָבן אויך געטראכט זייערע קינדערלעך אויף זייער אייגענעם קינדערשן אופן:

— — — „דער טאטע איז לאנג שוין אין שטאָט,
אוועק, ווען עס האָט אויף באגינען געבלאָזט,
און ערגעץ־ווו אין א פארשנייטער גאס
זיין רידל וועט שרייען פאר קעלט, און אין כעס
דעם זילבערנעם כישוף צעשטערן.
דערפאר וועט דער טאטע פארנאכט אויפן טיש
אוועקלייגן זילבערנע גראָשנס א ריי
און איינס אויפן צווייטן, ווי שופּן ביי פיש,
און ליכטיקע בייגל און גאָלדיקע הערינג
און מילך אין א פלאש — א פלעשל מיט שניי,
א ביימעלע צוקער — א ביימעלע שניי,
א פאפירל מיט קעז — א פאפירל מיט שניי" — — —

ווי אומעטיק און עכט עס גייען אויף פאר אונדז איצט די דאָזיקע פּראָסטע שורות און, גלייכצייטיק, ווי צארט און ווי אָנגעלאָדן מיט אמתדיקן דיכטערישן געמיט, מיט אויפריכטיקער פּאַטעטישער איבערלעבונג!

אָבער שולשטיין איז קיינמאָל נישט געווען דער באזינגער בלויז פון זאָרג און עולן. ער איז קודם כל געווען דער דיכטער פון קאמף פון דעם נייעם אויפּ־ואכנדיקן יידישן ארבעטס־מענטש, און נישט נאָר פון יידישן. דערמונטערנדיק דעם ארבעטס־מענטשן מיט זיין קלאָרן און פארשטענדלעכן וואָרט, האָט ער אי־דער זעלבער צייט אליין געשעפּט פון אים זיין קראפט פון אויסדרויער, זיין גלויבן

אין ענדגילטיקן זיג. פון דעם דאָזיקן גלויבן קומט שולשטיינס אָפּטימיזם, וועלכער לעשט זיך נישט אויס אין די סאמע שווערסטע צייטן:

— — — „און הינטער די שטאכעטן,
אינעם פרעמדן זעט,
חלומט אלץ מיין בליק —
ער חלומט דאָרט פון א באגין,
ווען נישט ווייט פון די ארכיוו־אַלבומען
וועט זיך אויפן הויכן ראָטהויז־טורעם
א נצחונדיקע פאָן
צעקושן מיט דער זון,
און פון אלבום
אין אלע פּאָזעס און אין אלע זייטן
וועט מיין גראָע פאָטאָגראפיע קוקן
מיט פאָטאָגראפיעס אנדערע א סך,
קוקן צום ארום
צום פלאץ אראָפּ, צום דרויסן דעם באפרייטן,
און שמייכלען,
שמייכלען —
אין טריומף...“

(מיין פאָטאָגראפיע, 1936)

פון דעם זעלבן גלויבן קומט זיין שטאָלצער זעלבסטגעפיל און די זיכערקייט אין דער אייגענער קראפט:

„די רייכע גאסן איז א שרעק באפאלן
פאַר אונדזער טויט — נישט בלויז פאַר אונדזער לעבן —
— — — — — — — — — —
דיין טויט דערשראָגן אויף די ברידער־אקסלען —
אזוי דערטראָגן וועלן מיר דאָס לעבן,
חבר, וולאדיסלאוו קאָזאק.“

(די לוויה פון וולאדיסלאוו קאָזאק, 1936)

די לידער, וואָס פון זיי זענען ארויסגענומען די אויבן געבראכטע ציטאטן, גייען אריין אין דער אָפּטיילונג, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „פארשטויבטע כתבי־ידן“. נאָר מיר דאכט, אז אָנרופנדיק די אָפּטיילונג מיט דעם נאָמען, האָט שול־שטיין געטראכט אויסשליסלעך וועגן זיין אלטער פוילישער היים, וו דער דאָזי־קער חלום וועגן א באגין, אין וועלכן אויפן הויכן ראָטהויז־טורעם וועט א נצחונ־דיקע פאָן זיך צעקושן מיט דער זון — איז שוין געוואָרן וואָרע וואָר. אמת דעם

ראָטהויז־טורעם האָבן פאַרניכטעט די היטלערישע וואַנדאַלן, דערפאַר אָבער קושט זיך די דאָזיקע פאָן מיט דער זון אויף אַלע דעכער פון שטאָט. דאַקעגן אין די לענדער, ווו דער זעלבער חלום איז נאָך דערוויילע שווערער בלוטיקער קאַמף, זע־נען אַזעלכע כתב־ידן נאָך צאַפּלענדיקע ווירקלעכקייט. דאָרט שטייט נאָך אַלץ זייער אָפּט אַ מאַמע

„ביים צוגעדעקטן פּראָסטן אַרבעטס־טיש דעם גרויסן,
וואָס געדענקט שוין לאַנג נישט דעם קלאַנג פון אַרבעט“...

און

— „מיט אירע הענט און איר אמונה
פאַרשטעלט זיך זיך אַליין איר פּנים און איר זאָרג“.

(„מיין מאַמע ביי די שבת־ליכט“, 1936)

און אין געסלער ענלעכע צו שמולעוויזנע ווערט אויך נישט איינמאָל אין אַן אָרעם שטיבל פּלוצעם

— — — „אַזוי מאָדנע העל און ליכטיק,
ווי אויף אַ זעלטן שמחה־מאָלצייט, צי אַ יום־טוב,
און ס'פירט צוריקוועגס עמעצן די שיין געפאַנגען,
און ליידיק שרעקט אַ בעט, ווי נאָך אַ מת אַ נאָענטן...“

(„שמולעוויזנער געסלער“, 1935)

דערנאָך וואַנדערן מאַמעס אום ווי דאָ אַמאָל, פון די פאַרוואָרפנסטע דערפער און שטעטלעך „אויפן וועג צו דער קרייז־שטאָט, צום אויספאָרשונגס־אַמט“ צו זייערע זין און טעכטער, כדי נאָך לאַנגע וואָגלעניש זיך צוריקקערן אין פוסטער היים אָדער דערזען אויף אַ פאַבריק אַ פאָן איינגערעמט אין שוואַרצן מיט דעם נאָמען פון זייער קינד.

די רירנדע מענטשלעכע שורות פון דער פּאָעמע „דער מאַמעס וואַנדערונג“, וועלכע פליסן אַזוי ברייט און אומעטיק פאַרטראַכט, ווי די טייכן פון פּוילישן היימלאַנד, זענען נאָך אויף גרויסע שטחים פון אונדזער ערד פיל מער אַקטועל איצט, איידער ווי אין יאָר 1935, ווען זיי זענען געשריבן געוואָרן.

דאָכגלייכן מיט דער גרעסערער פּאָעמע „קינד און קייט“, אין וועלכער עס ווערט מיט אַזוי פיל אמת און האַרץ געשילדערט דער וווּקס פון רעוואָלוציאָנערן באַוווּסטזיין ביי דער יוגנט פון די אָרעמע געסלעך, וועלכע דער דיכטער שילדערט מיט אַזאַ ווייטיקלעכן סאַרקאַזם:

„ס'איז פרילינג דאָ — — —
ביי אונדז, ביי אונדז אפילו גרינט שוין אויך... —
ווער זאָגט דען,
אַז מע האָט אין אונדז פאַרגעסן? —

זעט,
אויף אַלטע דעכער וואַקסט שוין נייער מאָך!...“

צוזאַמען מיט די קינדער הייבן אָן מיטצוגיין די וואַקלדיקע טאַטעס, און אין די אויפמאַרשן פון אויסגעהונגערטן פאָלק „צום שיינעם העלן ראָטהויז — — — מיט טענות און מיט מאָנונג אויף צאָרנדיקע פלאַטערנדיקע אויפגערוישטע פאָגען“ ווערט אָפּט פון זייער „זיין ביי דער זייט“ און „אינדערמיט“.

די פּאָעמעס, פּונקט ווי ס'רוב לידער שולשטיינס, זענען דורכגעדרינגען מיט דעם טיפסטן אינטערנאַציאָנאַלן גייסט. דאָס פּינטעלע ייד פאַרשטעלט נישט ביי שולשטיינען דאָס מענטשלעכע, דעם גרויסן בשותּפותדיקן קאַמף פון אַלע אונטערדריקטע קעגן זייערע אונטערדריקער און דעם שטאַרקן בונד צווישן איין אַרבעטס=מענטש און צווייטן. מיט דער זעלבער טיפער איבערלעבונג שילדערט אונדז שולשטיין די פּיין פון דער פּוילישער און יידישער מאַסע, מיט דער זעלבער עכטקייט — דעם קאַמף פון די קאָזאַקס און צירלס. דאָס פאַרשמעלערט נישט דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט אין שולשטיינס דיכטונג, דאָס פאַרמינערט אויך נישט איר נאַציאָנאַלע דערקענטעניש=ווערט. פאַרקערט, דאָס ברייטערט אויס דעם דאָזיקן מאָמענט און פאַרטיפט אים צו אַן אַלמענטשלעך פּראָבלעם.

א באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט ציט אויף זיך דער ערשטער ציקל לידער אין דעם בוך א. נ. „אומקער אין פּוילן“. אונטער דער פאָרמלעכער רואיקייט פון די דאָזיקע לידער פילט זיך דער הייסער ציטער פון טיפע ווייטיקלעכע איבערלעבונגען, דער נישט איינגעשטילטער צער פון טראַגישע דערפאַרונגען. דאָס פאָרן פון דיכטער איבער דער דייטשישער ערד, דאָס צונויפטרעפן זיך מיט די קאָשמאַרע חורבות פון דעם נאָר וואָס ברויזנדיקן יידישן לעבן אין פּוילן רופט אַרויס ביי אים פּייַנלעכע געפילן און דערינערונגען. שולשטיין דריקט אויס די דאָזיקע געפילן אין מענטשלעך פּראָסטע, נאָר סוגעסטיווע דיכטערישע בילדער. אָבער ווי א דיכטער מיט א טיפערן און ברייטערן סאָציאַלן באַנעם, וואָס זעט נישט בלויז די פאַקטן, נאָר אויך די סיבות, און וואָס איז פאַרקוקט נישט בלויז אין דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך אין דער צוקונפט, דערלאָזט נישט שולשטיין, אַז זיין וואָרט זאָל אויפגעלייזט ווערן אינגאַנצן אין דעם ים פון ליידן. דורך די טרערן פון זיין אייגענעם אומגליק און פון דעם אומגליק פון זיין פאָלק שיינט אויף פאַר אים אויך דאָס נייע און פריידיקע אין זיין ערשטער פּוילישער היים, ווערט ער דורכגענומען אויך מיט דעם יונגן דרייסטן לעבן, וואָס גייט אויף מיט אַזויפיל מענטשלעכע האָפענונגען און טרייסט אויף די בלוטיקע שפּורן פון די היטלערישע רציחות:

„טרערן פון צעשטערונג און פון טרויער
ווישט אַראָפּ די קעלניע פונעם בויער...

אויף מיין היימשטאָט, מילדע קעלניע, גוטע
לייג זיך, ווי די דלאָניע פון א מוטער...“
(„אין מיין היימשטאָט“)

דאָסגלייכן דאָס ליד „א הויז אין בויען“.

דער דאָזיקער אינערלעכער כוח און די שעפערישע פאַרנומפט צו דערזען דאָס אייגענע אומגליק, מעג עס זיין ווי גרויס, איינגעגלידערט אין דער קייט פון אַלגעמיינע סיבות און באַדינגונגען, און נאָך מער, צו דערזען דורך ד׳עם נאָך קלאָרער און בולטער דעם גרויסן מענטשלעכן זין פון דעם אַלגעמיינעם קאַמף קעגן דעם הויפּט־קוואַל פון אַלדאָס בייז — העלפט צו שולשטיינען נישט בלויז ארויסצוגיין פון דעם בלינדן און פינצטערן ווינקל פון צער, אין וועלכן ס׳זענען געבליבן שטעקן זייער פיל, נישט אריין און נישט ארויס, נאָר היט אויך איין זיין טרויער־ליד גופא פון יענע אַבסטראַקטע געשרייען, געקינצלטע אויסטערלי־שע בילדער און פאַלשער פאַטעטיק, מיט דער הילף פון וועלכע אייניקע געשווי־רענע קלאָגער באמיען זיך צו מאכן דעם איינדרוק, אז זיי, ווי די „איינציקע פאַר־שטייער פון פאָלק“, ליידן מער פון אַלעמען.

ווי שוין אויבן געזאָגט, ווייטיקן די דאָזיקע „פאָרשטייער“ פון יידישן פאָלק און פון דער „ריינער קונסט“ בלויז אין היכל פון זייער, אזוי גערופענער, „פּאָע־זיע“. ווי נאָר אָבער זיי טרעטן אריבער די שוועל פון דעם דאָזיקן היכל, אזוי מעלדן זיי זיך גלייך צו זייער וואָכעדיקער עבודה פון ביליקע משרתים ביי די פאַרשיידנסטע מלחמה־העצער און שרייען אוים אויף אַלע מערק: די נוצלעכקייט, הומאניטארישקייט און גוטוועלנדיקייט פון די סאמע נייסטע מאָרד־מכשירים פון דער פירמע דאלעס, אייזענהאואער עט קאָמפּ. אין דעם פאַל נעמען זיי זיך שוין גאָרנישט איבער דערמיט, וואָס אויב די דאָזיקע מכשירים זאָלן טאקע אריין אין באוועגונג, ווי זיי פראָפּאגירן דאָס, דעמלט זענען זיי מסוגל צו פארענדיקן מיט דעם רעשט פון פאָלק, וואָס זיי זענען זיינע „איינציקע פאָרשטייער“.

געשעפט איז געשעפט.

נאָר דאָס איז נאָר דרך אגב.

שולשטיינס טרויער־ליד איז אזוי ווייט פון יענער אויסגעקינסטלטער לייד־פּאָעזיע, פונקט ווי שולשטיין אליין איז ווייט פון יענע „פּאָעטן“, זיין ליד וועגן אונדזער פאָלקס־אומגליק איז אייגנעהאלטן־שטיל און אוממיטלבאר־קאָנקרעט:

— — — „א בגד אויף צווישן די בגדים — איך בלייב
א פארקלעמטער,
איך שווייג, ווי עס שווייגט יעדער איינער פון אייך,
א פארשעמטער.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בגדים, בגדים, איר זענט מיין לבוש היינט געוואָרן.
(„פאר די בגדים פון מיידאנעק“)

אָדער:

אויף פּלאַנטן פון קאָלושקי, טשענסטאָכאָוו, יאַבלאָנע,
ווי אייגן זענען מיר די פּראָסטע לאַסט־וואַגאָנען — — — —
צי זענט איר נישט געווען די מיטות און די אָרונס
פון אונדזער קינד־און־קייט, פון אלע שיינע יאָרן? — — — —
איך דאַרף אפשר צופאַלן צו אייך און וויינען, וויינען,
וואַגאָנען — אָרון־קודשן און אוהלים מיינע.
(„אויף היימישע וועגן“)

פון די דאָזיקע לידער אָטעמט מיט טיפן מענטשלעכן צער, מיט עכטער איבערלעבונג. זיי פירן אָבער נישט צו אלגעמיינער בלינדער שנאה, נאָר, פאַרקערט, צו א העכערער און איידעלער ליבע צום מענטש, וועלכע קומט צום אויסדרוק אין דעם שיינעם, איידעלן און טיף־מענטשלעכן ליד „אַ רעגנבויגן איבער גרענעצן“, וואָס זיין נאָמען טראָגט ווי אַ סימבאָל דאָס גאַנצע בוך.

פּאָלקסטימלעך, שפּילעוודיק און פול מיט הומאָר זענען די ליבע־לידער פון דעם ציקל „צווישן פיר ווענט“. אַ גוטער קלוגער שמייכל רוט אויף דער מערהייט פון די דאָזיקע לידער, ווי דער דיכטער זאָל וועלן מיט אים פארשטעלן די אינטימקייט פון זייער אינהאלט. אָבער דורך דעם דאָזיקן שמייכל קומט אויף דער אינהאלט נאָך בולטער, דערביי אינטערעסאנט אין געבוי און אייגנארטיק אין אויסדרוק. אויך די בילדערישקייט אין ס׳רוב פון די לידער איז אָריגינעל און פריש און אַנטשפּרעכט פולשטענדיק די שטימונג און דעם געמיט־צושטאַנד פון דיכטער. דאָס זענען לידער רייפע און עכטע, וואָס דעקן אויף פאר אונדז א נייעם שולשטיין, א שולשטיין מיט א טיפער און אינטימער פארשטענדעניש פאר פּאָלקסטימלעכן הומאָר און מיט א מין היינישער זעלבסט־איראָניע.

איינפאַלעריש און אָפּטמאָל שארפזיניק זענען אויך א גאנצע ריי פון די האלב־סאטירעם האלב־משלים, פון דעם ציקל „מענטש צווישן חיות“, כאָטש אייניקע פון זיי זענען עטוואָס צעצויגן און פאַרנעפּלט. צו די געלונגנסטע לויט זייער צילגעווענדקייט און פארגאנצטקייט מיין איך, קאָן מען פאררעכענען אזעלכע, ווי „ראָבן“, „אַן אייגענער טאָן“, „העד סקעפּטיקמאַן“ און „דער וואָלף און דאָס לעמעלע“.

אין דעם בוך קומען נאָך אריין א גאנצע ריי לידער, וועלכע זאָגן עדות וועגן דער ברייטער גאמע פון פּראָבלעמען, וואָס קומען צום אויסדרוק אין שולשטיינס דיכטונג, וועגן איר עכטער הומאַניטארישקייט און וועגן אמתדיקן אינטערנאַציאָנאַלן גייסט, מיט וועלכן זי איז דורכגעדרונגען. אזעלכע זענען די לידער

„רויטאַרמייאישער בית=עולם ביי דער אָדער“, „צוויי חברים“, „צו די קוילנ=
גרעבער“ און אַ ריי אַנדערע פון ציקל „אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט“.

---

אין דער יידישער לעגענדע איז דער רעגנבויגן אַ סימבאָל פון שלום. אויס=
קלייבנדיק דעם דאָזיקן נאָמען פאר זיין בוך, האָט שולשטיין אונטערגעשטראָכן
די צענטראַלע אויפגאַבע פון אונדזער צייט, די עיקרדיקסטע פּראָבלעם, וועל=
כע באַאומרואיקט היינט אַלע פעלקער אויף דער גאָרער וועלט און וועלכע איז
געוואָרן דער חלום פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט. די לידער אין דעם בוך
בארעכטיקן דעם דאָזיקן נאָמען. זיי העלפן אונדז צו סיי קינסטלעריש, סיי אי=
דעיש אין דעם שווערן קאמף צו דערגרייכן דעם דאָזיקן גרויסן ציל.

## די דראַמאַטישע פּאָעמע „יהודה המכבי“

ביי דער פאַרווירקלעכונג פון יעדער היסטאָרישער טעמע עקזיסטירט די גע=
פאַר פון צוויי קעגנזעצלעכע, וועזנטלעכע שטרויכלונגען. אָדער מע ווערט אַליין
געפאַנגען דורך דער טעמע און מע בלייבט שטעקן מיט איר צוזאַמען אין דער
פאַרגאַנגענהייט, אָדער מע נעמט די טעמע אין געפענגעניש און מע פאַרוואַנדלט
זי אין אַן אַקטועל געשעעניש, וואָס טראָגט בלויז צוליב דעקאָראַטיווע טעמים
א פּאַרצייטיקע הלבשה.

איןביידע פאַלן באַקומען מיר בלויז אַ סוראָגאַט און גאַנץ אָפט אפילו
א פעלשונג פון געשיכטלעכן אמת.

אין ערשטן פאַל דורך דעם פאַרשטעלן זיך אַליין די פּערספּעקטיוו מיט
בלויזע פאַקטן, אָפטמאָל צופעליקע, נישט וועזנטלעכע. אין צווייטן פאַל דורך
דעם פולשטענדיקן נעגירן די ווירקלעכקייט פון פאַקטן. די איינזייטיקייט אין איר
דאָפּלטער געשטאַלט לאָזט זיך פאַרגלייכן צו אַ מענטשן, וואָס אָדער ער קוקט
זיך איין פון גאָר נאָענט אין ליכט, אָדער ער פאַרמאַכט אינגאַנצן זיין בליק.
אַזוי צי אַזוי ווערט ער געשלאָגן מיט בלינדקייט.

אין דער ליטעראַטור און קונסט איז דער ענין נאָך מער קאָמפּליצירט. די
ספּעציפיק פון דעם געביט פאָדערט נישט בלויז צו אינפאָרמירן וועגן אַ וועלכער
ס׳איז געשעעניש, נאָר צו באַזינגען זי, און דאָס נישט דורך אַבסטראַקטע באַ=
גריפן, נאָר דורך אַ בילדלעכקייט, וואָס מאַכט זי איימענטיש, פאַראייגנט זי ווי
אַן איבערלעבונג. דער אָביעקטיווער שטאָף פון וועלכער ס׳זאָל נישט זיין טעמע
דערהייבט זיך צו דער מדרגה פון קונסט, דאָס הייסט, צו דער מדרגה פון אַ
סוביעקטיווער נויטווענדיקייט, נאָר דעמלט ווען ער גייט אַדורך דורך דעם מוח

און האַרץ פון קינסטלער, זאַפט איין אין זיך די פאַרב פון זיין געמיט, געשטאַלטיקט זיך לויט זיין וועלט־באַנעם.

פאַרשטייט זיך: אויב דאָס דאָזיקע געמיט פון קינסטלער און דער דאָזיקער וועלט־באַנעם געהערן אליין צו א וועלט, וואָס האָט שוין אָפּגעלעבט, זענען אין כתירה צו דער אָביעקטיווער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, דעמלט זענען אויך דער אמת און די נויטווענדיקייט פון אזא קונסט נישט מער ווי שיינבאַרע, אין תוך פאַלשע, און זיי קאָנען נישט פאַרמאָגן אין זיך די פאַראַלגעמיינערונגס־קראַפט, וועלכע איז די עיקרדיקע אייגנשאַפט פון יעדער עכטער קונסט. דאַקעגן ווען דאָס געמיט און דער וועלט־באַנעם פון קינסטלער אַנטשפּרעכן די פאָרויסגייענדיקע כוחות פון זיין צייט, פאַלן זיך צונויף מיט דער אַנטוויקלונגס־ליניע פון לעבן, דעמלט ווערט יעדער אָביעקטיווער שטאָף, וואָס גייט אדורך דורך זייער פורעם, דורכגעלויכטן אינערלעך פון א ווירקלעכער לעבנס־שיין און דערזען פון אזא הויכקייט, וועלכע דערמעגלעכט צו באַמערקן אין אים דאָס סאמע כאַראַקטעריסטישע און אייגנאַרטיקע פאַר זיין צייט און סביבה און גלייכצייטיק דאָס, וואָס איז געמיינזאַם געוויסע סביבות אין אַלע צייטן, פאַרשטייט זיך, אין פּראָפּאָרצן געענדערטע אין הסכם מיט די פאַרהעלטעניש. דעמלט ווערט יעדער קינסטלער־פאַרווירקלעכער פון א טעמע, וואָס איז שוין פאַרלאָפן, ווי א גייער אין די בערג. זיין יעדער טראָט איז געריכטעט פאָרויס, צו דער הייך, אָבער גלייכצייטיק דעקט ער אויף פולער, אַלזייטיקער און וועזנטלעכער די שטחים, וועלכע ער האָט שוין דורכגעמאַכט, וועלכע זענען געבליבן הינטער אים.

מיט זיין דראַמאַטישער פּאָעמע „יהודה המכבי“ האָט משה שולשטיין באַוויזן, אַז ער איז אַזאַ קינסטלער־פאַרווירקלעכער, וואָס איז אימשטאַנד מיט זיין רייכער און קאָנקרעטער דיכטערישער פאַנטאַזיע אויפצולעבן א גאָר ווייטע תקופה און דערביי שעפעריש גובר זיין דעם שטאָף, דערזען אים פון דער הויכקייט פון זיין צייט, אָבער נישט אויסהוילן אים פון זיין אייגנאַרטיקן קאָלאָריט, פון די וועזנטלעכע שטריכן, וועלכע פאַרבינדן אים מיט זיין סביבה און צייט.

פאַראַן אין דער דאָזיקער פּאָעמע א מין ביבלישע פּשטות און ביבלישער חן, סיי אין דער שפּראַך, סיי אין דער צייכענונג פון די געשטאַלטן, סיי אין בוי פון דער אַקציע. עס איז אין איר אויך פאַראַן א רואיקע רייפקייט און אויסגעשטאַנענקייט. די פּרימיטיווקייט פון די העלדן, פון זייערע נאַטורן, האַנדלונגען און רייד הייבט ארויס די רויקייט פון דער צייט, מאכט באגלויבנדיק די אטמאָספער. גלייכצייטיק אָבער דערהייבן זיך א גאנצע ריי געשטאַלטן צו א פאַראַלגעמיינערטער הייך און זייערע האַנדלונגען — צו יענער טיפּישקייט, וועלכע איז אין ענלעכע סיטואציעס גילטיק פאַר אַלע צייטן.

דאָס האָט קודם־כל א שייכות צו די נעגאַטיווע העלדן, צו מענעלאַוס און אַריליוס. שולשטיין האַלט זיי אייגעפּאַסט אין די ראַמען פון דער געשילדער־

טער צייט. ער פאַרהיינטצייטיקט זיי נישט מיט געוואַלד. זייער אויפן פון רעדן און טראַכטן אַנטשפּרעכט די מנהגים און זיטן פון זייער דעמאָלטיקער סביבה. און דאָך איז פאַראַן אין די האַנדלונגען פון זיי ביידע, אין זייערע הניפהדיקע ווענדונגען צום קעניג אַנטיאָכוס און אין זייער פאַרעטערישער באַציִונג צום אייגענעם פאָלק אזוינס, וואָס הזרט זיך איבער ביי ענלעכע לייט אין אַלע צייטן, די היטלערישע און נאָכהיטלערישע ארייננערעכנט.

ווען אנטיאָכוס פּראָקלאַמירט זיך אַליין פאַר א גאָט און דערקלערט, אַז „פון היינט אָן וועט איטלעכער באַדאַרפן מתפלל זיין צו מיר, צו מיר!...“, ענטפערט אַפּ מענעלאַאוס מיט הכנעה:

„נו, גוט, וועל איך מתפלל זיין, ס׳וועט קיינער
דעם קעניג נישט דערווידערן, חלילה,
דער קעניג זאָגט אַ גאָט — זאָל זיין אַ גאָט...
פאַרוואָס דען נישט? — ס׳האָט קיינער נישט דאַקעגן...
איך האָב צו וויסן שוין געגעבן אַלע יידן,
אַז יונג און אַלט זאָל קומען זיך פאַרזאַמלען
צום צייל זיי, ווי ס׳איז, מיין האַר, דיין ווילן“.

(„א לייטער צו דער זון“, ז׳ 156).

און דער גביר אריליום זאָגט צו דעם זעלבן קעניג, דעם אָקופּאַנט פון זיין לאַנד און שונא פון זיין פאָלק, פאָלגנדיקע ווערטער:

„געערבט איז מענעלאַאוס, אונדזער פריינד.
א שטרענגער כהן־גדול איז אונדז נייטיק,
אַזאַ וואָס מיט דער הילף פון אונדזער קעניג
זאָל שיצן אונדזער לעבן און פאַרמעגן.
ווייל ווייס זאָל דער קעניג, אונדזער האַר,
ס׳וועט באַלד פאַר יעדן אָרנטלעכן בירגער
און אַדלמאַן אוממעגלעך פריי צו לעבן.
די יונגען, די פאַרבאָרגענע גזלנים
פון אַלטן מתתיהו חשמונאי
באַנוגן זיך נישט בלויז מיט ליגן אין די היילן;
זיי פאַלן פּלוצים אָן אויף אונדז ביינאַכט
און נעמען צו ביי אונדז דאָס האָב־און־גוטס.
זיי נעמען שפּייז און געלט און אויך צומאָל
אַן אייזל, צי אַן אָקס און אויך אפילו
דאָס לעבן פון אַן אַדלמאַן א הויך־געשעצטן,
וואָס דינט געטריי דעם קעניג אַנטיאָכוס“.

(„א לייטער צו דער זון“, ז׳ 108)

אין דעם גייסט האָבן גערעדט און רעדן די אַלע, וואָס לעבן פֿון דער מי פֿון פֿאָלק אין אַלע צייטן, אין דעם גייסט רעדן די פֿאַרטעטער פֿון אַלע צייטן.

און פּונקט ווי ביי זייער לעבן, אַזוי אויך ביי זייער טויט. דער שענדלעכער סוף פֿון מענעלאַאוסן איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדן פֿאָלקס־פֿאַרעטער. מע נוצט אים אויס און מע שליידערט אים אַרויס.

צו אַ פֿאַראַלגעמיינערונג אין זעלבן זין גרייכט אויך די פֿיגור פֿון מוהל, כאָטש די אָנדייטונג אויף זיין פּאַד, ווי אויף אַ סימבאָל פֿון פֿרוכפּערונג און ייִדישונג, אין קעגנזאַץ צו דער פּאָליטיק פֿון אויסראָטונג, איבערצייגט נישט אין ריכטיקן אויסוואַל. גיכער וואָלט דאָס באַדאַרפֿט זיין איינער פֿון דער מעסיקער, פֿאַרמעגלעכער פּרושים־פּאַרטיי, וועלכע האָט אויך שטענדיק אידענטיפֿיצירט די פֿרייהייט פֿון פֿאָלק מיט דער פֿרייהייט פֿון גאָטעס־דינסט. יעדנפֿאַלס איז אויך אין דער דאָזיקער געשטאַלט פֿאַראַן אַ פֿאַראַלגעמיינערטער געשיכטלעך אמתדיקער מאָמענט, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר באַשטימטע צווישן־שיכטן אין אַלע צייטן. דאָס איז דער מאָמענט פֿון אומקאָנסעקווענטן קאַמף, פֿון מיטגיין בלויז אַ שטיקל וועג, אַזוי לאַנג ווי דאָס אַנטשפּרעכט די אייגענע אינטערעסן. דער מוהל:

„באַוויליק אויסצוהערן מיך, יהודה.
מיר האָבן זיך געשלאָגן פֿאַר אמונה,
צו קאָנען פֿריי מתפּלל זיין צו דעם באַשעפֿער.
איצט קאָנען מיר אָן ווייטערע קרבנות
דערגרייכן אונדזער רעכט, במילא, מיין איך,
קאָן יעדער זאָגן: אונדזער קאַמף איז מער נישט נייטיק“.

(„א לייטער צו דער זון“, ז' 234).

קורץ און אינהאַלטספֿול, פּשוט און פּילזאָגנדיק — זענען די דאָזיקע ווערטער, ווי אַן עכאָ פֿון פֿאַרשידענע צייטן, טראָגן זיי אין זיך טרויעריקע דערפֿאַרונגען און אַנטוישונגען, אָטעמען מיט ווייטער געשיכטע און מיט נאָענטער ווירקלעכקייט. אין זייער געפֿאַסטקייט איז אַנטהאַלטן אַ טיפֿע לערע, ווי אַזוי אונטערצושיידן אין קאַמף צווישן דעם שטענדיקן און צייטווייליקן פֿאַרבינדעטן, צווישן דעם אמתן און צופֿעליקן פֿריינד.

און אַנטיאָכוס מיט זיין נאַרישער אָנגעבלאָזענער גאווה, מיט זיין טעמפּער זעלבסטזיכערקייט געפּאָרט מיט פּחדנות און בלוט־גיריקייט? און דער מיליטער־אָנפֿירער ליזיאַס און דער בעל־יועץ מאַקראָן מיט זייער געמיינער כיטרעקייט און פֿאַלשקייט — צי דערמאָנען זיי נישט, ביי זייער גאַנצער צייטמעסיקייט, אין ענלעכע פֿינצטערע פֿיגורן אין פֿאַרשידענע צייטן פֿון דער געשיכטע?

אויך די פּאָזיטיווע העלדן, וועלכע זענען ווייניקער אינדיווידואַליזירט, נאָר דערפֿאַר אַרומגענומען מיט אַזאַ טיף ליריש געפֿיל און געגעבן מיט אַזאַ תנכישער

קלאָרקייט און פשטות, אויך זיי טראָגן אין זיך אזא ליכט, וואָס שטראַלט אויס איבער צייטן.

יהודה המכבי — מיט זיין באַשיידנקייט און תמימות פון עכטן העראָיזם, מיט זיין גרענעצלאָזער ליבע צום פאָלק, וועלכע ווייסט נישט פון וואקלונג, מיט זיין שנעלער דעציזיע, וואָס רייסט אויף ווי א בליץ אין הייסן באַהעפטן פון געדאנק און געפיל, מיט זיין אונטערגעאָרדנקייט דאָס פערזענלעכע גליק דער גרויסער אידעע פון באפרייונג —

און עטרה — די איידעלע, שטאָלצע יידישע טאָכטער און פרוי, די יידישע זשאנא ד'ארק, וואָס ווערט יעדן דור היינגעריכטעט פאר דעם אמת פון איר צייט, פאר דער ליבע צו איר פאָלק, און קומט ווידער צוריק אומדערשראָקן ווי שטענ־דיק, און ווי שטענדיק — פול מיט גאַרונג צום לעבן, פול מיט בענקשאַפט נאָך ליבע, כדי נאָכאַמאָל פאַר דעם דאָזיקן לעבן און פאַר דער דאָזיקער ליבע צו שטאַרבן. אַמאָל הייסט זי יהודית, אַמאָל בירוניקה און אַמאָל עטל. וויפל דורות, אזויפיל נעמען. שווער צו וויסן. ווו עס ענדיקט זיך די דיכטונג און ווו עס הייבט זיך אָן די וואָר.

נאָר אין מויל פון עטרהן האָט שולשטיין אריינגעגעבן דאָס ליד, וואָס געהער זיי אַלעמען.

„ווי קאָן איך דיין צירונג טראָגן, — — —

ווען ס'טראָגט דאָס פאָלק די שקלאַפן־קייט" — — —

דאָס פאָלק — יהודה ברייטערט אויס זיין אונהאַלט, פאָרטיפט זיין באַגריף. ווען אַזאַר ווענדעט זיך צו אים:

„מיין גוטער האַר, געהערט, אז איר האָט אַלע אָפּשיי

פאַר פּראָסטע לייט, פאַר אָרעמע און קנעכט אפילו,

מיך אויך נעמט מיט מיט אייך, מיך אויך, איך בעט אייך". —

און עס מישט זיך אריין דער מוהל איבעררַאשט:

„דו ביסט דאָך נישט קיין ייד! ווי איז דאָס מעגלעך?!" —

דאַן ענטפערט אָפּ יהודה:

„האָסט רעכט, מיין פריינד, האָסט רעכט אינגאַנצן.

דו גייסט מיט אונדז, ווער ס'ליידט איז אונדז א ברודער".

וואָס פאַר א טיפער אידעישער קאָנפליקט אין אזא קורצן געפּרעסטן דיאַלאָג. צוויי קעגנזעצלעכע וועלט־אָנשויונגען אַנטפּלעקן זיך אין צוזאַמענשטויס ביי א קאָנקרעטער האַנדלונג. און מיט וואָס פאַר א נאַטירלעכער פשטות!

אזא איז דער גרונטיקער נוסח פון דער גאַנצער פּאָעמע. שולשטיין מיידט אויס יעדע סטיליזאַציע, יעדע געקינסטלטקייט. פשוט אין דער שפּראַך, אין דער פאָרם, אין פאַבולאַרן געבוי, נאָר אָנווענדנדיק א געוויסן פּרימיטיוו אין דער

פסיכאָלאָגיע פון די העלדן און אין זייערע האַנדלונגען אין הסכם מיט דער דעמלטיקער צייט און סביבה, ברענגט ער אַרויס אַ באַגלייביקן קלימאַט, אַ פרישע לעבעדיקע פאַרב פון יענער תקופה און גלייכצייטיק אויך פיל מאָמענטן פון טיפער און קלוגער פאַראַלגעמיינערונג, וועלכע עס אַנטהאַלטן אין זיך אַ גאַנצע ריי געשטאַלטן און אויך אייניקע כאַראַקטעריסטישע האַנדלונגען. די דאָזיקע פאַראַלגעמיינערונגען זענען נישט קיין דרויסנדיקע, פון פאָרויס צוגעטראַכטע; נאָר פליסן אַרויס לאָגיש און נויטווענדיק פון דעם עיקרדיקן קאָנפליקט און פון די כאַראַקטערן אַזוי ווי זיי זענען ווירקלעך געווען אין זייער נאַטירלעכער סביבה אין דער דעמלטיקער צייט.

שולשטיין האָט די דאָזיקע צייט דיכטעריש איבערגעלעבט און שעפעריש איבערגעטראָגן. אַ באַווייז דערצו איז די ספּעציפישע אַטמאָספער, וועלכע ס'האָט זיך שולשטיינען איינגעגעבן צו שאַפן אין דער פּאָעמע, אַן אַטמאָספער פון אַ פריען פרילינג=פרימאָרגן, ווען דאָס ליכט איז יונג און שאַרף און די וועלט אַרום איז פריש און פשוט, נאָר דאָך איז אַלץ ווי הורכגעדרינגען מיט אַזאַ שטילן אומעט און בענקשאַפט — אַ חומשדיקע אַטמאָספער.

אַ באַווייז דערצו איז אויך די באַגלייביקייט פון די געשטאַלטן, ביי זייער גאַנצער קאַרגער צייכענונג, אָבער אויך ביי זייער גאַנצער פייערלעכער פשטות און תמימותדיקער רויקייט פון יענער צייט.

מיר האָבן אַזוי אַרום אין דער פּאָעמע די עיקרדיקסטע שטריכן פון אַן עכט קינסטלעריש ווערק, וועלכע באַשטייען אין דעם, וואָס אָפּשפּיגלענדיק די סאַמע כאַראַקטעריסטישע קאָנפליקטן פון אַ באַשטימטער צייט דורך געשטאַלטן און געשעענישן, וואָס וואָרצלען אין דער דאָזיקער צייט, ווערן גלייכצייטיק אַרויסגעהויבן אויך אַזעלכע דויערהאַפטיקע ווערטן, וועלכע הערן נישט אויף צו זיין אַקטועל.

אין דעם באַשטייט די אידעישע באַדייטונג פון דער פּאָעמע, איר ריכטיקע קינסטלעריש=קאָנקרעטע לעזונג פון דער פּראָגרעסיווער טראַדיציע אין דער יידישער געשיכטע און דאָס איבערענטפערן די דאָזיקע טראַדיציע אַן אויסגעלייטערטע פון דעם פסולת, מיט וועלכן עס האָבן זי אַרומגעקלעפּט די הערשנדיקע קלאַסן אין משך פון די שפּעטערדיקע הורות אין נאַציאָנאַליסטישן גייסט פון קלאַסן=סאָלידאַריטעט, פון אידילישער אַחדות צווישן די אונטערדריקער און אונטערדריקטע און פון מכלומרשטער פּאַטריאָטישער מסירת=נפש און פּאָלקס=טרייהייט מצד אַלע שיכטן אָן אונטערשיד. דאָס איז זיי באַקוועם געווען נישט אַזוי, כדי צו פאַרשענערן די פאַרגאַנגענהייט, ווי צו פאַרמאַסקירן זייערע מעשים אין דער קעגנוואַרט.

אָבער מיר ווייסן, אַז די עיקר אידעע פון דער פּאָעמע, ווי שולשטיין האָט זי געזען און רעאַליזירט, דער פּאַטריאָטיזם פון די פּאָלקס=מאַסן און דער פּאַראַט

פֿון די רייכע און פֿון דעם אָנפֿירנדיקן קלער, אַנטשפּרעכט פֿולשטענדיק דעם געשיכטלעכן אמת, אַז ריכטיק איז אויך די אינערלעכע דיפֿערענצירונג צווישן אַריִסטן און מענעלאַאוסן פֿון איין זייט און דעם מוהל פֿון דער צווייטער און צווישן זיי אַלעמען צוזאַמען מיט יהודהן. דער דאָזיקער אמת, וועלכער איז שוין פֿון לאַנג געוואָרן שולשטיינס סוביעקטיווער וועלט־באַנעם און וועלט־געפֿיל, איז אויך דער אָביעקטיווער אמת. און דאָס איז די סיבה פֿון דער אידעישער קלאָרקייט פֿון דער פּאָעמע, פֿון איר אויפֿריכטיקן ליריזם און נאַטירלעכער פּשטות, פֿון איר באַגלויביקער צייטמעסיקייט און אקטועלער פּאַראַלגעמיינערונגס־קראַפֿט.

# די דיכטונג פון לייב מאָרגנטוי

„מיט ברוגזע פּנימער קומען די טעג אין מיין היימלאַנד פּאָלעסיע,
ווי אורחים־יחסנים פאַרשעמטע צו אָרעמע טישן געקומען.
זיי גיבן נישט קיינעם קיין שלום אַזוי ווי אין הויז פון אַן אָבל,
זיי שטילן דעם הונגער און לאָזן פאַרנאַכט זיך אין וועג אַריין שטומע.

עס שלאָפן די נעכט אין די זומפּן, צוקאָפּנס — די אוראַלטער וועלדער,
און זעלטן זיי ציילן אין חלום, ווי גאָלדענע רענדלעך, די שטערן.
עס שיצט זיי דער הויכער טשעראַט פון די הונגעריק־וואָיענדע ווינטן
און וויפל זיי וואַשן אין פינא זיך, קאָנען זיי העלער נישט ווערן...“

עס זענען שוין פאָריבער קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר פון דער צייט, ווען לייב מאָרגנטוי האָט אָנגעשריבן די דאָזיקע שורות, מיט וועלכע עס הייבט זיך אָן זיין פּאָעמע „פּאָלעסיע“. צוויי צענדליק יאָר, אין משך פון וועלכע עס זענען פאָרגעקומען ענדערונגען, וואָס קאָנען זיך פאַרמעסטן מיט יאָרהונדערטער, און דאָך ריפט נאָך אַליץ אַרויס ביי אונדז די דאָזיקע פּאָעמע אַ טיפע איבערלעבונג, טראָגט אונדז איבער אין אַן אַנדער וועלט פון אומענדלעכן אומעט. אמת, מאָרגנטוי האָט אין יענע יאָרן געזען בלויז איין זייט פון פּאָלעסיע, די זייט פון איר פאַרוואָרלאָזטקייט און אינטערדריקונג. ער האָט נאָך נישט דערזען איר בונט און פּראָטעסט, איר שווערן אָבער האָפענונגספולן קאַמף קעגן די אונטערדריקער. במילא האָט ער אויך נישט געקאָנט באַמערקן אירע מער פריידיקע און ליבטיקערע פאַרבן נישט בלויז פאַרבייגייענדיק אויף „רוישיקע שמחות, מיט טענץ, האַרמאָשקעס און לידער“, נאָר אויך אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר, אין איר וואָכעדיקער מי, וועלכע האָט טאַקע קיין זעט נישט געגעבן, אָבער דערפאַר האָט זי פאַרפעסטיקט דאָס געפיל פון אַ באַלעבאָס אויף דער דאָזיקער ערד, באַפעסטיקט דעם גלויבן, אַז דער קאַמף פאַר באַפרייונג וועט סוף־כל־סוף זיגן. דעם דאָזיקן מאָמענט האָט לייב מאָרגנטוי דעמלט נאָך נישט דערזען. אָבער

דאָס, וואָס ער האָט יאָ דערזען, איז געווען אמתדיק און עכט, איז געווען אייגנס און איבערגעלעבט, נישט בלויז ווי אַ סוביעקטיוו געפיל, וואָס קאָן העכסטנס זיין באַגלויביק, נאָר קינסטלעריש־אָביעקטיוו, ווי אַ קאָנקרעט און אָנשוילעך בילד, וואָס איז שטענדיק אָנשטענדיק.

דאָס צעמישן די דאָזיקע צוויי מינים אַיבערלעבונגען דערפירט אָפט צו מיספאַרשטענדענישן ביי דעם קינסטלער גופא. די קינסטלערישע איבערלעבונג איז געגליכן — אויף וויפל אַ פאַרגלייך קאָן נאָר גרייכן דעם תוך פון זאַכן — צו אַ קעגנשטאַנד, וואָס לייכט אַליין מיט זיין אינערלעך ליכט און נישט צו אזא, וואָס זיין שיין איז נישט מער ווי אָפשיין. דער קינסטלער, ווערנדיק אָנגערעגט פון אַ געוויסער דערשיינונג צי געשעעניש, הייבט זיי אַליין אָן צו רעפּראָדוצירן. די סוביעקטיווע איבערלעבונג איז בלויז דער ערשטער באַריר־מאָמענט מיט דעם דרויסנדיקן אָביעקט, דער ערשטער דרויסנדיקער דרוק, וואָס צינדט אָן. דער ווייטערדיקער שעפערישער פּראָצעס קומט שוין פאָר זעלבשטענדיק, אַקטיוו און דינאַמיש, ווי אַ פרישער קוואַל פון ענלעכער באַווירקונג.

דעם קינסטלער, למשל, רעגט אָן די העלדישקייט פון אַ געוויסער געשטאַלט, די פרייד אָדער דער אומעט פון אַ געוויסער סיטואַציע, דאָס געפיל פון ליבע, צי פון בענקשאַפט. ער ווערט באַווירקט פון איינער פון די דאָזיקע דערשיינונגען און לעבט זי איבער פאַסיוו אין זיך, ווי אַן אינטים געפיל. אָבער פריער צי שפּעטער ווערט זיין געמיט איינגעשלאָסן אין דער אַטמאָספער און אין דעם ריטם פון דער דאָזיקער דערשיינונג, דער צושטאַנד פון פאַסיווער איבערלעבונג פאַרשווינדט און די דערשיינונג גופא טרעט אַרויס דורך פאַרשידענע פאָרמען פון אָנשוילעכער בילדלעכקייט אָדער עמאָציאָנעלער אָנגעלאָדנקייט פון וואָרט. די סוביעקטיווע איבערלעבונג, וועלכע איז אַנטשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון אַ דרויסנדיקער אָביעקטיווער ווירקלעכקייט, פאַרוואַנדלט זיך ווידער אין אַן אָביעקט, דאָס מאָל שוין אין אַ קינסטלערישן אָביעקט, וועלכער איז פון אַ פיל העכערער און נויטווענדיקער מדרגה און טיילמאָל אויך פון אַ פיל שטאַרקערער באַווירקנדיקער קראַפט. דאָס ערשטע מחמת דעם אָפּקלייב פון דעם סאַמע עיקרדיקן און כאַראַקטעריסטישן. דאָס צווייטע מחמת דער באַהעפטונג פון דרויסנדיקן שטאָף מיט אַ סוביעקטיוו לעבעדיק געפיל.

די פּאָעמע „פּאָלעסיע“ איז אַזאַ קינסטלערישע סינטעזע פון אַ ברייטן שילדערונגס־פאַרנעם, אין וועלכער די פערזענלעכע איבערלעבונג פון דיכטער איז אָרגאַניש באַהאָפטן מיט דעם דרויסנדיקן אָביעקטיוון שטאָף. פונדאַנען די האַרמאָנישע גאַנצקייט פון איר עפּישן און לירישן עלעמענט, פונדאַנען אויך די נאַטירלעכקייט פון אירע בילדער, וועלכע זעען אויס ווי אַרויסגעוואַקסן פון עצם־אינהאַלט:

„דרימלט מיין היימלאנד, פארוויגט אינעם שטילן געזאנג פון דער פינא.
וואָס היט ווי אַ מאַמע אַ טרייע די עלנטע זומפּיקע ווייטן.
און ס'אָטעמט דער דזשונגל, דער ווילדער — דער פלאַנטער פון
וואַסער-געוויקסן —
מיט סודות פון מעשה-בראשית, מיט אָטעם פון אוראַלטע צייטן.

אומענדלעכע סומנע מדבריות פון זומפּן און וואסער און הימל,
ווי ס'וואָלט אין די טעג פון יצירה אַלץ רוי דאָ פאַרגעסן געבליבן —
געבליבן יבשה און וואַסער, נישט אָפּגעטיילט אײנס נאָך פון צווייטן,
און ס'וואַרט דאָ נאָך אַלץ אויף אַ נאָמען, און ס'וואַרט דאָ נאָך אַלץ
אויף אַ תיקון...“

מיט אויסוואַגלאָזן אומעט אָטעמען די לאַנגע שורות פון דער פּאָעמע, פונקט ווי דער „מדבר פון די וואָכן-טעג גרויע“, פון דער געגנט, וואָס איר נאָמען טראָגט זי. אָבער גלייכצייטיק זענען זיי אויך דורכגעדרונגען פון אַ טיף האַרציק געפיל און טראָגן אין זיך אַ גרויסע בענקשאַפט נאָך מענטשלעכער פרייד, ווי „די האַרציקע פינאַ דעם פריפּעט טראָגט אייביק איר בענקשאַפט אַנטקעגן“, ווי „די אָזערעס שטילע, וואָס בענקען נאָך זוניקן שמייכל...“

מאַרגנטאַו שילדערט אין דער פּאָעמע דירעקט דאָס אָרעמע לעבן אין פּאָלעסיע:

„אין חושך, אין שמוץ קומען קינדער און ווערן ווי זאַנגען פאַרשניטן,
אין די, וואָס דער טויט האָט געמיטן, זיי וואַקסן אַרויס פון די
שמאַטעס...“

— — — — — — — — — — —

„עס מישט אויס דער פויער זיין שווייס מיטן בלוט פון דער אָרעמער
היים-ערד,
וואָס שפּייזט אים: זיין האַרץ איז פאַרביטערט, ער קרעכצט אונטער
לאַסט פון איר גורל“.

אָבער נאָך שטאַרקער און באַווירקנדיקער קומט אויף דאָס דאָזיקע לעבן אומדירעקט דורך די פּלאַסטישע שילדערונגען פון דער אַרומיקער נאַטור, וועלכע זענען אין דער פּאָעמע באַהויכט מיט אַזאַ טיף מענטשלעך געפיל, זענען אַזוי איינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער שטימונג, אַז זיי ברענגען אַרויס די וועזנטלעכע אידעע פון ווערק.

ווי געזאָגט, איז די דאָזיקע אידעע נאָך נישט קיין פולקאָמע אָפּשפּיגלונג פון יענער ווירקלעכקייט, אַנטהאַלט נישט אין זיך די כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון איר גויטוועגדיקער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, מחמת דעם, וואָס דער דיכ-

טער האָט די דאָזיקע ווירקלעכקייט דערוויל דערזען און געוויזן בלויז פון אַ פּאַסיווער פּאָזיציע, פון דער פּאָזיציע פון אָבסערוואַציע און אַ שטרעבן צו ענדערונגען און נישט פון טאָט, נישט פון קאַמף פאַר די דאָזיקע ענדערונגען.

אָבער די דאָזיקע אָבסערוואַציע איז נישט קיין דרויסנדיקע, נישט קיין אינדיפערענטע, נאָר אַן אָבסערוואַציע פון אַן אייגענער איבערלעבונג, פון אַ בילד, וואָס איז אויסגעטראָגן געוואָרן אין האַרץ. דעריבער גיט זי אָפּ אַזוי עכט און אמתדיק דעם צושטאַנד און די שטימונג פון יענער צייט אויף דער דאָזיקער ערד, ספּעציעל פון די שיכטן, וועלכע זענען זיך שוין געווען באַוווסטזיניק פון זייער נויט און אירע סיבות, אָבער נאָך נישט פון דעם אויסוועג.

דער קינסטלערישער אמת, מיט וועלכן דער דאָזיקער צושטאַנד און די דאָזיקע שטימונג זענען אין דער פּאָעמע אַרויסגעבראַכט, די עכטקייט פון געפיל, די פּשטות פון בילד, דער אָרגאַנישער באַהעפט פון דעם עפּישן און לירישן מאָמענט — אַלץ צוזאַמען שאַפט דעם הויערנדיקן ווערט פון דער פּאָעמע.

מיט דער זעלבער עכטקייט פון געפיל און מיט טיפן ליריזם צייכענען זיך אויך אויס די נאַטור- און ליבע-לידער פון ל. מאָרגנטויען. די ליבע צום לעבן, צום מענטש, קומט אויף אין זיי מיט נישט געפעלשטער אומטיטלבאַרקייט און רירנדיקער פּשטות און אָפנהאַרציקייט. ביי זייער גאַנצער תמימותדיקער פּרימיטיווקייט איז פאַראַן אין זיי אַ מין איידעלע דערהייבונג, וועלכע פאַרנייגט דאָס צופעליקע אין מענטש, דאָס, וואָס איז קעגנזעצלעך דעם כלל און דעם אַרום, פאַרוואַנדלענדיק זיך אין אַ באַיאָענדיק געזאַנג וועגן דער באַהעפטונג מיט דער נאַטור, מיטן גאַנצן לעבן אַרום:

„ס'איז נאַקעט נאָך די ערד,
און ס'מאַכט די לופט שוין שיכור.
ס'איז פול היינט יעדעס לוזשקעלע
מיט בלענדנדיקן ליכט.
איך קוש זיך אַ פאַרליבטער היינט
מיט יעדן יונגן ווינטל,
וואָס גלעט אויס יעדעס רונצעלע
און קניטש אויף מיין געזיכט.

מיין לייב זינגט, ווי אַ בוים, היינט
פון מאַמע ערד די זאַפטן,
ווי קנאָספּן מיינע חושים
צעעפענען זיך וואַך.

עס זינגט מיין בלוט הײנט פֿרײדיק,
ווי העלע פֿרילינג־שטראָמען".
(„ס'איז כאָקעט נאָך די ערד")

אָדער:

„ס'האָט זיך הײנט דער שטומער שטײן
צעבליט
מיט זון,
מיט גרין,
מיט זילבערדיקן צוויט — — —
דער שטומער האַרטער שטײן
אַ זינגענדיקער ברודער
איז מיר הײנט געוואָרן".
(„פֿרילינג").

צי:

„ווי עס רעדט דער וואָלקן מיטן ווינט
און ווי עס רעדן בלעטער מיט די צווײַגן,
וויל איך רעדן הײנט מיט דיר
הויך זינגענדיקן שווײַגן.

אין זײַן אינטימער באַציִונג צו דער נאַטור באַגעגנט דער דיכטער די שײַנ־קייט און האַרמאָניע פֿון לעבן אין אַלע זײַנע קעגנזאַצן און ער דערפֿילט ווי אַ קאָנקרעטע קינסטלערישע איבערלעבונג די פֿרייד פֿון זײַן.

דער האָזיקער אָפּטימיזם דערהייבט זיך ביי מאַרגענטויען צו אַ באַוווסט־זיניקער וועלט־אָנשויונג אין זײַנע שאַפֿונגען פֿון סאָוויעטישן פּעריאָד און פֿון דעם פּעריאָד פֿון נײַעם באַפֿרײַטן פּוילן, אַ וועלט־אָנשויונג, וועלכע לאָזט נישט דעם פּאָעט פֿאַרזינקען אין אָפּגרונט פֿון אײַסוועגלאָזן יאוש אַפֿילו אין זײַן דיכטונג וועגן די יאָרן פֿון גרויל און אומקום.

דאָס איז שוין נישט מער דער אומבאַשטימטער אינטואיטיווער אָפּטימיזם, מיט וועלכן מאַרגנטוי ענדיקט זײַן פּאָעמע „פּאָלעסיע":

„אָ, וואַקסט זיך נאָך, לאַנג מײַנס, דערהויבן פֿון פֿינצטערן זומפּ,
פֿון טומאַנען,
מיט כּוח פֿון מענטשלעכן ווילן, מיט ברכה פֿון אַקער און
בראָנע" — — — —

דאָס איז אַן אָפּטימיזם, וואָס קומט פֿון אַ טיפֿערער דערקענטעניש פֿון לעבן, פֿון אַ קלאָרער איבערצײַגונג:

„מיר האָבן אויסגעקעמפט דאָס אַלץ מיט אונדזער האַנט!
און שטעט און געגנטן מיט לעבן זיך באַנייען.
נישטאָ אַזאַ מין העלקייט נאָך אין קיין שום לאַנד,
אין ערגעץ אָטעמען עס קאָן דאָס האַרץ נישט פרייער“.
(”עזרא פיניבערג“).

אָדער:

„אָט דאָס איז דאָס לאַנד פון די זוניקע הוימען,
אָט דאָס איז דאָס פוילן פון אונדזערע טרוימען,
— — — — — — — — — — —
מיט בלוט און מיט זון אויסגעפלאסטערט דער וועג איז,
וואָס האָט אונדז געפירט צו די ליכטיקע טעג איצט“ — — —

און פיל ענלעכע.

צווישן די לידער פון דער דאָזיקער צייט — סיי וועגן ראטנפארבאנד און נייעם פוילן, סיי וועגן די היטלער־יאָרן — זענען פאראן זייער פיל שיינע, האַר־ציקע און טיף דורכגעלעבטע, ווי אויך א גאנצע ריי עכט־פאָלקסטימלעכע, ווי: „כ'האָב פארפלאַנצט א ביימעלע“, „פרילינג“, „וואָס איז פון הימל בלויער“, „אין די צווייגן רוישט דער ווינט“, „אָט דאָס איז דאָס לאַנד“, „שקליארסקע פאָרעמבע“, „שנים־צייט“ און פיל, פיל אנדערע.

עס איז אָבער אויך פאראן צווישן זיי אזעלכע, אין וועלכע דער דיכטער אינפאָרמירט אונדז בלויז וועגן געוויסע דרויסנדיקע דערשיינונגען און אייגענע געפילן, נאָר די דאָזיקע דערשיינונגען און געפילן זענען אין די לידער נישטאָ. די סוביעקטיווע איבערלעבונג איז טאַקע דער קנופ, דורך וועלכן עס פירט די ליניע פון ווירקלעכן אָביעקט צום קינסטלערישן, אָבער זי אליין איז, ווי שוין איבן געזאָגט, נאָך נישט קיין שום אויסדרוק פון קונסט, און וואָס אייפעריקער דער דיכטער באַמיט זיך זי אלס אזא פאָרצושטעלן, אַלץ מער פאלט ער אריין אין סענטימענטאַליזם און אין פאַלשער פאַטעטיק, אַלץ מער פאַראויבערפלעכ־לעכט ער זיין וואָרט, הוילט עס אויס פון זיין קינסטלערישער נויטווענדיקייט אין קאָנקרעטער פאראלגעמיינערונגס־קראפט. עס איז נישט קיין פראגע פון גלויבן אין דער אויפריכטיקייט פון קינסטלערס געפיל, פון האָבן צוטרוי צו זיין סוביעקטיוון איינדרוק. מיר דארפן דעם סוביעקטיוון איינדרוק אליין דערזען אין א בילדלעכער פאָרם און די אויפריכטיקייט אליין דערפילן אין דער אָנגעלאָדנקייט פון וואָרט. אנדערש איז פאראן די געפאר, אז זיי זאָלן זיך פארוואנדלען אין זייער קעגנזאץ, אין דעם, וואָס מע רופט געוויינלעך אָן סכעמאַטיזם און דעקלאַראַ־טיווקייט, אין דעם, וואָס איז די פארלייקענונג פון קונסט.

אין דער דיכטונג פון ל. מאָרגנטוי איז אזא געפאר פאראן.

אין אלגעמיין קאָנען די סיבות פון אזא דיכטונג זיין פארשידענע: מאַנגל פון דיכטערישער פאַנטאַזיע, ווייניק ארבעט איבער זיך, אַן איבערפלעכלעך פאַר־שטיין פון דער געזעלשאַפטלעכער ראָל פון קונסט, א יאָגן זיך נאָך לייכטע נצחונות און דערפאָלגן.

אָבער קוקנדיק די עכטע דיכטערישע שאַפונגען פון ל. מאָרגנטויען, ווי אויך זיין ערנסטע באַציונג צו דיכטונג בכלל, מיינען מיר, אז די סיבות פון דער דאָזיקער געפאר ליגן גאָר אויף אן אנדער פּלאַץ.

ערשטנס, אין דעם נישט גענוגנדיקן אויסטראָגן דאָס אייגענע געפיל ביז אָביעקטיווער בילדלעכקייט און באַגנוגענען זיך בלויז מיט זיין רימישער אָנ־קליידונג, דאָס הייסט, אין דעם שוין אויבן דערמאָנטן פארטויישן די קינסטלערישע איבערלעבונג מיט דער ריין סוביעקטיווער.

צווייטנס, אין דעם לאָזן זיך באַהערשן פולקאָם פון דער מעלאָדיע פון ליד אויפן חשבון פון זיין אינהאַלט.

ל. מאָרגנטוי באַזיצט א טיף געפיל פאר ריטם און מעלאָדישקייט, וואָס איז א ברכה פאר יעדן דיכטער. אָבער דאָס זעלבע געפיל קאָן זיך אויך פארוואנדלען אין א קללה, ווען עס רייסט זיך אָפּ פון אינהאַלט, ווען עס פארלירט יעדע אינער־לעכע פארבינדונג מיט אים, ווען עס ווערט מעכאַניש.

דאָס וואָרט אין דער דיכטונג פילט אויס א טאָפּלטע פונקציע, א געדאנק־לעך־עמאָציאָנעלע און מעלאָדישע, אָבער ביידע שאַפן איין אָרגאנישע גאַנצקייט. די מעלאָדיע איז, אזוי צו זאָגן, די פארקערפּערונג פון דער שטימונג, פון דער אַטמאָספער, אין וועלכער דאָס וואָרט אַנטשטייט, אַנטהאַלט אין זיך די טעמפּע־ראַטור, ביי וועלכע דאָס געדאנקלעכע און עמאָציאָנעלע שמעלצן זיך צוזאמען. אין דער קינסטלערישער פּראקטיק עקזיסטירט אלעמאָל א געוויסע דיספּראָפּאָרץ צווישן די אַלע עלעמענטן. אָבער ווען די דאָזיקע דיספּראָפּאָרץ שטייגט אַריבער די נאָרמאַלע גרענעץ, דאַן פירט זי צו פאָרמאליסטישע אָדער סכעמאַטישע פאַר־קריפּלונגען, דערונטער אויך צו אינהאַלטלעכער צעשוומענקייט, צו אַבסטראַקטע פּאַטעטישע רייד, צו צופעליקע ווילקירלעכע אויסדרוקן און בילדער און דערגלייכן.

אזוי, למשל, טרעפן מיר זיך אָן אין די לידער פון ל. מאָרגנטויען אויף אזעלכע פערזן:

„דאָס ווייב האָט פרישטיק צוגעגרייט
און שמייכלענדיק בנעימות
געפּאָרעט זיך ביים זינגענדיקן פּרימוס“.

אָדער:

„ווי ס'הוליעט אונדזער פּיינט מיט ווילדן תענוג,
ווי ס'בושעוועט זיין שווערד, ווי ס'ווילדעוועט זיין קנוט,

ווי ס'ווערן פעלקער מערדערלעך פארפייניקט,
ווי טייכנווייז עס גיסט זיך יידיש בלוט".

אָדער:

„אַמאָל פלעג איך אין שלאָף כאָטש טרייסט געפינען,
איצט ליג איך לאַנגע נעכט — די אויגן וואך...
איצט גיי איך יעדע נאַכט אראָפּ פון זינען,
איך זע מיין בלוט אין אַלע גאסן רינען —
אין ווייטער היים — פון האַקנקרייץ באַוואַכט..."

צי:

„ווייל די צייט האָט שוין געמיטן,
אין דער אייביקייט אוועק,
ווען אין בלינדן קעלער יידן
פלעגן ווייס ווערן פון שרעק
און זיך איינקאָרטשען אינדרייען,
ווען א קינד פלעגט נעמען שרייען,
און די מאַמע פלעגט אין גרויל
גיך פארשטאָפּן אים דאָס מויל..."

און ענלעכע.

מיר טרעפן זיך אויך אָן אויף אזעלכע מליצהדיקע אויסדרוקן, ווי „בענקשאפט פלאַמיקע", „זוניקע פראַכט", ליכטיקער זיג", „דער שלום־רוף הילכט פעסטער פון קאַנאָנען" צי גאָר אויף אזעלכע פארגלייכן, ווי: „מיין קאָפּ איז פול געווען מיט טרוימען, ווי די עטאַזשערקע מיט ביכער", „די מענטשן אַרום מיר, ווי אָנגע־שטאָפּטע זעק מיט צער".

דאָס זענען נישט מער ווי איינציקע צופעליקע ביישפילן, וועלכע מע וואָלט צום באַדויערן, געקאָנט פארלענגערן, און דאָס נישט מיט בלויזע ציטאַטן, נאָר מיט גאַנצע לידער. קלאָר, אז נישט אין דער צאָל גייט דאָ, כאָטש אויך די צאָל הייבט אָן צו זיין דעצידירנדיק, גייט איבער אין א קוואַליטעט. דער עיקר גייט אין דער אינערלעכער טענדענץ פון דער אַרט דיכטונג זיך אויסצופאָרמירן אין אַ סטיל, אין וועלכן די איינצלנע עלעמענטן. וואָס זענען אים נאָך פאַרבליבן פון דיכטונג, איז דער ריטם און דער גראם, דאָס הייסט, בלויז די אויסערלעכע הלבשה.

ווי שוין געזאָגט, עקזיסטירט די זעלבע געפאר צוליב פארשידענע סיבות אויך ביי איינציקע אנדערע שרייבער. אָבער אורטיילנדיק וועגן ל. מאָרגנטויען לויט זיינע עכט־לירישע, קינסטלעריש־איבערגעלעבטע לידער, איז אויסער יעדן ספק, אז ער איז אימשטאַנד די דאָזיקע סיבות, וועלכע באַווירקן זיין שאַפן אין דער דיכטונג, גובר צו זיין.

אזוי געשעט מאקע אין זיינע קינדער־לידער, אין וועלכע די מעלאָדישקייט אין ריטמישקייט פון פערז הייבן נאָך מער ארויס דעם אינהאַלט, שאַפן די געהעריקע שטימונג. ל. מאַרגנטוים קינדער־לידער זענען געשריבן קלאָר און פשוט, אָבער גלייכצייטיק פריש, איינפאַלעריש און מיט שעפערישער פאַנטאַזיע. סיי זיינע פאָלקס־מאָטיוון, ווי „דער פעטער עליע“, „דער גביר און דער שניידער“ און אנדערע, סיי די, וואָס זענען אויף היינטצייטיקע מאָטיוון, צי אויף נאַטור־טעמעס, זענען דורכגעדרונגען מיט אמתער לעבנס־פרייד, מיט מענטשן־ליבע און טיפער אַכטונג פאַר מענטשלעכער מי. זיי פאַרמאָגן אויך א נאַטירלעכע, אוממיטלבאַרע בילדלעכקייט און שפּילעוודיקייט און אַ גוטע פאַרשטענדעניש פאַר דער פסיכאָלאָגיע פון קינד.

* * *

ל. מאַרגנטוי געהער צו די דיכטער, וואָס ווערן אָנגערעגט פון די אקטועלסטע דערשיינונגען און געשעענישן אין אונדזער לעבן. אין אַ גרויסן טייל פון זיינע לידער האָט מאַרגנטוי באַוויזן, אַז ער איז אימשטאַנד יעדע אָנרעגונג לאָזן אָנדייפן ביז קינסטלערישער איבערלעבונג און אַרויסברענגען אין אַ נישט געפעלשטער אַטמאָספער פון אוממיטלבאַרקייט און פשטות. דאָס גיט אונדז אַ גרונט אין אפשר אויך פאַרפליכטעט אים אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף יעדער געפאַר פון אַלגעמיינע רייד און איבערפלעכלעכן אָפּטימיזם, ווי ריטמיש אין מעלאָדיש עס זאָל נישט זיין זייער אויסערלעכער פאָרם. עס וואָלט אָן שום ספק געווען נישט ריכטיק און באַוואולהנדיק פאַר ל. מאַרגנטויען, ווען מיר זאָלן זיין דיכטערישן אייגנאַרט זען בלויז אויף דער פלאַך פון דער דאָזיקער ריטמישקייט און מעלאָדישקייט פון זיין פערז און נישט אין דעם עכט־לירישן אינהאַלט פון זיין ליד אַלס גאַנצעס, אין זיין שטימונגספולער בילדלעכקייט און טיפן אָפּפילן די נאַטור.

פון די דאָזיקע עיקרדיקע אייגנשאַפטן פון זיין טאַלאַנט וואָלטן מיר טאַקע וועלן זען אויסוואַקסן זיין נייע טעמע, די טעמע וועגן דעם באַפרייטן מענטשן אויף אַ באַפרייטער ערד.

# וועגן די לידער פון הדסה רובין

הדסה רובין געהער צו די וויניק שרייבנדיקע, דאָפּלט וויניק. אירע לידער באַווייזן זיך נישט אָפּט און דאָס, וואָס באַווייזט זיך שוין יאָ, איז קאַרג אין אויסדרוק, לאַקאָניש, ווי זי זאָל ענדלעך זיך באַפרייען פון אַ לאַסט, וועלכע האָט אויף איר לאַנג געהויערט. אָבער איר יעדעס ליד האָט זיך זיין ספּעציפישן אויסדרוק, איז אָנגעלאָדן מיט טיפער איבערלעבונג, און אונדז דאַכט זיך, אַז עס דערמאָנט אונדז אָן אַ שיעור אין אונדזער אייגן לעבן, אין דעם לעבן פון אונדזערע נאָענטע, אַז ס'האָט אונדז מיט אייניקע געציילטע ווערטער געזאָגט זייער אַ סך וועגן דעם, וואָס לאָזט זיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דעם דאָזיקן איינדרוק באַשטעטיקט פולשטענדיק דאָס ערשטע ביכל לידער פון הדסה רובין „מיין גאַס איז אין פענער": אין וויניקע זייטלעך — וואָס פאַר אַ פול און וועזנטלעכער בילד פון אַ גאַנצן צייט־אָפּשניט! וועזנטלעך נישט בלויז צוליב דעם געהעריקן אָפּקלייב פון דער טעמאַטיק פאַר דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט און צוליב איר אוממיטלבאַרן אויסדרוק, נאָר, דער עיקר, צוליב דעם נאַטירלעכן אויסוואַל פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע און טיפּישע איבערלעבונגען אין די ראַמען פון דער דאָזיקער טעמאַטיק.

וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם צווישן־מלחמה־פּעריאָד אין פּוילן? דער קאַמף פון יעדן אַרבעטער און פאָלקס־מענטש פאַר אַ ווירדיק און מענטשלעך לעבן און דער אַלץ וואַקסנדיקער טעראָר לגבי זיי מצד די הערשנדיקע קלאַסן.

וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם נאָכמלחמה־פּעריאָד אין פּוילן? דער אומאויפהערלעכער, עקשנותדיקער און ליידנשאַפטלעכער קאַמף פון גאַנצן פאָלק פאַר שלום און די גרויסע פרייד פון בויען, אויף וועלכע עס הויערט — ספּעציעל אויף אונדז, יידן — דער שווערער שאָטן פון די בלוטיקע היטלערישע יאָרן.

דאָס אַלץ איז די עיקרדיקע טעמע פון רובינס ביכעלע לידער, געגעבן דירעקט און אוממיטלבאַר דורך אַ טיפער פערזענלעכער איבערלעבונג. אין אַזאַ

פאַל איז נישטאָ קיין אָרט אויף איבעריקע אויפקלערערישע רייד, אויף סתם שטימונגס־מאַכנדיקע פערזן, אויף בילדלעכקייט לשם בילדלעכקייט.

הדסה רובינס ליד האָט נישט קיין איינלייטנדיקן אָנהייב, קיין קולמינירנדיקן מיטן און אויפלעזנדיקן סוף. עס הייבט אָן גלייך פון מיטן, פון עיקר, און די שטימונג איז נישט פּרעפּארירט מן הצד, נאָר ברעכט אויף פון יעדן וואָרט, ווי זיין איגערלעכע אַטמאָספער. דאָסגלייכן זענען די בילדער אַן אינהאַלטלעכער עלעמענט, אַן אָרגאַנישער טייל פון דער טעמע. באַזייטיקן א בילד אין רובינס א ליד באַדייט אין פיל פאַלן איבערהיפּערן א באַשטימטן פּרט פון דער סיפּור־המעשה, וועלכע עס פאַרמאָגן כמעט אַלע בעסערע לידער אירע.

איינע פון די וויכטיקסטע און אייגנאַרטיקסטע אייגנשאַפטן פון רובינס ליד איז דאָס פאָרשטעלן מיט זיך אין פיל פאַלן א מין סינטעז פון א פּאַראַלגע־מיינערטער דערשיינונג אָדער געשעעניש מיט א טיף אינדיווידועלער איבערלעבונג. דער דאָזיקער סינטעז קומט צום אויסדרוק אינהאַלטלעך אין דער ענגסטער פאַרשמעלצונג פון די סאַמע אַלגעמיינע פּראָבלעמען מיט די סאַמע אינטימסטע, פּערזענלעכע ענינים. ער קומט אויך צום אויסדרוק טיילמאָל אין דער פאָרם. הדסה רובינס דיכטערישע וועלט איז נישט בלויז נישט איינגעטיילט אויף „מיינס“ און „דיינס“, נאָר אויך נישט אויף „מיינס“ און „אונדזערס“. נישטאָ ביי איר קיין אויסשליסלעך פּערזענלעכע אינטימע מאָטיוון. דאָס פּערזענלעכע איז ענג פאַרבונדן, ווי אין דער ווירקלעכקייט, מיט דעם אַלגעמיינעם, און די פאַרבינדונג קומט נישט בלויז פון פּאַסיווער עמאָציאָנעלער באַווירקונג, אָדער אפילו פון אַקטיווער געדאַנקלעכער באַטראַכטונג, נאָר פון פּראַקטישער האַנדלונג און מיטבאַטייליקונג.

אַזוי, למשל, ברענגט רובין אַרוים אין אירע אוממיטלבאַרע, קורץ געפאַסטע און קערנדיקע תפיסה־לידער נישט בלויז דאָס אַלגעמיינע בילד פון טערראָר און תפיסה אין די ציַיטן פון דער סאַנאַציע, אָדער די געפילן פון א מענטש א גערודפטן אין יענע צייטן בכלל, צי גאָר די בלויזע פּערזענלעכע ליידן, נאָר אַלץ צוזאַמען דורך טיף־איבערגעלעבטע, אינדיווידועל אויפגענומענע זעונגען פון דעם שניט, ווי:

„ווען ס'צעלויפט זיך דאָס ליכט מיט א שטילן געוואַלד,
קאָנסטו דערזען, ווי א מאַמע ווערט אַלט“

(„רעוויזיע“)

אַן ענלעכע בילדלעכקייט טרעפן מיר אָן אין אַלע איבעריקע תפיסה־לידער. דאָסגלייכן עפנט אונדז אויף דאָס אַלגעמיינע שוידער־בילד פון דער היטלער־צייט אַזעלכע אַבסאָלוט אינדיווידועלע, טיף דורכגעווייטיקטע זעונגען, ווי:

„וועסנעלער יידישע — קינדערלעך קליין,
ווי גרויסע געקרייציקטע אויף שליאכן,
איך וועל אים דערוויינען אייער געוויין —
ווער וועט דעם געלעכטער דערלאַכן?“ —

(„וועסנע 1940“)

אויף דאָס געפיל פון צוגעבונדנקייט, ליבע און פאַרערונג צום ראַטנפאַרבאַנד דערהייבט זיך צו קלאָרער דערקענטעניש פון טיפער פערזענלעכער איבערלעבונג:

„איצט, ווען כ'גיי צום וועג פון טו זגט שליאכן,
און טויזנט זיגן וואַרטן אויף מיין מי,
אין זיך איך הער דיין אַדלערישן פלי,
אין זיך איך פייער איין דיין גלי. —
זיי זאָלן מיר דעם וועג באַוואַכן“

(„פאַרבלייב געזונט, מיין ראַטנלאַנד“)

באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש זענען אין דער הינזיכט די לידער געווענדט קעגן די מלחמה־אונטערצינדער. זייער פאַראַלגעמיינערטער אויסקלאַנג און באַ־דייט וואַקסן אַרויס פון אַ גרויסער ליידנשאַפטלעכער אינטימיטעט, פון אַ טיף פערזענלעך געפיל. אַזעלכע זענען די לידער „איך און מיין וועסנע“, „אַ געשפּרעך צווישן מוטער און קינד“, „בלומען אויף די מויערן פון סינג־סינג“, „צו די מל־חמה־אונטערצינדער“. זייער וועזנטלעכער אינהאַלט קומט צום אויסדרוק אין דעם ליידנשאַפטלעכן רוף:

„איך האָב אייך פיינט,
איך האָב אייך פיינט,
מיט האַרץ, וואָס ווייסט פון גרויסער ליבע“.

(„צו די מלחמה־אונטערצינדער“)

אַזאַ איז הדסה רובין אין די כאַראַקטעריסטישע פון אירע לידער: דאָס אַל־געמיינע און פערזענלעכע איז פאַרבונדן צווישן זיך נישט בלויז דורך געפיל, צי דורך געדאַנק, נאָר דורך טאַט, דורך אַקציע, דורך קאַמף. דאָס פילט אָן איר ליד מיט אַ קאָנקרעטן אינהאַלט און וואָג, פאַרוואַרצלט עס אין אַ באַשטימטער צייט און אויף אַ באַשטימט אָרט און פאַרוואַנדלט עס, ביי אַלע זייַנע אייגנאַרטיקע אינדיווידועלע שטריכן, אין אַ קינסטלערישן דאָקומענט פון דער צייט

די אייגנאַרטיקייט פון דיכטערישן אויסדרוק, ווען זי איז נאָר נישט קיין צוגעטראַכטע, פאָרמאַליסטישער מאַניער, איז שטענדיק דער בעסטער, אויב נישט דער אייגציקער באַוויז פון עכטער פאַרטיפטער איבערלעבונג, פון עכטן טאַ־לאַנט. די ווירקונג פון אינהאַלט איז אַ דירעקטע און אוממיטלבאַרע — וואָס איז דער וועזנטלעכער ציל פון יעדן אַרט קונסט — נאָר אין דעם פאַל, ווען דער

פּאַרמיטלער צווישן אים און דעם לייענער, ד. ה. דער אויטאָר, לעבט אים איבער קודם־כל אליין מיט אינדיווידועל און ערשטיק און ער איז דעריבער געצוווּנגען שעפעריש זיך אָנצושטרענגען, כדי צו געפינען פאַר אים די פּאַסיקע אָנקליידונג. פאַרשטענדלעך, אַז אפילו אין פאַל פון עכטער אינדיווידועלער איבערלעבונג פון דעם אינהאַלט מצד דעם קינסטלער, איז דער אויסדרוק נישט תמיד אַדעקוואַט צו דער דאָזיקער איבערלעבונג, ד. ה. נישט תמיד אָנטשפּרעכט ער איר אייגנ־אַרטיקייט אין אַזאַ מאָס, אַז ער זאָל אויך אין דעם קונסט־אָפּנעמער אַרויסרופן אידענטישע געפילן און פאַרשטעלונגען. דאָס איז שוין אַ פראַגע פון מייסטער־שאַפט, פון טיפער שעפערישער קאָנצענטרירונג, פון ערנסטער אומאויפהערלע־כער אַרבעט איבער זיך. יעדנפאַלס, ביי יעדן אמתן דיכטער, וואָס יעדע טעמע זיי־נע איז נישט אויסגעבאָרגט פון גרייטן, נישט אָנגעוויזן פון דער זייט, נאָר אומ־מיטלבאַר אָנגערעגט און אויפגענומען פון לעבן, איז נישט געקוקט אויף אַלע זיינע פאָרם־ראַנגלענישן, ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן דירעקט אין קרייז פון זיינע שטימונגען, הייבט אָן פילן און איבערלעבן אין דער זעלבער ריכטונג. דאָס איז די קראַפט פון יעדער אמתער קונסט אין איר פּאָלקאָמער, אָבער אויך נישט פּאָלקאָמער פאָרם.

די אייגנאַרטיקייט פון הדסה רובינס דיכטערישן אויסדרוק איז אויסער יעדן ספק. דאָס באַשטעטיקט אין דער ערשטער ריי די זייער אינדיווידועלע געפּאָרמ־קייט אין איר דיכטונג פון קעגנזעצלעכע אין פלוג געגומען געמיט־צושטאַנדן, ווי צאַרטע שעמעוודיקייט און ווייבלעכע שפילעוודיקע קאַפּריזנעקייט מיט ניכטע־רער צילבאַוווּסטקייט, אַנטשלאָסנקייט און עקשנותדיקער קאָנסעקווענץ, וועלכע לעזן זיך אויף צוזאַמען, ביי אַלע זייערע ראַשע און קאַנטיקע איבערגאַנגען, אין אַן אינערלעכער געהעמטער ליידנשאַפטלעכקייט. דאָס באַשטעטיקט אויך איר פּשוטער און לאַקאָנישער סטיל, וועלכער שטראָמט דירעקט צום ציל, ווי אַ באַר־גיק טייכל, איר קאָנקרעטע, נאַטירלעכע אָבער גלייכצייטיק ביז גאָר אָריגינעלע בילדלעכקייט, וועלכע, אויפקומענדיק פון טיפסטן געפיל, דערהייבט זיך טייל־מאָל צו ברייטער געדאַנקלעכער פּאַראַלגעמיינערונג, און, ענדלעך, די שוין אויבנ־דערמאָנטע אָנגעלאָדנקייט פון וואָרט, וואָס איז, פּונקט ווי יעדער בילדלעכער אויסדרוק אירער, גלייכצייטיק עמאָציאָנעל און געדאַנקלעך, אין זין פון יענער נאַטירלעכער און זעלבסטפאַרשטענדלעכער קלאָרקייט, וואָס קומט פון אַ פעסטער וועלט־אָנשויונג, פון אַ טיפער עטישער איבערצייגונג. אַזאַ געדאַנקלעכקייט פּאַלט זיך צונויף מיט דעם טיפסטן געפיל אין איין געמיט־צושטאַנד, ווי צוויי אויסדרוקן פון איינער און דער זעלבער איבערלעבונג.

אָבער אָנוויייזנדיק אויף אַ גאַנצער ריי ווערטפולע ווערטן פון הדסה רו־בינס שאַפן, דאַרף מען נישט דורכלאָזן אויך אייניקע בלויזן, וואָס אין אמת, ווי־ניקער וויכטיקע סיי אין דער קוואַנטיטעט, סיי אין דער קוואַליטעט.

וועלכע זענען עס די דאָזיקע בלויזן? דאָס איז א באשטימטע קינסטלערי־שע פּוילקייט אין פּראָצעס פון גענוג שווערן און דויערנדיקן געראנגל פאר דער אדעקוואטער שפּראכלעכער און בילדלעכער פאָרם, פאר אבסאָלוטער געדאנק־לעכער און פאָרמלעכער קלאָרקייט, פאר דער ריינקייט און לויטערקייט פון וואָרט אין זיין פון אויסעלימינירן אלץ, וואָס איז צופעליק און מליצהדיק.

הדסה רובינס לידער זענען ס'רוב אידעיש און פאָרמלעך רייפע, און זיי פאַרמאָגן זייער אייגנארטיקן סטיל און אויסדרוק. אָבער אין אייניקע פון זיי איז דאָך נאָך צו באמערקן אָט די שוואכקייט, וועלכע קומט טיילמאָל צום אויסדרוק אין אבסטראקטע, אומקלאָרע באצייכענונגען, ווי „בלויער גענעץ", „בלויער גאָר־נישט", „וועגן אייביקע פון מענטש צו מענטש" און ענלעכע, צי גאָר אין טייל־ווייזע אינהאלטלעכע פארנעפּלטקייטן פון גאנצע לידער, אָדער פראגמענטן פון לידער, ווי אין „מענטשן־ליבע", „א ליד", „גיב מיר דיין האנט", „ליבע".

די געדאנקלעכע קלאָרקייט, ווי שוין געזאָגט, קומט פון א קלאָרער און קאָנ־סעקווענטער וועלט־אָנשויונג, פון אינערלעכער גאנצקייט. פארנעפּלטקייט פון אינהאלט און, אין גרונט גענומען, אויך פון סטיל, — פון מאנגל אין אזא וועלט־אָנשויונג, פון אינערלעכער וואקלונג.

אין די לידער פון הדסה רובין זענען נישט פאראן קיין שום „נשמה־קאָנ־פליקטן", קיין שום, אזוי גערופענע, אינטעליגענטישע געראנגלען מיטן אייגענעם איך, עס איז פאראן אין זיי טיפער וויטיק, עכטער מענטשלעכער טרויער, בא־רעכטיקטע געזונטע שנאה צו אלץ, וואָס איז מיאוס, שלעכט און מענטשן־פיינט־לעך, עקשנותדיקער קאָנסעקווענטער קאמף דערמיט און ליבע, א סך צארטע מענטשלעכע ליבע. אין אזעלכע לידער איז יעדע פארנעפּלטקייט פון אינהאלט, יעדע אבסטראקטקייט פון דער שפּראך א צופעליקע, פון דרויסן אָנגעוואַרפענע דער־שיינונג — דער עיקר אומבאוווּסטזיניק — וועלכע קאָן געפינען אן אָרט נאָר אדאנק דעם בלייבן שטיין אינמיטן וועג פון אויסקלאָרן זיך אליין דאָס אייגענע געפיל, די אייגענע איבערלעבונג ביז באגריפלעכער דערקענטעניש, און פון אויס־לייטערן פאר זיך אליין דאָס אייגענע וואָרט ביז דער פשטות פון נויטווענדיקייט און אומבאַדינגטקייט. און דאָס איז רובין אימשטאַנד צו טאָן.

עס איז אויך צו באמערקן אייניקע שפּראכלעכע פארנאכלעסיקונגען און ערטערווייז א געוויסע לייכטקייט אין אויסוואל פון אויסדרוק, פון וואָרט, וואָס שטאמט, ווארשיינלעך, פון דער זעלבער סיבה.

אָבער די דאָזיקע בלויזן, ווי שוין דערמאָנט, זענען נישט וועזנטלעך אין פארגלייך מיט די קינסטלערישע דערקענטעניש־ווערטן פון רובינס ליד אין אל־געמיין, אין פארגלייך מיט זיין אויסגעשפּראָכענער רעוואָלוציאָנערער הומאני־טארישקייט.

# דער אַלמאַנאַך פון די אומגעקומענע יידישע שרייבער

## „דאָס ליד איז געבליבן"

אין דער שאַפונג פון א פאָלק, אפילו בלויז פאר א באַשטימטן צייט=אָפּשניט, איז אן אנטאלאָגיע, פארשטייט זיך, נישט מער ווי א טראָפּן אין ים. אָבער ווען דער מאטעריאַל איז אָפּגעקליבן מיט וויסן און געשמאַק, ווען ער אנטהאלט אין זיך עלעמענטן, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאר זיין צייט און סביבה, דעמלט קאָנען מיר האָבן אין מיניאטור א פארגאנצט בילד.

אין דער אנטאלאָגיע פון זעקס און דרייסיק אומגעקומענע יידישע דיכטער א. נ. „דאָס ליד איז געבליבן" האָט בינעם העלער דעם דאָזיקן ציל אין אַלגעמיין דערגרייכט, געבנדיק אונדז נישט בלויז דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאר דער יידישער פּאָעזיע אין פּוילן פון יענער צייט, נאָר אין א גרויסער מאָס אויך די פּאָליטיש=געזעלשאַפטלעכע אנטוויקלונג און קינסטלערישע אייגנאַרט פון יעדן דיכטער באַזונדער.

דאָס האָבן מיר צו פארדאַנקען, אָן שום ספק, העלערס אינטימער באַציִונג צו דיכטונג בכלל און, ספּעציעל אין דעם פאַל, זיין טיפער פיעטעט צו די שאַפונגען פון אלע טראַגיש=אומגעקומענע נאָענטע קאָלעגן.

וואָס איז שייך דעם מעטאָד פון צונויפשטעלן די אַנטאַלאָגיע, איז עס אָפּהענגיק, פארשטענדלעך, פון דעם, וואָס מע וויל מיט איר דערגרייכן. העלערן איז אין דעם פאַל נישט געגאַנגען אַזוי אין ארויסהייבן יעדן דיכטער באַזונדער אין דער ראַם פון יענער צייט, אין אויסגעפינען די אידעיִשע און קינסטלערישע אייגנאַרט פון יעדן דיכטער, ווי אין אויסגעפינען און ארויסהייבן בעיקר די צייט, ווי זי שפּיגלט זיך אָפּ אין דער דיכטונג. ד. ה., נישט אין דער צעגלידערונג פון זשאַנרען, סטילן און ריכטונגען אין דער דעמלטיקער יידישער פּאָעזיע האָט העלער געזען זיין אויפגאַבע, נאָר באַווייזן, אַז כאָטש „די דיכטער, וועמענס שאַפונגען עס געפינען זיך אין די טאָמען פון דאָזיקן בוך, זענען געקומען פון

פארשידענע סביבות און איינפלוס־ספערן, דאָך קלינגט א געוויסער געמיינזאמער טאָן אין זייערע שאפונגען".

עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אז אין קלעם פון די פּאָליטישע, אי־דעישע און אפילו מאטעריעלע באווירקונגען פון דער דעמלטיקער פאשיזירנדי־קער בורזשואזיע אין לאנד האָט אויך די יידישע פּאָעזיע דורכגעמאכט פאר־שידענע פארקריפּלונגען פון אינהאלטלעכן און פאָרמלעכן כאראקטער. כ'זאָג: „אויך די יידישע פּאָעזיע", נישט געקוקט דערויף, וואָס די ווייט גרעסטע מער־הייט פון אירע שעפער זענען געקומען פון פאָלק, פון דער ארבעטערשאפט אָדער פון פאראָרעמטן קליינבירגערטום. ביי פיל פון זיי האָט די פאָרם און אָפט אויך דער אינהאלט אנטשפּראָכן דער וועלט־אָנשויונג פון קליינבירגערטום און די אינ־טערעסן פון דער בורזשואזיע. זייערע לידער זענען מערסטנטייל נישט געווען דורכגענומען מיט דעם אָפּטימיסטישן וועלט־באנעם פון ארבעטער־קלאס, מיט זיין דרייסטער רעוואָלוציאָנערער רעוויזיע פון אלע אלטע באגריפן און מנהגים, מיט זיין אומדערשראָקענער קאַמפּס־גרייטקייט און זיכערקייט אין זיג. פאַרקערט, זיי זענען געווען פול מיט מרה־שחורה, מיט אבסטראקטער אלגעמיינער פאר־בייגונג, וועלכע האָט טאקע אויסגעדריקט אויף איר אופן א באשיטמטן פּראָ־טעסט און בונט קעגן היינט, אָבער גלייכצייטיק אויך אידעאליזירונג פון נעכטן און פּולשטענדיקע פארנעפּלטקייט לגבי דעם מאָרגן.

די דאָזיקע עלעמענטן געפינען מיר ביי דעם פיינפילנדיקן און פארטיפטן דיכטער ישראל שטערן, וועלכער אָנווערנדיק דעם גלויבן אין דער דעמלטיקער רעאלער ווירקלעכקייט, וועלכע איז פול מיט אומרעכט און צביעות, הייבט ער אָן זען אלדאָס צאַרטע און איידעלע אין קראַנקהאַפטן, אין דעם, וואָס פאַלט אָפּ פון לעבן. („איז א וואונדער, אז די קראנקע זענען לויטערע און צארטע... איז א וואונדער, ווען כביכול שפּאצירט אין רוים פון די שפּיטעלער"...), אָדער ער ווענדט גאָר זיין גאַנץ דיכטעריש געמיט צום פּאַרצייטיקן און אומנאַטירלעכן.

דעסגלייכן דער ביז גאָר אָריגינעלער דיכטער חיים סעמיאטיצקי, וועלכער פּאַרמאָגט שוין טענער פון דיסקרעטער איראָניע און בונט, ווי „אין מיין אָרע־מער היים", „ווארשע" א. א., אויך ער מאכט נאָך צו „פאר שרעק טיר און לאָדן", און זעט נישט קיין ברודער, וואָס זאָל מיר זאָגן אין זיין איינזאמקייט — „קום אריין", און ער פארבלייבט ס'רוב אין זיינע „אייגענע גרויסע פיר איילן".

ענלעכע מאָמענטן פון אלײנקייט, איינזאמקייט און אָפּהענטיקייט זענען גע־קומען צום אויסדרוק ביי א גאנצער ריי דיכטער, וואָס זייערע שאפונגען געפינען זיך אין דער דאָזיקער אנטאלאָגיע, ווי משה שימעל, בער שנאפּער, דוד קעניגס־בערג, יחיאל לערער, יצחק קאצענעלסאָן, שמואל זאראָמב און אנדערע, שוין אָפּגערעדט פון דער פאָרם, וועלכע איז ביי זייער פיל פון זיי — אין איינקלאנג

מיטן זוכנדיקן, בלאָנדזשענדיקן אינהאַלט — מערסטנטייל געווען אומקלאָר און פול מיט אבסטראקטער בילדלעכקייט.

די פארנעפּלטע פאָרם, אבסטראקטע רעפלעקסיווע בילדלעכקייט און אָנהויפונג פון מעטאפאָרן זענען כאראקטעריסטיש פאר א גרויסן טייל פון דער יידישער דיכטונג אין יענער צייט, ווי אן אויסדרוק פון קליינבירגערלעכע באווירקונגען און אידעאָלאָגישע וואקלונגען. דאָס איז צו זען אפילו ביי אזא אומרופולן, בונטארישן און ערטערווייז אפילו רעוואָלוציאָנערן דיכטער, ווי ברוך אָליצקי.

אין דער אידעאליזירונג פון נישטדאָאיקן און אין דעם ראָמאנטיזירן דאָס פארצייטישע, אין דעם אנטלויפן אין דער אייגענער וועלט פון סוביעקטיווע איבערלעבונגען און זעונגען אָדער גאָר אין דער איבערגעטריבענער מגושמדיקער בילדלעכקייט האָבן די דיכטער אויסגעדריקט זייער פראָטעסט קעגן דער אומגערעכטער ווירקלעכקייט, אָבער גלייכצייטיק האָט דאָס אויך עדות געזאָגט וועגן זייער פארלוירנקייט, וועגן זייער אידעישער און קינסטלערישער בלאָנדזשעניש, כאָטש פיל מאָל האָבן זיך דורכגעריסן אין זייערע שאפונגען העלע פאסן ליכט פון דיכטערישער באזיניקטער צילגעווענדקייט, ווי דאָס איז מערסטנטייל געווען דער פאל ביי ברוך אָליצקין און אויך ביי אנדערע פון דער זעלבער גרופּע.

אויסער דער דאָזיקער גרופּע זענען אין דער אנטאלאָגיע פארטרעטן שרייבער פון אנדערע שאטירונגען. דאָס זענען ש. זשירמאן, קלמן ליס, יעקב שודריך, מ. גאָלדשטיין, דער יונגער שלמה בורשטין און אנדערע, וועלכע קומען פון דער פּראָגרעסיווער שרייבער־גרופּע אָדער געפינען זיך דירעקט אין איר באווירקונגס־קרייז און האָבן א קלאָרע פאָרם און קלאָרן אינהאלט, ווי אויך א דריטע גרופּע, צו וועלכער מע וואָלט געקאָנט צורעכענען אזעלכע שרייבער, ווי אלטער קאציזנע, דעם פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיג, יוסף קירמאן, ברוך געלמאן, י. ל. קאָהן און אנדערע.

ביי דער גאנצער באדינגלעכקייט פון דער דאָזיקער פאנאנדערטיילונג אויף גרופּעס, ווי אויך ביי דער גאנצער פארשידנארטיקייט פון טאלאנט, קינסטלערישע אויסדרוק־מעגלעכקייטן, סטיל און זשאנר איז איזנערהאלב יעדער גרופּע באזונדער, איז דאָך צו באמערקן געמיינזאמע, אידעיש־אינהאלטלעכע און טיילמאָל אפילו פאָרמעלע, שטריכן צווישן אייניקע, און באשטימטע אונטערשידן צווישן אנדערע.

שוין אָפּגערעדט פון די רעוואָלוציאָנערע שרייבער, וועלכע טיילן זיך אויס מיט דער פשטות פון זייער וואָרט און צילגעווענדקייט פון אינהאלט אָדער מיט זייער עכטער פאָלקסטימלעכקייט, האָבן אויך די שרייבער פון דער דריטער גרופּע, ביי די טיפּסטע אינדיווידועלע אונטערשיידן, סיי קינסטלערישע, סיי אפילו אידעישע, געוויסע עיקרדיקע שטריכן געמיינזאמע. זיי באשטייען הויפּטזעכלעך אין דעם, וואָס די דאָזיקע שרייבער, זענענדיק אָפטמאָל קלאָר דעם שוידערלעכן לעבנס־

מצב פון יידישן פאָלקס־מענטש אין יענער צייט און אפילו די סיבות דערפון, איז פאר זיי אָבער נישט תמיד געווען קלאָר — ביי וועמען בלויז אויף דער ריין פאָרמ־לעבער פלאך, ביי וועמען אויך אידעיש — דער אייגנציקער וועג פון לעזונג. עס באקומט זיך א דיכטונג וועגן היינטיקער און נעכטיקער נויט און עלנט פון אר־בעטס־מענטש אָן שום שוונג און אָנרעגונג צום קאמף פאר א בעסער און ווירדיקער לעבן, א דיכטונג, וואָס ווירקט דעפרימירנדיק מיט איר אינערלעכער סטאטישקייט, מיט איר מאַנגל פון דער רעוואָלוציאָנערער וויזיאָנערישקייט אפילו אין די פאַלן, ווען עס רוט אויף איר א גרויסער פאָלקסטימלעכער חן, ווי ביי געבירטיגן, אָדער זי איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן פאָלקסטימלעכן הומאָר, ווי די הומאָרעסקעס פון קאציזנען. אָבער פיל מער, ווי אין דער ערשטער גרופע, קומען אויף ביי די דאָזיקע שרייבער, צווישן די נאטוראליסטישע שילדערונגען פון נויט, מאָטיוון פון שאַרפן און קלאָרן פראָטעסט קעגן דער בורזשואַזער ווירקלעכקייט, קעגן דער אונטערדריקונג פון מענטש דורך מענטש, ווי אויך מאָטיוון פון טיפער בענקשאפט נאָך אַ פרייער און יושרדיקער וועלט:

„אָט אזוי מארשירן מיר,
ארבעטסלאָזע, טריט ביי טריט,
און מיר זינגען זיך א ליד
פון א לאנד, א וועלט א נייער,
ווו עס לעבן מענטשן פרייע,
ארבעטסלאָז איז קיין שום האנט
אין דעם נייעם פרייען לאנד,
אין דעם נייעם פרייען לאנד.“

(מ. געבירטיג)

אָדער:

אין רויבער טרעסטן נאָר מען קאָכט —
אויף קנאה־פלאמען — טעפ מיט שנאה...
און נאָך א טאָג — אין בלוט און בראָך —
עס וועלן אויסשרייען מדינות! —

— — — — — — — — — — — — —

הערט: אין די וואנזין־ווילדע נעכט
אויף אונדזער בלוט דער תליון לויערט.
שטייט אויף — אין צאָרן — און צעשטערט
די שרעק, פונקט ווי א שפין א גרויע!

(ברוך געלמאן)

רעוואָלוציאָנערער בונט און אויפבראַוז שוימט אַריבער די שטענדיק בילד־לעכע לידער פון ברוך אָליצקי:

ניט נביאים, אַפּאָסטאָלן,
נישט פאַרלאָשענע זונען,
נישט אומגליקן אויף בערגער און טאָלן
זענען געקומען וואָרענען, זאָגן: —
שטילע פּראָסטע פאָלקס־טריבונען,
ברידער מיט האַמערס, מיט שערן, מיט אָלן
האָבן געשריבן די וואָרענונגס־פּלאַקאַטן
און זיי געקלעפּט איבער גאַסן און ראָגן.

נאָר אין די דאָזיקע אַלע לידער און אין פיל ענלעכע צו זיי קומען נאָך אויף דער בונט און פּראָטעסט פון א טיפער פעסימיסטישער אַטמאָספער און זענען דורכגעדרונגען מיט א שווערן אומעט. ערשט באַזיניקטער בונט און צילבאַוווּס־טער פּראָטעסט זענען אימשטאַנד זיך אויפצוהייבן צו דער לויטערקייט פון רעוואָ־לוציאָנערן אָפּטימיזם, צו דער גרויסער פרייד פון באַשטעטיקונג.

„כ'טראָג צו סטאַלינען מיין לעבן,
דורך קאַרצערן שווימט מיין פרייד.
האָסט מיר קראַפט פון דראַנג געגעבן,
נא מיין האַרץ דיר און מיין ליד".

אָדער:

„גוט יום־טוב וועלט!
גוט יום־טוב וועלט!
אָקטאָבער גייט אויף מעכטיק, ווי די זון,
נעמט אַלץ אַרום,
נעמט אַלץ אַרום..."

(ש. זשירמאַן)

נישט געקוקט אָבער אויף די פאַרשידענע אייגנאַרטיקייטן און אונטערשידן צווישן איינצלנע דיכטער און צווישן גאַנצע גרופּעס, איז די פאַנאַנדערטיילונג אויף גרופּעס, ווי שוין געזאָגט, א מער באַדינגלעך־אָריענטירנדיקע, איידער א וועזנטלע־כע, מיטן אויסנאַם, פאַרשטייט זיך, פון די אויסגעשפּראָכן רעוואָלוציאָנערע דיכ־טער, וועלכע האָבן זיך צו יענער צייט אומצווייידייטיק באַהאָפטן מיט דעם סאַמע פאָרגעשריטענעם טייל פון אַרבעטער־קלאַס און מיט זיין קאָנסעקווענט־מאַרקסיסטי־שער וועלט־אָנשויונג. אויף פאַרשידענע אופנים און אין פאַרשידענע פאָרמען גיט דאָך איבער די רעמלטיקע דיכטונג, וועלכע איז אין א ברוכטייל בלויז רעפּרעזענ־

טירט אין דעם בוך פון די 36 אומגעקומענע, דעם אָטעם פון יענער צייט, און עס גייט אויף אין איר דאָס טרויעריקע לעבנס־בילד פון יידישן ארבעטנדיקן פאָלק אין אמאָליקן פוילן, וואָס האָט אזוי שווער און העלדיש געקעמפט פאר זיין עקזיסטענץ, געראנגלט זיך פאר א בעסער לעבן און מיט אומצערייסבארע פעדעם געווען צוגעבונדן צו דער פוילישער ערד.

אין דער היגזיכט איז בינעם העלער גערעכט, ווען ער רעדט אין זיין ארייגפיר־וואָרט וועגן א געמיינזאמען טאָן אין די שאפונגען.

די אנטאלאָגיע פארמאָגט אויך אייניקע בלויזן. עס פעלן ברייטערע ביאָגראפישע נאָטיצן וועגן די שרייבער, עס פעלט אויך א ברייטערע קריטישע איינלייטונג מיט גענויערע כאראקטעריסטיקעס וועגן יעדן באזונדער אויפן פאָן פון יענער צייט, וועלכע וואָלטן די לייענער אָריענטירט אין די פארשידנארטיקע שאַפונגען און קאָמענטירט די דאָזיקע פארשידנארטיקייט, אָפטמאָל אפילו קעגנזעצלעכקייט, פון קינסטלערישע סטילן און אידעישע איינשטעלונגען. אפילו די קליינע גרופע עלטערע שרייבער, ביי וועלכע עס דאָמינירט אומבאדינגט דער פאָלקסטימלעכער עלעמענט, איז דאָך אויך זייער שטארק דיפערענצירט און פארשידנארטיק. אנדערש טרעט אויף דער דאָזיקער עלעמענט אין די לידער פון מרים אולינאָווער, אין וועלכע דער פאָלקסטימלעכער הומאָר איז אַרומגענומען מיט אַזאַ שטילן טרויער, נאָר אין וועלכע די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַעוולהטקייט פון יידישן מענטשן איז נאָך אויפגענומען ווי אַ באַשערטקייט; אַנדערש קומט ער אויף ביי מרדכי געבירטיג, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט עכטן פאָלקסטימלעכן ליריזם און אוממיטלבאַרן וויטיק און אין וועלכן עס קומט שוין אָפטמאָל גאַנץ בולט צום אויסדרוק קלאָרער און אַפילו צילבאַוווסטער פראָטעסט. דעסגלייכן איז דער זעלבער פאָלקסטימלעכער עלעמענט רעאַליזירט אינגאַנצן אַנדערש אין די סטיליזירטע שפּראַכלעך־רייכע און בילדלעך־איינפאַלערישע הומאָרעסקן פון אַלטער קאַציזנע, וועלכע זענען אין פלוג, דאַכט זיך, פול מיט זאָרגלאָזן געלעכטער, אָבער אין תוך טיף גרייכנדיקע און סאָציאַל־פאַרשאַרפטע, אַנדערש ווידער אין די לידער פון הערשעלען מיט זייער שטייגערישן פרימיטיוו און אינהאַלטלעכער נאַיוויטעט.

אָבער שוין אָפגערעדט דערפון, וואָס אייניקע פון די דאָזיקע בלויזן שטאמען פון אָביעקטיווע שוועריקייטן, איז פאָרט דער וויכטיקסטער מאָמענט אין דער אָפשאצונג פון גאנצן דער אָפקלייב גופא, דאָס קאָנען אויסגעפינען ביי יעדן דיכטער די שורות, וועלכע זענען כאראקטעריסטיש פאר אים און פאר זיין צייט, יועלכע גיבן אָפ זיין אידעיש־קינסטלערישע געשטאלט, וועלכע רעדן צו אונדז אוממיטלבאר און נישט דורך דער פארמיטלונג בלויז פון קריטישע איינלייטונגען און קאָמענטארן. אין דער הינזיכט האָט בינעם העלער, אין גרונט גענומען, אויסגעפירט זיין ראָל בשלימות.

# פּ ר אָ ז ע

## איי‌ניקע מאָמענטן אין דער פּראָזע פון לייב אָליצקי

לייב אָליצקי איז איינער פון די ווייניקע שרייבער אין דער יידישער ליטעראטור, וואָס שאַפט כמעט אין אַלע זשאַנרען. ער שרייבט משלים און לידער, פּילבענדערדיקע ראָמאַנען און קורצע נאָוועלן, לידער און דערציילונגען פאַר קינדער. ער זעצט אויך איבער פּראָזע און פּאָעזיע פון דער רוסישער און פּוילישער ליטעראטור.

אויף די אַלע געביטן האָט ער שוין אין משך פון די דריי צענדליק יאָר פון זיין שאַפן אָנגעזאמלט א היפּשן פאַרמעגן. דאָס יידישע לעבן פאַר דעם דאָזיקן פאַרהעלטניסמעסיק גרויסן און טראַגיש-רייכן צייט-אָפּשניט האָט אין אָליצקיס שאַפן געפונען א פילזייטיקע אָפּשפּיגלונג. ערשטנס, קוואַנטיטאַטיוו, אין דעם זין, וואָס זי נעמט ארום פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט אמאָל און היינט און פאַרשידענע פּאַסירונגען און איבערלעבונגען אינערהאַלב די דאָזיקע שיכטן, און, צווייטנס, וואָס זי שטעלט פאָר דאָס אַלץ פון פאַרשידענע קינסטלערישע קוקווינקלען.

די זעלבע אָדער ענלעכע געשעעניש, צי איבערלעבונג גיט אָליצקיס משל אין א סאַטירישער שיין, זיין ליד אין א ליריש-רעפלעקסיווער פאָרם און זיין דערציילונג — מיט דער אָביעקטיווער אכזריות פון א שטרענגן באָבאַכטער.

יעדער איינער פון די דאָזיקע זשאַנרען, וועלכע אָליצקי פּראַקטיצירט, האָט זיך, פאַרשטענדלעך, זיין אייגנאַרטיקן אויסדרוק.

ל. אָליצקים משל, צום ביישפּיל, צייכנט זיך אויס אין אַלגעמיין דערמיט, וואָס ער באַוועגט זיך פּאַמעלעך, טיילמאָל מיט בכיוונדיקע זיגזאַגן, כדי אָפּצושפּיגלען אויפן וועג פאַרשידענע זייטיקע דעטאַלן. דער שילדערונגס-עלעמענט, צייטנווייז אויך די ליריש-פּאָעטישע אָפּווייכונג, פאַרנעמט אין אים אַן אָנגעזעען אָרט. דערמיט שליסן זיי די פּאָפּולערע עלעמענטן, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך א פּעדאַגאָגיש-דערציערישן מוסר-השכל.

דאָס זעען, פאַרשטייט זיך, בלויז אַלגעמיינע שטריכן פון אָליצקים משל, וועלכער שטעלט פאָר מיט זיך א שפּע פון אַלערליי טעמעס און שעפערישע איינ=

פאלן סיי אינהאלטלעך, סיי שפראכלעך. אין א גאנצער ריי באזונדערע משלים דערגרייכט אָליצקי א הויכע מדרגה פון מייסטערשאפט לויט דער שארפער ציל־געווענדקייט פון דער טעמע, קלאָרקייט פון אויסגעדריקטן געדאנק, ווי אויך לויט דער פאָלקסטימלעכקייט און אדעקוואטקייט פון וואָרט.

אָבער דאָס, וואָס איז ספּעציעל כאראקטעריסטיש פאר דעם גרעסטן טייל פון אָליצקים משלים, איז די הארמאָנישע גאנצקייט צווישן דעם טיף־נאציאָנאלן און עכט־מענטשלעכן, וואָס שאפט דעם אָפּטימיסטישן יסוד פון זיין גאנצער שאַ־פונג. דאָס שלעכטס, לויט אָליצקין, קאָן קיין קיום נישט האָבן. ס׳איז גענוג, מע זאָל עס ארויסשטעלן אין דער געהעריקער אָביעקטיווער שיין, אז מע זאָל גלייך דערזען, ווי לעכערלעך און נאריש דאָס איז, ווי עס פארניינט זיך אליין. פונדאנען נאָך איין כאראַקטעריסטישער שטריך פון אָליצקים סאַטירע: אָנשטאָט פאַר־ביסנקייט — איראָניע, אָנשטאָט שנאה — שפּאָט.

מיט זיין טעמאַטישער און שפּראַכלעכער רייכקייט און פילפאַרביקייט, ווי אויך מיט זיין אייגנטימלעכער פאָרם, האָט אָליצקים משל זיך דערוואָרבן אן אייגנ־ארטיקע פּאָזיציע אין דער יידישער ליטעראטור.

דעסגלייכן פארמאָגט אויך אָליצקים ליד זיין אייגנארטיק פּנים. עס איז קוהלתדיק אומעטיק און קוהלתדיק קלוג. די אויבערהאנט פארנעמט אין דעם דאָס ראציאָנעל־קאָנסטרוקטיווע און האציאָנעל־בילדלעכע. דורך דעם אָפטמאָל גאנץ געדיכטן דעסען פון פארגלייכן און מעטאפאָרן איז בולט די אלגעמיינע גע־דאנקלעכע צייכענונג. אויך די פארגלייכן און מעטאפאָרן גופא אנטשטייען טייל־מאָל נישט פון קיין אָנשוילעך־בילדלעכער אסאָציאציע אָדער פון אן עמאָציאָנע־לער אָנרעגונג, נאָר אויפן יסוד פון א געדאנקלעכער אָדער שפּראכלעכער ענלעכ־קייט. דאָס הייסט נישט, אז אין אָליצקים ליד פעלט דער עמאָציאָנעלער עלע־מענט אָדער די עכטע איבערלעבונג. זיי זענען פאראַן, אָבער זיי דריקן אוים מיט זיך דער עיקר די סוביעקטיווע איינשטעלונג פון מחבר צו דער טעמע. פונדאנען טיילמאָל דער פּאַטעטישער טאָן פון אָליצקים ליד און צייטנווייז אויך זיין סענ־טימענטאלע באַארבונג. דאָס, פארשטייט זיך, שליסט נישט אוים א גאנצע ריי לידער פון דירעקטער איבערלעבונג און אוממיטלבארער און עמאָציאָנעל־אָנגעלאָ־דענער בילדלעכקייט, ווי „בריוו פון א לערער“, „פון א לערערס טאָגבוך“, „לידער פון א פארשפּעטיקטער ליבע“ און אייניקע אנדערע.

אין אָליצקים ליד, פּונקט ווי אין זיין משל, דאָמינירט די ליבע צום מענטשן און דער גלויבן אין מענטש, וועלכע קומען פון א טיפער איבערצייגונג און אוים־געפּרוווטער לעבנס־דערפארונג. פונדאנען זיין אינערלעכע גלייכגעוויכט אפילו דאן, ווען עס דערציילט פון דער סאמע טרויעריקסטער צייט.

דער עיקר אָבער וואָלט איך זיך געוואָלט אָפּשטעלן דאָ אויף אָליצקים פּראָזע, וועלכע איז דאָס קוואנטיטאטיוו־רייכסטע געביט פון זיין שאפן.

שוין אין זיין ערשטער דערציילונג „אין אן אָקופּירט שטעטל", ארויסגעגעבן אין יאָר 1924, זענען אנטהאלטן אייניקע גרונט־שטריכן פון זיין שאַפן אין דעם דאָזיקן זשאנר.

דאָס זענען קודם־כּל:

די ניכטערע און דורכדרינגלעכע אָבסערוואציע־פעיקייט פון די סאמע פאר־הוילנסטע מענטשלעכע שוואכקייטן;

דער געוויסנהאפטער אומרחמנותדיקער אופן פון שילדערן זיי אין זייער גאנ־צער אָפּשטויסנדיקייט, אָבער נישט פארלירנדיק גלייכצייטיק אויך זייערע קאָ־מישע ניואנסן;

די פעיקייט פּלאסטיש און קאָנקרעט צו געשטאלטיקן דעם טיפּאזש דורך ארויסהייבן און אונטערשטרייכן אייניקע סאמע כאראקטעריסטישע שטריכן;

די בילדלעך־אָנגעזעטיקטע און גלייכצייטיק פּאָלקסטימלעך־רייכע שפּראך און די עפּישע דערציילערישקייט.

פארשטענדלעך, אז אין דער נאָר וואָס דערמאָנטער ערשטער דערציילונג זיי־נער, וועלכע שילדערט די מאטעריעלע און מאָראלישע ירידה פון שטעטלדיקן קליינבירגער אונטער דער דייטשישער אָקופּאציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן נאָך די דאָזיקע אלע אייגנשאפטן פון אָליצקיס פּראָזאישן טאלאנט נישט באוויזן זיך אין זייער פולער רייפקייט. זיי האָבן זיך ערשט אָנגעצייכנט, אָבער גענוג בולט, פּונקט ווי עס האָבן זיך דאָרט שוין אָנגעצייכנט אייניקע מאָמענטן, וועלכע האָבן מיט דער צייט באקומען א נעגאטיוון אינהאלט. ווייל די עטוואָס צעצויגנקייט פון דער פאבולע, ווי אויך די דעטאלע שילדערונג פון פּרטים, סיי אין דער כאראקטעריזירונג פון די געשטאלטן, סיי אין זייערע האנדלונגען, האָבן ביי א יונגן דעביוטירנדיקן שרייבער געקאָנט האָבן א געוויסע בארעכטיקונג און אפילו באגייסטיקונג, ווי אן אָנדייט אויף ברייטערע רעאליסטישע שילדערונגס־מעג־לעכקייטן, בפרט ווען די דאָזיקע שילדערונג איז געווען באהויכט פון א שטילן פיינעם הומאָר.

אין ווייטערדיקן אנטוויקלונגס־פּראָצעס פון אָליצקיס טאלאנט האָבן זיך די דאָזיקע אייגנשאפטן געפורעמט נישט גלייכמעסיק. אייניקע זענען געוואָרן וועזנט־לעכע פּאָזיטיווע קענצייכנס פון אָליצקיס שרייבערישן מעטאָד, אַנדערע זענען פארשוווּנדן אָדער שטיין געבליבן אויף אן אָרט און נאָך אנדערע האָבן זיך פאר־וואנדלט אפילו אין שטרויכלונגען.

אזוי, למשל, האָט זיך מיט דער צייט אַלץ מער און מער פארפולקאָמט אָליצקיס אופן פון אינדיווידועלער שילדערונג פון געשטאלטן סיי דורך קורצע בינדיקע כאראקטעריסטישע שטריכן, ווי „אין שיין פון פלאמען", און א גאנצע ריי עפּי־זאָדישע פיגורן פון „געראנגל", „דורך טויט צום לעבן", „אָפּקלייב" און אנדערע,

סיי דורך אַ ברייט פּאַרמאָסטענער פּסיכאָלאָגישער סטודיע, ווי „הונטמאַן", שמואל פון „מענטשן אין קלעם" און אייניקע צענטראַלע פיגורן פון „אָפּקלייב". עס האָט זיך באַרייכערט אומאויפהערלעך אָליצקיס שפּראַך, גרייכנדיק אין דער פּראָזע, פּונקט ווי אין זיין משל, צו די וואָרצלען פון יידישן פאָלקס־לשון.

אָבער דאָס אָנווענדן אָפטמאָל אין דער דאָזיקער אינדיווידועלער שילדערונג פון די געשטאַלטן און פון זייערע האַנדלונגען נישט קיין וועזנטלעכע פּרטים, טייל־מאָל אפילו פון אויסגאַמלעכן אומגאָרמאַלן כאַראַקטער, האָט נישט דערמעגלעכט אויפצוהייבן זיי, און במילא אויך דאָס בילד אַלס גאַנצעס, צו דער סינטעטישער הייך פון אַ טיפּישער פאַראַלגעמיינערונג. דעסגלייכן ברענגט אַריין טיילמאָל די זעלבע שפּראַכלעכע שפע אַ צומיש פון נישט פאַרדייעטע אויסדרוקן, וועלכע ווערן באַנוצט אויסשליסלעך אין באַשטימטע געגנטן אָדער דורך באַשטימטע סביבות, און זענען אַ שטערונג פאַר דער ריינקייט און אויסגעליטערטקייט פון אַ ליטע־ראַרישער שפּראַך.

אין אַ גאַנצער ריי פון אָליצקיס דערציילונגען באַגעגענען מיר מוסטערהאַפ־טע שילדערונגען פון מענטשלעכע צושטאַנדן און איבערלעבונגען, סיי אין זין פון פאָרמלעכער מייסטערשאַפט, סיי אין זין פון פּסיכאָלאָגישער ריכטיקייט. מיר זעען אויך אין פיל ערטער די עכט־מענטשלעכע אָביעקטיווע איינשטעלונג פון שרייבער, זיין ערלעכן דעמאַסקאַטאָרישן ציל, זיין פאָרגעשריטענעם פּאָזיטיוון אי־דעאַל. אָבער גלייכצייטיק האָבן מיר אויך אָפט דעם איינדרוק, אַז צווישן די דאָ־זיקע שילדערונגען פון פאָרמלעכער שלימות, פון איין זייט, און דער אידעיש־ריכטיקער איינשטעלונג, פון דער צווייטער, עקזיסטירט עפּעס אַזאַ מחיצה, וואָס דערלאָזט זיי נישט זיך צו פאַראייניקן אין איין אידעיש־קינסטלערישער גאַנצ־קייט. דאָ און דאָרט פאַרהאַלט זיך אונדזער געדאַנק און אונדזער געפיל אויף אַ פלאַך אָרט, וואָס שטערט אונדז צו דערשווימען צו סאַמע עיקרדיקן ציל, צו דער הויפּט־אידעע פון ווערק, וועלכער עס דאַרפן זיין אונטערגעאָרדנט אַלע קאָמפּאָ־נענטן: די פאַבולע אַלס גאַנצע און יעדע געשעעניש, יעדע שילדערונג, יעדעס בילד און יעדע געשטאַלט באַזונדער.

עס האַנדלט זיך נישט, פאַרשטענדלעך, אין דעם, אַז דער שרייבער, וועל־כער קערעוועט אין דעם פאַל מיט אונדזער געדאַנק און געפיל, זאָל אויף גע־וואַלד אויסגעפינען דעם גלייכסטן וועג צום ציל. אַזאַ גלייכער אַבסטראַקטער וועג פירט געוויינלעך צו סכעמאַטיזם. עס גייט בלויז אין דעם, אַז דער שרייבער זאָל אין ים פון אומצאָליקע צופעליקייטן אַקטיוו און באַוווסטזיניק אויסגעפינען דעם נאַטירלעכן שטראָם, וואָס פירנדיק צום ציל, נורטעוועט ער גלייכצייטיק אין דער טיף, אויפרודערנדיק דאָס לעבן ביז אין גרונט.

לייענענדיק אָליצקין און באַוווּנדערנדיק אָפט זיין שרייבערישן טאַלאַנט, האָבן מיר טיילמאָל גלייכצייטיק אויך דאָס געפיל, אַז מיר וואַנדערן אַרום אומגייטיק

אויף צופעליקע וועגן, וועלכע זענען נישט גויטוועגדיק און נישט וועזנטלעך פאר דער צענטראלער אויפגאבע, וועלכע עס האָט זיך אליין געשטעלט דער אויטאָר. פונוואנען נעמט זיך דאָס?

די טעאָריע וועגן דעם, אז טאלאנט איז א ריינע גאָט-זאך און דעריבער איז יעדער שרייבער, וואָס ווערט מיט אזעלכע און אזעלכע אייגנשאפטן פון זיין טא-לאַנט געבוירן, מוז שוין מיט זיי אויך ווערן פאַרלוירן — די דאָזיקע טעאָריע, ווי א וואריאנט פון עם-הארצות, איז כאראקטעריסטיש, פארשטייט זיך, בלויז פאר דער געזעלשאפט, וואָס באזירט זיך אויף עם-הארצות.

געוויסע דערשיינונגען, וועלכע דער לייענער וואָלט נישט געוואָלט זען אין דער פּראָזע פון ל. אָליצקין, זענען נישט קיין ספּעציפישער רעזולטאט פון זיין באזונ-דערן טאלאנט. פארקערט, זיי זענען שטרויכלונגען אויף דעם וועג פון דער פו-לער, אלזייטיקער און פארטיפטער אנטוויקלונג פון זיין טאלאנט.

ל. אָליצקי האָט פיל געלערנט פון דער רוסישער און יידישער קלאסיק. קודם כל — צו אכטן דעם פּשוטן מענטש, ליב צו האָבן דאָס ארבעטנדיקע פאָלק, זען עס אין זיין ערלעכער מי און פיינט האָבן זייערע אונטערדריקער. ער האָט אויך געלערנט פון די רוסישע און יידישע קלאַסיקער די קונסט פון שרייבן, פון שלייפן די שפּראַך, פון שעפּן פון איר פאָלקסטימלעכן אוצר און פון שילדערן רעאַל, קאָנקרעט, נישט מיט סוביעקטיווע אימפּרעסיאָניסטישע פלעקן, נאָר לויט א בא-שטימטער, קלאָרער און דעטאַלער צייכענונג.

דאָס איז געוואָרן דער געזונטער יסוד פון זיין שעפערישער ארבעט, דאָס ווערטפולע און דויערנדיקע אין איר.

אָבער דורך דער פארמיטלונג פון דער יידישער קלאסיק, און אפשר נישט בלויז דורך איר, האָט אויף אָליצקין אויך געהאט א באדייטנדיקע השפּעה די השכלה, איר וועלט-באנעם און איר סטיל.

ווי א פּראָגרעסיווע באוועגונג, האָט די השכלה נישט בלויז דערזען און אויפ-געדעקט אָן א שיר נעגאטיווע פאקטן אין יידישן לעבן, ווי די אָרעמקייט און דער עלנט פון יידישן פאָלקס-מענטש, זיין צוריקגעשטאנענקייט און פאנאטיזם, זיין אונטערדריקונג דורך דעם יידישן גביר, די צביעות פון יידישן קלער און דעם-גלייכן, נאָר זי האָט אויך געזוכט א לעזונג פאר זיי. אָבער ווי א בורזשואזע בא-וועגונג, איז זי געווען איינגעשלאָסן אין אן ענגן קרייז פון פאקטן און האָט זיך קיינמאָל נישט דערהויבן און נישט געקאָנט דערהייבן צו זייער סינטעטישער פאר-אלגעמיינערונג אין זין פון דערזען אין זיי די עיקרדיקע אלגעמיינע סיבה און די אָנוואקסנדיקע נייע קראפט. פונדאנען איר אבסטראקטער שווארץ-ווייסער אופן פון אויפנעמען די לעבנס-דערשיינונגען אָן שום צווישן-מדרגות. פונדאנען אויך איר אוטאָפּיסטיש-רעפּאָרמיסטישער כאראקטער פון זייער לעזונג, נישט רעכנדיק זיך

מיט דעם אָביעקטיוון אנטוויקלונגס־גאנג און בלייבנדיק פאקטיש אין די ראמען פון עקזיסטירנדיקן סדר.

דעם דאָזיקן אידעישן אינהאלט פון דער השכלה האָט אנטשפּראָכן, אין אל־געמיין, א געהעריקע פּראקטיק: פון פּראָקלאמירן די בילדונג און די מלאכה אלס די רפואה־שלימה אויף אלע קרענק און פון גאיוון גלויבן אין גוטן ווילן פון די הערשער. עס האָט אים אויך אנטשפּראָכן א באשטימטער סטיל, וועלכער איז גע־קומען צום אויסדרוק אין אן אבסטראקטער מליצהדיקייט און אין א גראָבן זיך אין נישט וועזנטלעכע איינצלהייטן.

ל. אַליצקי איז, פארשטייט זיך, הימל־ווייט פון דעם דאָזיקן קלאסישן משכי־לישן אידעישן אינהאלט אין גאנצן גענומען. די עיקר־השפעה פון דער השכלה אויף זיין שאפן קומט בלויז פון איר פּראָגרעסיווער, דעמאסקאטאָרישער זייט. אָבער צוזאמען דערמיט האָבן זיך דורכגעקריגן אויך א גאנצע ריי מאָמענטן, וועלכע זע־נען פאר דער השכלה־ליטעראטור געווען נאטירלעך און פארשטענדלעך, אָבער וועלכע זענען פאר אַליצקים שאפן מיט זיין גאנצער אנדערשדיקער אידעישער איינשטעלונג נישט בלויז נישט נאטירלעך און נישט פארשטענדלעך, נאָר זייער אָפּט קרימען זיי אויס די הויפּט־אידעע פון ווערק קעגן זיין אייגענעם סוביעקטיוון ווילן.

איך רעד דאָ נישט וועגן אייניקע אויסערלעכע באווירקונגען פון השכלה־סטיל, ווי דאָס איז צו זען אין א גאנצער ריי טיטלען פון אַליצקים ווערק, און אפילו נישט וועגן אייניקע טיפערע השפעות אין שפּראכלעכער היגזיכט דורך דער פארמיטלונג ספּעציעל פון מענדעלען, וועלכע קומען צום אויסדרוק אין דעם איבערפלוס פון העברעישן עלעמענט. איך רעד דאָ וועגן באשטימטע באווירקונגען פון קינסטלע־רישן כאראקטער, וועגן דער שוין אויבנדערמאָנטער נישט איבערקלייבערישער שפע פון פּרטים, אומאָפּהענגיק אינגאנצן פון זייער קינסטלערישער פלאסטישקייט, וועגן דער ביאָלאָגיש־אינדיווידואליזירטער כאראקטעריזירונג פון געשטאלטן און וועגן א געוויסן מאניער טיילמאָל פון שווארץ־ווייס־געמעל.

לאָמיר דאָס קאָנקרעטיזירן אויף איין קורצן ביישפּיל.

אין ברעסלערן, דער צענטראלער נעגאטיווער געשטאלט פון „אָפּקלייב“, זאָלן מיר באקומען א טיפּיש בילד פון א רעאקציאָנערן קליינבירגערלעכן אינטעליגענט, וועלכער איז דערצויגן געוואָרן דורך די העברעיסטן־ציוניסטן אין פאראַכטונג צום יידישן ארבעטס־מענטש און זיין שפּראך, אין שנאה צום ראטנפארבאנד און בכלל צום לאגער פון סאָציאליזם.

פיל אמתדיקע שטריכן אלס רעזולטאט פון דער דאָזיקער דערציונג טרעטן ארויס אין דער געשטאלט, אָבער אינגאנצן גענומען איז זי אן אויסנאמלעכע, נישט קיין טיפּישע.

פארוואָס?

ווייל אינדיווידואַליזירנדיק זי, האָט אָליצקי נישט אַרויסגעהויבן די סאַמע נויטווענדיקסטע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן אירע, וועלכע האָבן זיך געשטאַלטיקט דירעקט אונטער דעם איינפלוס פון דער סביבה, פון איר וועלט־באַנעם און פּראַקטישער האַנדלונג און, במילא, דריקן זיי אויס מיט זיך דאָס טיפּישע נישט בלויז אין זין פון דעם בשותפותדיקן און אַלגעמיינעם פאַר אַלע פאָרשטייער פון דער זעלבער סביבה, נאָר אויך די נויטווענדיקע און כאַראַקטעריסטישע טענדענץ פון זייער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, דאַקעגן האָט ער אין דער דאָזיקער געשטאַלט קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אַ גאַנצע ריי ביאָלאָגישע צופעליקע אייגנשאַפטן, ווי קרענקלעכער עגאָיזם, פאַלשקייט, צביעות, עראָטיזם און אַנדערע, וועלכע האָבן טאַקע אין דער סביבה געהאַט אַ בעסערע געלעגנהייט זיך צו אַנטוויקלען, אָבער וועלכע פליסן נישט אַרויס פון איר אומבאַדינגט און נויטווענדיק.

וועלנדיק פאַרשאַרפן דאָס בילד, מאַכן עס אָפּשטויסנדיקער, און דורך דעם אויך די גאַנצע סביבה, האָט עס אָליצקי אונדז בלויז געגעבן ווי אַן איינצל־פאַל, ווי אַן אויסנאַם, און אַזויאַרום זיך אויסגעמיטן מיט דער אויפגאַבע, וועלכע ער האָט זיך אַליין געשטעלט. עס פילט זיך אויך דאָ דער משכילישער קאָנסטרוקטיווער מאַניער פון דעם שוואַרץ־ווייס־געמעל.

מערערע געשטאַלטן, סיי נעגאַטיווע, סיי פּאָזיטיווע, זענען ביי אָליצקין אויסגעבויט לויט דעם זעלבן פּרינציפּ, וועלכער איז נישט בלויז קיין שטער פאַר אַ טיפערער קינסטלערישער דערקענטעניש פון דער געגעבענער געשטאַלט, נאָר איז מערסטנטייל אויך אין סתירה צו דער אידעישער צילגעווענדקייט פון דער טעמע, וועלכע איז ביי אָליצקין כמעט שטענדיק דורכגעדרונגען מיט דעם אויפריכטיקן באַגער אויפצודעקן דעם קלאַסן־מהות פון גאַנצענע שיכטן און די ריכטונג פון זייער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. איך זאָג „כמעט שטענדיק“, ווייל אַפילו אין זיין דערציילונג „הונטמאַן“, אין וועלכער ער גיט אַ טיף פּסיכאָלאָגיש און פּלאַסטיש בילד פון אַ קאַרגן, וואָס מאַכט אויף אונדז דעם איינדרוק פון אַ קינסטלערישער שטודיע איבער קאַרגשאַפט בכלל, ווי אויך אין זיין גענויער שילדערונג פון די איבערלעבונגען פון שמואלן אין „מענטשן אין קלעם“, וועלכער זעט אונדז אויך אויס צו זיין גיכער אַן אויסנאַמלעכע דערשיינונג, איידער אַ כאַראַקטעריסטישע אַפילו פאַר יענער סביבה, אָדער אַפילו ברעסלער פון „אָפּקלייב“, וועלכער קומט אַרויס פון אָליצקיס קרעפטיקער און געדיכטער שילדערונג גיכער, ווי אַ גייסטיקער קריפּל, איידער ווי אַ טיפּישער פאָרשטייער פון זיין שיכט — אַפילו אין די אַלע פאַלן און אין ענלעכע צו זיי באַמיט זיך אָליצקי אין סאַמע אָנהייב אָדער אין גאַנג פון דער שילדערונג אויפצודעקן די קלאַסן־וואָרצלען פון זייערע האַנדלונגען דורך אַ גענויער באַקענען דעם לייענער מיט זייער אָפּשטאַמונג, מיט זייער דערציונג ווי אויך מיט דער סביבה, אין וועלכער זיי פאַרקערן.

אויפֿן סמך פֿון די שוין רעאַליזירטע קינסטלערישע לייסטונגען פֿון ל. אַליצקין אין הינזיכט פֿון בילדעריש־אַנגעזעטיקטער רעאַליסטישער שילדערונג, פּסיכאָלאָגיש־דורכדרינגלעכער כאַראַקטעריזירונג פֿון אַ גאַנצער ריי געשטאַלטן, ווי אויך רייכער שפּראַכלעכער שעפֿערישקייט — קאָן מען מיט דער פֿולער זיכערקייט, מיין איך, קומען צום אויספֿיר, אַז די אויבנדערמאָנטע טיילווייזע סתירה אין זיין שאַפֿן שטאַמט דער עיקר פֿון דעם נישט ריכטיקן צוגאַנג און פֿון די נישט ריכטיקע צוגעאייגנטע השפּעות.

כדי זיי אויסצומיידן, פֿאָדערט זיך אַז אַקטיווע אָנשטרענגונג אין דער ריכטונג פֿון טיפֿער דערקענען די אינערלעכע געזעצמעסיקייט פֿון דער געזעלשאַפֿט און פֿון גענויער דערלערנען יענעם מעטאָד אין דער קונסט, וועלכער איז איינאונאיינציק אימשטאַנד נישט בלויז אָפּצושפּיגלען דאָס לעבן אין זיין פֿילגעשטאַלטיקייט און פֿילסתירותדיקייט, נאָר אויך אויפֿדעקן זיין אינערלעכע איינקייט און גאַנצקייט אין דינאַמישן פּראָצעס פֿון זיין אַנטוויקלונג — דעם מעטאָד פֿון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

אין משך פֿון די דריי צענדליק יאָר פֿון אַליצקים רייכער און פֿילזייטיקער ליטעראַרישער טעטיקייט זענען מיר עדות פֿון אַ שטייגנדיקער אַנטוויקלונג פֿון זיין טאַלאַנט סיי אין דער ריכטונג פֿון דערנענטערונג צו דער אידעאָלאָגיע פֿון אַרבעטער־קלאַס, סיי אין הינזיכט פֿון קינסטלערישער פֿאַרפֿולקאָמונג. זיינע שאַפֿונגען, אָנהייבנדיק פֿון זיין ערשטער דערציילונג „אין אַן אָקופּירט שטעטל" און ענדיקנדיק מיט זיין לעצטער — „אָפּקלייב", זענען אַלץ מער און מער דורכגעדרונגען מיט עכטן הומאַניזם, מיט ליבע צום אַרבעטנדיקן מענטשן, מיט גלויבן אין זיג פֿון זיין גערעכטן קאַמף און מיט אויפֿריכטיקער שנאה צו דער וועלט פֿון אונטערדריקונג און רויב. לגבי דער דאָזיקער וועלט איז אַליצקי שטענדיק געווען אומפּשרותדיק, שטענדיק זי באַקעמפֿט מיט אַלע קינסטלערישע מיטלען, וועלכע זענען אים געשטאַנען צו דינסט, און אויפֿגעדעקט איר רשעות און אינערלעכע מאָראַלישע דעגענערירונג. דאַקעגן האָט אַליצקי אין זיין שאַפֿן אַרומגענומען מיט אַ סך סימפּאַטיע און וואַרעמקייט דעם פּשוטן פֿאָלקס־מענטש, דעם יידישן ווי נישט־יידישן, און אַרויסגעהויבן זיין געזונטע ליבע צום לעבן און זיין איידעלע שטרעבונג צו אַ בעסערער און שענערער וועלט.

דאָס אַלץ איז אַ גענוגנדיקער יסוד פֿאַר זיין ווייטערדיקער אידעיש־קינסטלערישער שטייגערונג אויף דעם שעפֿערישן וועג פֿון אויפֿלעבן אין אונדז פֿונסניי די פֿאַרגאַנגענע יאָרן מיט זייער אויסזיכטלאָזיקייט און פּיין, אָבער אויך מיט זייער גרויסן טרוים און שיינע העלדישע קאַמפֿן, און פֿון געשטאַלטיקן אין קאָנקרעטע לעבעדיקע בילדער די שעפֿערישע פֿרייִדיקע מי פֿון אונדזער היינטיקן טאָג.

# „געווען איז עס נעכטן" פון ב. שלעווין

ב. שלעווינס ראָמאַן „געווען איז עס נעכטן" נעמט אַרום:

די דרייסיקער יאָרן אין פוילן, ווען פּאַראַלעל מיט דער פאַשיזירונג און היטלעריזירונג פון סאַנאַטאָרישן מלוכה=אַפּאַראַט און מיט דער אַלץ וואַקסנדיקער דעמאָראַליזירונג פון אַלע געביטן פון פּאָליטישן, מאָראַלישן און קולטורעלן לעבן, קומט פאָר אויך א טיפע ראַדיקאַליזירונג און זעלבסטבאַזיניקונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן און פון די פּאַראָרעמטע טיילן פון קליינבירגערטום;

די יאָרן פון היטלערישן קאָשמאַר אין פראַנקרייך, פון שוידערלעכן אומקום פון די פראַנצויזישע יידן און גלייכצייטיק פון דער העלדישער ווידערשטאַנד=באַוועגונג אונטער דער אָנפירונג פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי;

און, צולעצט, בילדער פון היטלערישע געפאַנגען=לאַגערם אין דייטשלאַנד גופא, דער זיג איבערן היטלעריזם און דער ווידעראויפקום פון אַ פריי דעמאָקראַטיש פאָלקס=פוילן.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר שלעווינס שעפערישן סטיל אַרויסצוברענגען שוין אין אָנהייב פון יעדער שילדערונג די פאַרב און דעם קלימאַט פון די געשעענישן אַנטפּלעקט זיך אין דעם בוך אין דער פולער רייפקייט, ווי אַ פולשטענדיק אויספאָרמירטע אייגנשאַפט. עס זענען דרייסט און קלאָר געגעבן די גרונטצייכענונגען פון אַ גאַנצער ריי הויפּט= אָדער נעבן=געשטאַלטן און עס זענען בולט און קלאָר געשילדערט דער לעבנס=שטייגער און די לעבנס=געוווינהייטן פון אַ גאַנצער ריי אַרויסגעבראַכטע סביבות, יידישע און נישט יידישע. דער ליריזם פון שלעווינס פּראָזע, וועלכע איז שטענדיק געקומען צום אויסדרוק אין דער אָנגעזעטיקטער שטימונג און אייגנאַרטיקן שפּראַכלעכן מאַניער, קומט דאָ אַרויס פיל עכטער, נאַטירלעכער און באַהאָפטענער מיט דעם גאַנצן סטיל פון בוך, איידער ווי אין יעדן אַנדערן פון זיינע ווערק. אויך די שפּראַך איז דאָ פיל רייכער, לעבעדיקער, דיסציפּלינירטער.

די שטימונגען אויף דער יידישער אַרבעטער=גאַס פון פאַרמלחמהדיקן וואַרשע, דער געמיט=צושטאַנד פון אַ טייל פון דער יידישער פּאַראָרעמטער אינטע=

ליגעניץ און פון פאַראָרעמטן יידישן קליינבירגערטום, און טײלווײז אויך דער לעבנסשטייגער פון די דאָזיקע מענטשן, זענען דורך שלעווינען אַרויסגעבראַכט מיט יענעם לעבנס=אמת, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך גלייכצייטיק אַ סך פאָלקסטימלעכן הומאָר.

עס קומען אויך אויף זייער פאַרביק און בולט, אויב אַפילו פראַגמענטאַריש, בילדער פון יידישן לעבנסשטייגער אין פראַנקרייך, סיי פון די עלטערע, וועלכע קאָנען זיך צום נייעם לעבן נישט צופּאַסן און דויערן דעריבער אומאויפהערלעך אין זייער בענקשאַפט צו די אַלטע היימען, סיי פון די יונגע, וועלכע האָבן זייער שווער יידיש געמיט שוין אָנגעהויבן צו פאַרטוישן אויף דעם פראַנצויזישן געזונטן לעבנס=הומאָר און לייכטקייט פון געמיט, סיי פון די, וועלכע האָבן זיך שוין פולשטענדיק אַסימילירט אין דער פראַנצויזישער סביבה און בלויז אַ קינסטלעך פּעדעמל האַלט זיי נאָך פאַרבונדן מיט זייער אַלטן שטאַם.

שלעווין גיט אויך אַ קורצע, נאָר שאַרפע שילדערונג פון דעם לעבנסשטייגער און אַרט דענקען פון דער דעגענערירטער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע און פון דער אַזוי גערופענער „גאָלדענער יוגנט“.

ער פירט אַרויס אַ גאַנצע ריי אינטערעסאַנטע טיפּן און געשטאַלטן פון פאַרשידענע סביבות: די לינק=געשטימטע און קאָמוניסטישע קרייזן אין פאַרמלחמהדיקן וואַרשע, ווי זלמן, שימעלע, סטערקע, דער לאַנגער מויש, די קראַנקע עדזשע, דער אינטעליגענט ברוינער א.א.; די אַזוי גערופענע סאַלאָן=קאָמוניסטן, ווי צעלינע; כלומרשט אומאָפּהענגיקע דעמאָקראַטישע אינטעליגענטין, ווי דער פּובליציסט נאַטאַן; די אייביק זוכנדיקע, צעבראָכענע נשמות, ווי דער מאָלער קאזשען, טאָני מינסקער; טיפּן פון דער זיך ניי=געשטאַלטנדיקער יוגנט אין פראַנקרייך, ווי זיינוול, עוואַ; און אויך טיפּן פון דער דעגענערירטער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע, פון קלער א.א. שוין אָפּגערעדט פון דעם קאָמוניזירנדיקן זיך, אַזוי צו זאָגן, פּאָעט הירש מעליוווער, וועלכער גייט אַדורך דאָס גאַנצע ווערק, און דאַרף באַטראַכט ווערן, ווי די צענטראַלע פיגור.

אייניקע פון די דאָזיקע געשטאַלטן זענען געגעבן לעבעדיק און רעליעף, שאַפן אַ מער=ווייניקער פאַראַלגעמיינערטן טיפּ.

אַזאַ איז סטערקע, וועלכע ביי איר גאַנצער מכלומרשטער עקסקלוזיווקייט, אייגנאַרטיקער הנעווהדיקער עקשנות, דעצידירטקייט, איבערגעגעבנקייט דער פּאַרטייאישער אַרבעט און אומדערשראָקנקייט, דערמאָנט דאָך אין אַ באַשטימטן טיפּ פון די יונגע אָפּפערוויליקע יידישע מיידלעך, געקומענע פון קליינבירגערלעכע סביבות, וואָס האָבן מחמת דער וואַקלדיקייט און נישט שטאַנדהאַפטיקייט, וועלכע זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאָזיקע סביבות, מחמת זייער אויבערפלעכלעכן טעאָרעטישן באַגאַזש, ווי אויך מאַנגל פון פּאַרטייאישער אויסבילדונג און געזעלשאַפטלעכער פאַרטיפונג — נישט געקאָנט זיין זעלבשטענדיק און שנעל

געוואָרן באַווירקט פון דער סביבה, אין וועלכער זיי זענען אַריינגעפאַלן. שלעווין שילדערט די פיגור פון סטערקען מיט אַ סך אינערלעכער וואַרעמקייט, אָבער גלייכצייטיק מיט יענער קינסטלערישער שטרענגקייט, וועלכע אַנטפּלעקט פאַר אונדז יעדן שטריך פון איר כאַראַקטער אין דער מאָס, ווי ער געשטאַלטיקט זיך אונטערן דרוק פון די אַלץ נייע באַדינגונגען.

איינגעגעבן איז אויך די געשטאַלט פון זיינוולען. אַ טיף אימפּולסיווע נאַטור, אָבער גלייכצייטיק אַן עכטער פאָלקס־מענטש, וואָס ווייסט נישט פון קיין שום אינערלעכע צעשפּאָלטנקייט, פון קיין שום נשמה־גריבלענישן. דאָס פּראָבלעם יידיש —פּראַנצויזיש, סיי שפּראַכלעך, סיי שטייגעריש, איז פאַר אים בכלל קיין פּראָבלעם נישט. ער געפינט זיין נאַטירלעכן סינטעז אין טאַט, אין פּראָצעס פון אַרבעט, אין טאָגטעגלעכן לעבנס־שטייגער, וועלכער איז געקניפּט און געבונדן מיט דעם לעבנס־שטייגער פון פּראַנצויזישן פאָלקס־מענטש. ער איז פּונקט דער היפּוך פון זיין ברודער, הירש מאַליוועך, דעם פּאָעט, וועלכער איז ביי זיינע אַלע „לינקע" סימפּאַטיעס און שטימונגען פול מיט אומקלאָרע ספקות, נעפּלהאַפטע בענקע־נישן און אומעטיקע רעיונות. ער זוכט נישט אַ גאַנץ לעבן, ווי זיין ברודער הירש, אָבסערווירט עס נישט מן הצד און חקירהט נישט וועגן זיינע גוטע און שלעכטע זייטן, נאָר געניסט דערפון אוממיטלבאַר, און ווען ער דאַרף — איז ער גרייט די דאָזיקע רעכט זיינע צו פאַרטיידיקן. ער איז איינגעבירגערט אין פּראַנצויזישן לעבן, האָט ליב דאָס פּראַנצויזישן פאָלק און זיין שיינע שפּראַך, אָבער דאָס שטערט אים אינגאַנצן נישט צו זיין אינטים פאַרבונדן מיט זיין יידישער היים און יידיש מאַמע־לשון. ביידע זענען אים אַלציינס טייער. דעריבער איז אין זיין קאַמף קעגן די היטלעריסטישע באַנדיטן נישט אונטערצושיידן דעם מאָמענט פון פאַרטיידיקן זיין פּראַנצויזיש פאָטערלאַנד פון דעם מאָמענט פון נקמה נעמען פאַר זיין יידיש פאָלק. די דאָזיקע אינערלעכע גאַנצקייט, געזונטער פאַרשטאַנד און נאַטירלעכע ערלעכקייט פאַרוואַנדלט די פיגור פון זיינוולען, ביי איר גאַנצער אינדיווידואַליזירטקייט, צו אַ טיפּיש געשטאַלט פון אַן עכטן פאָלקס־מענטש.

זייער לעבעדיק זענען אויך געשילדערט אַ גאַנצע ריי נעבן־געשטאַלטן, ווי דער דייטש־יידישער אַקטיאָר קורט ווינקלער, די קוזינקע עוואַ, דער פּובליציסט נאַטאַן, זיין פרוי צעלינאַ און פיל אַנדערע. אייניקע פון זיי זענען געגעבן דורך קורצע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, אַנדערע מער אויספירלעך, אין אַלגעמיין אָבער אָנגעזעטיקט מיט עכטע פאַרבן און איינגעפּאַסט אין נאַטירלעכער שטי־מונג.

פון דעם אַלעם, וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן, קאָן מען דרינגען, און ריכטיק דרינגען, אַז „געוועזן איז עס נעכטן" איז אַ בוך, וואָס גיט נישט בלויז אַן אמתדיק בילד פון דער צייט, אָדער פון די צייטן, וועלכע זענען נאָר וואָס פאַרגאַנגען, נאָר וואָס הייבט אַרום דעם גאַנצן קלימאַט פון יענע יאָרן,

וואָס ווייזט אונדז די געשעענישן און די ווירקנדיקע אין זיי מענטשן אין זייער אייגנטימלעכער אַטמאָספער, מאַכנדיק זיי אונדז דורך דעם פיל נעענטער און פאַרשטענדלעכער, קינסטלעריש נויטווענדיקער. אין דער הינזיכט איז דאָס דאָזיקע בוך פון ב. שלעווין אַ פּאָזיטיווע דערגרייכונג אין דער יידישער פּראָזע פאַר דער לעצטער צייט, אין דער הינזיכט איז עס אַ דערגרייכונג פאַר שלעווינען גופא אַלס שרייבער.

אָבער בלייבן אין די ראַמען פון דער דאָזיקער בלויזער אָפּשאַצונג, וואָלט באַדייט בלייבן אין די ראַמען פון אַ ריין פאָרמעלן צוגאַנג, און דאָס גראָד צו אַ שרייבער, וואָס האָט פון זיין ערשטן אויפטריט זיך באַמיט אין זיין קינסטלערישן שאַפן אַרויסצוהייבן ערנסטע פּראָבלעמען, און דאָס גראָד צו אַ ווערק, וואָס דאַרף אָפּשפּיגלען די יאָרן פון פאַרשאַרפטן קלאַסן=קאַמף אין פוילן און פון ראַשן אויפשטייג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, די יאָרן פון דער העכסטער פאַרווילדערונג און דעגענערירונג פון דער בורזשואַזיע אין איר היטלעריש=פאַשיסטישער פאָרם, די יאָרן פון אומקום פון יידישן פאָלק. באַזיניקן אַזאַ עפּאָכע, אויסגעפינען אין פינצטערן פלאָנטער פון אירע שוידערלעכע גרוילן, און גלייכצייטיק גרויסע מענטשלעכע העלדן=טאַטן, דעם ליכטיקן געשיכטלעכן פאָדעם, וואָס פירט דאָך די מענטשהייט פאָרויס, איז נישט מעגלעך, נישט האָבנדיק פאַר זיך אומאויפהערלעך די קלאָרסטע פאָרשטעלונג וועגן דער אַלגעמיינסטער פאָרגעשריטנסטער אידעע, וועלכע איז אין דער געגעבענער צייט געווען די איינציקע באַוועג=קראַפט פון אַלע גרויסע מענטשלעכע טראַדיציעס און דעראָבערונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט און פון אַלע ליכטיקע מענטשלעכע חלומות און האָפענונגען אויף דער צוקונפט.

די דאָזיקע אַלגעמיינע פאָרגעשריטענע אידעע פון יענער צייט, פונקט ווי פון אונדזער צייט — דאָס איז די אידעע פון סאָציאַליזם. און די איינציקע קאָנסעקווענטע פאַרקערפערין פון דער דאָזיקער אידעע — דאָס איז די קאָמוניסטישע באַוועגונג.

די דאָזיקע באַוועגונג און די גרויסע מענטשלעכע אידעאַלן, וועלכע שאַפן דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון איר שטענדיק זיך באַנייענדיקער און וואַקסנדיקער קראַפט, זענען עס געווען דער באַזינענדיקער הינטערגרונט פון די געשעענישן אין אַלע געשילדערטע פּעריאָדן. בלויז די דאָזיקע באַוועגונג האָט עס געשטאַלטיקט און אַרויסגעפירט אירע העלדן אין די גרויסע סאָציאַלע קלאַסן=קאַמפן בעת דער שווערער צייט פון דער „סאַנאַציע“ אין פוילן, בלויז זי האָט נישט דערלאָזט דעם פשוטן פאָלקס=מענטש זיך צוזאַמענצוברעכן אין די יאָרן פון היטלערישן קאָשמאַר, שטאַרקנדיק זיין האַרץ צו טאַטן פון באַוווסטזיניקן, אַקטיוון ווידערשטאַנד, בלויז זי האָט שוין נאָכן זיג איבערן היטלעריזם דער=

מוטיקט צו באַנייונג אוןווידעראויפבוי אויף וויסטע חורבות פון פּאַרשניטענע היימען.

די קאָמפּליצירטע אַקציע פון ב. שלעווינס בוך, וועלכע צעצווייגט זיך אין צענדליקער געשעענישן און פירט אַרום צענדליקער העלדן מיט זייערע אינדי־ווידועלע שטימונגען און איבערלעבונגען, מיט זייערע כאַראַקטערן און גורלות, וואָלטן געקאָנט דערגרייכן צו דער קינסטלערישער און אידעאָלאָגישער הויך פון אַ סינטעטיש אידעיש בילד פון יענער צייט, ווען דער דאָזיקער הינטערגרונט וואָלט ווירקלעך אומאויפהערלעך און אין דער פולער מאָס געווען דער באַזיניקנ־דיקער גייסט פון אָט די אַלע געשעענישן, די געשטאַלטנדיקע קראַפט פון אָט די אַלע האַנדלענדיקע פּערזאָנען.

אָבער צי האָט שלעווין אים אַלע מאָל געזען אין דער פולער מאָס? צי האָט ער אַלע מאָל געהאַט די קלאָרע פאָרשטעלונג פון זיין איינציק באַווירקנדיקער קראַפט?

שוין אין אָנהייב פון בוך, ווו ב. שלעווין שילדערט די לינקע אַרבעטער־באַ־וועגונג אין ווארשע פון די דרייסיקער יאָרן און אירע דירעקטע אָנטיילנעמער, איז עס גיכער אַ שילדערונג פון דער זייט, איידער ווי פון אינעווייניק. אמת, פון דער זייט זעט זיך טיילמאָל בעסער דאָס גאַנצע בילד, זעט זיך בעסער די אַט־מאָספער, וועלכע נעמט אַרום דאָס גאַנצע. עס ווערט אָבער שטענדיק מטושטש דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש און אייגנטימלעך פאַר דער איינצלנער דער־שיינונג, און במילא קומט אויך אַרויס פאַרנעפּלט דאָס גאַנצע. ס'איז מער־ווי־ניקער אַזוי, ווי מע וואָלט זען אַ בילד אין דער צימערדיקער אָפּשפּיגלונג פון אַ וואַסער. ווי לייכט דער דאָזיקער צימער זאָל נישט זיין, ווי רואיק דער אויבער־פלאַך פון דעם וואַסער זאָל נישט זיין, זענען דאָך די פּראָפּאָרצן עפּוואָס געענ־דערט, און די געשטאַלטן — צעשוומען.

די ענדערונג פון פּראָפּאָרץ איז אין דער דאָזיקער שילדערונג פון ב. שלעווין אַ דאָפּלטע. ערשטנס, מחמת דעם, וואָס ב. שלעווין זעט בלויז אַ טייל פון דער דאָזיקער באַוועגונג, און נעמלעך דעם טייל, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער אַזוי גערופענער יידישער גאַס. צווייטנס, דערפאַר, וואָס אויך אין דעם טייל זעט ער מערסטנטייל געוויסע אַלגעמיינע, נישט וועזנטלעכע, אָפּטמאָל אפילו צו־פעליקע מאָמענטן, וועלכע האָבן יאָ, אָדער נישט געקאָנט געשען, אָבער וועלכע זענען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַוועגונג אלס אזא, צייטנווייז אפילו פרעמד.

אזא איז, למשל, דער באַזוך פון דעם אָנגעזעענעם קאָמוניסט זלמן ביי דעם בירגערלעכן זשורנאַליסט נאַטאַן ווען די עלף פאַרמשפּטע אין קאָברינער פּראָ־צעס. נישט בלויז דער פאַקט, דער גאַנצער שמועס איז דאָ נישט בלויז נישט כאַראַקטעריסטיש און נאַיוו, נאָר פרעמד. נישט געקוקט אויף דער סוביעקטיוו־וואַ־

רעמער באַציונג, מיט וועלכער שלעווין שילדערט די קאָמוניסטישע באַוועגונג פון יענער צייט און אירע אַקטיווע אָנהענגער און טוער, איז אָבער, אָביעקטיוו גענו־מען, די דאָזיקע באַוועגונג ארויסגעבראַכט בלויז פראַגמענטאַר און ווי אויפן ראַנד, נישט דורך כאַראַקטעריסטישע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַסן־אַקציעס, נישט דורך דער אומגעהייערער מאָראַלישער מאַסן־באַווירקונג, אין דער ערשטער ריי אויפן אַרבעטער־קלאַס, נאָר שילדערנדיק דעם וועג צו דער באַוועגונג דער עיקר פון פאַרשטייער פון דער פאַראָרעמטער אינטעליגענץ און פון דער פאַראָרעמטער קליינבירגערלעכער יוגנט. אָבער אויך די דאָזיקע העלדן פירט, ליידער, שלעווין נישט אַרויס אין האַנדלונג, שילדערט נישט זייער דערגענטערונג און אַריינוואַקס אין דער באַוועגונג אין דינאַמישן פּראָצעס פון זייער געזעלשאַפטלעכער אָדער פּראָ־פעסיאָנעלער טעטיקייט, נאָר אויף חברישע צוזאַמענטרעפן אָדער דורך צופעליקע פאַרבינדונגען.

הירש מאַליוועה, וועלכער דאַרף לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן זיין, ווי שוין אויבן געזאָגט, די צענטראַלע פיגור פון דעם בוך, קומט אין דער באַוועגונג אינ־גאַנצן אומגעריכט פאַר אים אַליין. גייענדיק צו זיינע באַקאַנטע מיידלעך, פאַלט ער צופעליק אַריין אין „קעטשל“. נאָך אין פאָר־אַרעסט טראַכט הירש מיט ווייַ־טיק, אַז ער וועט זיך איצט מיט זיין צעקנייטשטן אָנצוג נישט קאָנען ווייזן פאַר קיין מענטשן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס ער לעבט איבער אין ערשטן מאָ־מענט אין דער דאָזיקער פולשטענדיק נייער פאַר אים לאַגע. אָבער שוין אין אַ פּאָר טעג, ווי נאָר מע באַפרייט אים פון דער דעפענסיווע, קומט פאָר אין אים פּלוצעם אַ פולשטענדיקע איבערקערעניש: „ער וואַרפט אַוועק די שול־ביכלעך, די „וושעכניצע“, די אָנגעבלאָזענע סטודענטקעס און ווערט אויס צעפלויגענער אינ־טעליגענט“ (ז. 26). אמת, אויס צעפלויגענער אינטעליגענט ווערט הירש מאַליוועה קיינמאָל נישט. אַלע שטריכן פון דעם דאָזיקן מין אינטעליגענט: די אייביקע ראָל פון אַן אָבסערוואַטאָר, צווייפלער און זוכער לאָזט אים איבער שלעווין אין אַלע סיטואַציעס, אין וועלכע ער זאָל זיך נאָר נישט געפינען, אָבער די צופעליקייט, דורך וועלכער הירש קומט צו דער נייער סביבה, צו דער נייער וועלט־אָנשויונג, האָט דאָך אַ דעצידירנדיקע ווירקונג אויף דער אויספאָרמירונג פון זיין געשטאַלט. וואָס ער זאָל נישט האָבן צוגעזען אין די דאָזיקע שווערע יאָרן, וואָס ער זאָל נישט האָבן אַליין דורכגעמאַכט — ער בלייבט דער זעלבער שטומער העלד, וואָס קאָן נישט געפינען זיין אָרט אין לעבן, וואָס ווייסט אַליין נישט, קאָן זיין, וואָס ער וויל. עס ווייסט דעריבער אויך נישט דער לייענער.

הירש מאַליוועה, דער לינק־געשטימטער פּאָעט, עפנט אויף און שליסט דאָס בוך, דורכמאַכנדיק אינצווישן די גרעסטע טראַגישע געשעענישן, אָבער ער ענ־דערט זיך אינגאַנצן נישט, וואַקסט נישט, בלייבט איבער די זעלבע פאַרשלאָסענע אין זיך, פּאַסיווע פיגור. שלעווינען האָט זיך נישט איינגעגעבן קינסטלעריש און

אידעאָלאָגיש צו עפענען די דאָזיקע געשטאַלט און צו ווייזן דורך איר סיי דעם גרויסן טראַגיזם פון די געשעעניש, סיי די אומגעהייערע לעבעדיקע קראַפט פון דער אידעע, אונטער דער ווירקונג פון וועלכער די דאָזיקע געשטאַלט האָט זיך געפונען.

בלאָס זענען אויך געגעבן דורך שלעווינען די אַקטיווע טוער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פוילן. דער אויטאָר גופא דערציילט אונדז וועגן זיי געווויסע, נישט וועזנטלעכע זאַכן, ווייזט זיי אונדז ביי געוויסע צופעליקע צוזאַמענטרעפן, הייבט אַרויס אָפּטמאָל זייער בולט און איבערצייגעוודיק די אַטמאָספער, אין וועלכער זיי געפינען זיך, אָבער ער גיט זיי אונדז קיין איין מאָל נישט אין טאַט, און פאַרבינדונג מיט די מענטשן פון אַרבעט, אין פּראַצעס פון זייער אייגנטלעכער טעטיקייט, ווו מיר אַליין זאָלן זיי דערזען סיי ווי מענטשן, סיי ווי טוער, ווו מיר אַליין זאָלן דערקענען זייער שטאַרקן ווילן און מאָראַלישע גאַנצקייט, וועלכע שטאַמט פון דער באַוועגונג, וואָס פאַר איר זענען זיי גרייט געווען מקריב צו זיין און מקריב געווען זייער גאַנץ לעבן. וועגן דעם קאָמוניסטישן פירער זלמן, וועגן דעם איבערגעגעבענעם טוער שימעלע, וועגן דעם לאַנגן מויש א. א. — וועגן זיי אַלע דערציילט אונדז שלעווין זייער אינטערעסאַנט, זייער וואַרעם, מיט אַ סך האַרץ און געפיל, אָבער די מענטשן גופא בלייבן פאַר אונדז אַמבאַקאַנט, און זייערע מעשים — אייגנגעהילט אין געהיימניש.

אויך די שילדערונג פון דער היטלערישער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך, אין וועלכער שלעווין פירט אַרויס אַ גאַנצע גאַלעריע פון לעבעדיקע געשטאַלטן און סיטואַציעס, ווו ער הייבט אַרויס מיט פאַרנעם און קינסטלערישער עכטקייט פאַרשידענע סביבות, איז נישט פריי פון בלויזן. עס קומט אַרויס פאַרנעפּלט די באַוועגונג, וועלכע האָט צו יענער צייט פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס פרייע און שטאָלצע פראַנקרייך, וועלכע האָט געשאַפן די העלדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג. עס פילט זיך נישט די אָנפירנדיקע ראָל פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וועלכע האָט די אייניציקע אין דעם דאָזיקן שווערן מאָמענט אָנגעזאָגט דעם טאָג פון באַפרייונג און דערמוטיקט דאָס פאָלק צו אויסדויער און קאַמף. די אייניציקע צוויי פאָרשטייער פון ווידערשטאַנד, רעליעף געשילדערטע, זענען זייגוול און עווא — ביידע ווייט נישט קיין כאַראַקטעריסטישע פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג, ביידע צופעליק געקומענע, נישט אַרויסגעוואַקסענע פון דעם לאַגער, וועלכער האָט אייגנאַונאַיינציק, מחמת זייַנע העלדישע קאַמפּס־טראַדיציעס און טיפער פאַרבונדנקייט מיטן אַרבעטנדיקן פאָלק, געקאָנט נעמען אויף זיך די דאָזיקע גרויסע, פּאַראַנטוואָרטלעכע און פּאַטריאָטישע מיסיע און זי דערפירן, נישט געקוקט אויף דער אומגעהייערער צאָל קרבנות, ביז אין זיגרייכן סוף. שלעווין שילדערט אויך צו לויז און אומקלאָר די פאַרבינדונג פון די צוויי פרייהייטס־קעמפער מיט דער גאַנצער באַוועגונג, ווייזט נישט אָן דייטלעך אויף דעם קוואַל פון זייער מוט און

העלדישקייט, און עס באקומט זיך דעריבער וועגן זייער טעטיקייט גיכער דער איינדרוק, פון א מין בונטארישקייט, איידער פון א פלאנמעסיקן קאמף, באהויכט פון א גרויסער מענטשלעכער און פאטריאָטישער אידעע.

א ביסל צו אייליק און פארצייכענונגסמעסיק איז געשילדערט דער ווידעראויפבוי פון יידישן ישוב אין פוילן. שלעווין שטרייכט ווייניק אונטער די נויטווענדיקע פארבינדונג פון דעם ראָזיקן אויפבוי מיטן אויפבוי פון גאנצן לאנד, מיט די נייע כוחות, וועלכע האָבן אָנגעהויבן ווירקן אין נייעם באַפרייטן פוילן. ער גייט אויך אריבער צו לייכט די גרויסע קאטאסטראָפע פון פוילישן יידנטום, די שווערע טראגישע קאָנפליקטן, וועלכע זענען צוליב איר אנטשטאנען ביי די איינצלנע, וועלכע זענען פארבליבן. דער דאָזיקער טייל טראָגט דעריבער גיכער דעם כאראקטער פון אן עפיזאָד, איידער פון א גוט באגרינדעטער קינסטלערישער שילדערונג פון אומגליקלעכע, צעבראָכענע מענטשן, וועלכע באקומען ווידער חשק צום לעבן און מוט אָפצובויען זייערע פולשטענדיק חרובע היימען נאָך אדאנק די נייע פארהעלטענישן, וועלכע האָבן זיך איינגעשטעלט אין לאנד.

די אויבן אויסגערעכנטע בלויזן פון ב. שלעווינס ווערק שטאמען פון איין מקור. נעמלעך, זיי שטאמען דערפון, וואָס שלעווין האָט נישט אלעמאָל אין א גענוגנדיקער מאָס דערזען, און דאָרט, וווּ ער האָט שוין יאָ דערזען, נישט אַלעמאָל אין א גענוגנדיקער מאָס קינסטלעריש ארויסגעהויבן די אומגעהויערע ווירקונג פון דער קאָנסעקווענטער אַרבעטער־באַוועגונג, פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, אויף דער געשטאלטיקונג פון די געשעענישן און כאַראַקטערן.

די אלגעמיינע צענטראלע אידעע פון יענער צייט, די שטרעבונג פון די בעסטע זין ביי אלע פעלקער צו קעמפן אויף לעבן און טויט פאר פרייהייט, פאר אומאָפּהענגיקייט, פאר סאָציאלן יושר, איז אָפטמאָל געוואָרן פארשטעלט דורך שטייגערישע בילדער, שטימונגספולע געמעלן, פסיכאָלאָגיסטישע שילדערונגען.

אין די שווערע קאמפן פון פראנצויזישן פאָלק מיט דעם ווילדן און פארביסענעם שונא דאָמינירט די פסיכאָלאָגיש ריכטיקע, קינסטלערישע גוט ארויסגעבראכטע, אָבער דאָך אינדיווידועלע געשיכטע פון יידישן אסימילירטן מיידל עווא; אין דעם שוידערלעכן בילד פון די היטלעריסטישע געפאַנגען־לאַגערס — די שטימונגספולע איבערלעבונגען פון פיינפילנדיקן, שווייגנדיקן יידישן פאָעט, הירש מאָליווער; אין דעם זיג פון די פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער, דעם ראַשיקן וווּקס פון די פראָגרעסיווע באוועגונגען אין אלע לענדער, פון דער באזיגיקונג פון די מאסן — די שווערמוטיקע, קיינעם נישט באוווסטע, אומקלאָרע שטימונגען פון א טאָגי מינסקער. פונדאנען דער מינאָרער סוף: „וווהין פאָרן?“, פונדאנען דער „צעמישטער בליק“ פון הירש מאָליווער ביים סוף פון אלע געשעענישן, מיט וועלכן „ער האָט ארומגענומען דעם פינצטערן אָגוווּרף פון די פרעמדע עלנטע געסלעך אויפן הויכן בעלוויל“.

אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע אידעאָלאָגיש־קינסטלערישע בלויזן, איז דאָס בוך „געווען איז עס נעכטן“ — אַדאַנק דעם טיף־הומאַניטאַרן גייסט, מיט וועלכן עס איז דורכגעדרונגען, דער עכטער האַרציקער שטימונג, מיט וועלכער עס איז אָנגעזעטיקט, ווי אויך אַדאַנק דער לעבעדיקער שילדערונג פון פאַרשידענע סיטואַציעס און געשעענישן און דער בולטער צייכענונג פון אַ גאַנצער ריי געשטאַלטן — אָן שום ספק אַ ווייטערע דערגרייכונג אין שלעווינס שאַפן.

# וועגן די שאַפונגען פון י. גוטערמאַן

אין זיין ערשט ביכל פּראָזע „אין א פּוסטער שטאָט“ האָט יצחק גוטערמאַן אַרויסגעוויזן מעגלעכקייטן פון גוטער שילדערונג און פיינער דערציילערישקייט. איינציקע נאָוועלן, וועלכע זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם בוך, ווי „אין א פּוסטער שטאָט“, „בלינדקייט“, „דער געראַטעוועטער“, ווי אויך דער קונסטלערישער רעפּאָרטאַזש „א געוועזענע גאַס“ האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער געדיכטער שטימונג, אָפט טרעפלעכער בילדלעכקייט און, אין א געוויסער מאָס, אויך מיט זייער אינהאַלטלעכער קאָנצענטרירטקייט אַרום אַ באַשטימטער צענטראַלער אידעע. א גאַנצע רייע בילדער אין די דאָזיקע נאָוועלן זענען נישט געווען קיין בלויזע דעקאָראַטיווע עלעמענטן, נאָר צוגעהאָלפן איינצופּאַסן דעם אינהאַלט פון מענטשלעכע איבערלעבונגען, אינטימער מאַכן געוויסע שטימונגען פון די העלדן, אָדער צואייגענען א באַשטימטע אַלגעמיינע אַטמאָספער.

די טעמע פון „א פּוסטער שטאָט“, ביי איר גאַנצער אַלגעמיינקייט און סימבאָלישקייט, ביי דער גאַנצער קאַרגשאַפט פון צייכענען איר אויסערלעך געשטאַלט, ביי דעם פולשטענדיקן מאַנגל אין פּרטים וועגן איר פּערזענלעך, האָט דאָך געמאַכט דעם איינדרוק פון א לעבעדיקער געשטאַלט. די דאָזיקע לעבעדיקייט האָט גוטערמאַן אַרויסבאַקומען מיט דער הילף פון איינצלנע, אָבער כאַראַקטעריסטישע שטריכן, וועלכע זענען אייגן אלע מאַמעס:

„אויף איר לענגלעך פּנים מיט א דורכזיכטיקער צעקנייטשטער הויט האָט זי געטראָגן א פּאָר רונדיקע ברילן־גלעזער, וואָס האָבן פאַרגרעסערט אירע אויגן, ווי זיי זאָלן מאַכן מער פּלאַץ פאַר דעם צער און פּיין, וואָס ליגן שטענדיק אין זיי“.

אָדער:

„זי האָט נישט געקענט צוזען, ווי א טאָפּ, א פּענדל, וואָס האָבן אַמאָל גענערט מענטשן מיט זייער וואַרעם געקעכטס, זיי מחיה געווען, זאָלן זיך אויסגעוואָרפענע אַרומוואַלגערן אין גאַס. זי האָט זיי אויפגעהויבן און אהיימגענומען“.

אַזעלכע קאָנקרעטע און כאַראַקטעריסטישע שילדערונגען מאַכן אונדז באַגלויביק די געשטאַלט און, במילא, אויך די אַטמאָספער, וועלכע דער שרייבער באַמיט זיך ארום איר צו שאַפן.

אויך אין דער דערציילונג „בלינדקייט" האָט זיך גוטערמאַנען איינגעגעבן צו שילדערן עכט, איבערגעלעבט און מיט מאָס דעם צושטאַנד פון מענטשן, וועלכע שלעפן זיך וואָכנלאַנג אין וואַגאָן, די פעלדער הינטער סטאַלינגראַד, פאַרוואַלגערטע מיט צעהאַקטע טאַנקן, האַרמאַטן און אַנדערע געווער און די ערשטע אויפבוי=אַרבעטן אין סטאַלינגראַד גופא. אָבער די פאַבולע פון דער דערציילונג איז טיילווייז צעשוווּמען, פאַרנעפּלט און דער סוף עטוואָס צוגעקלערט.

געלונגענע בילדער און מאָמענטן פון גוטער באַאָבאַכטונג קומען אויף אויך אין דער דערציילונג „דער געראַטעוועטער":

„ער האָט זיך אַזוי לאַנג געוויגט, געפּלאָנטערט אין דער לופט, ביז ער האָט זיך אָפּגעריסן, ווי אַ טראָפּן וואַסער פון דאַך".

אָדער:

„אָנזאַמלענדיק אַ קליין בלוט=טייכעלע אינעם ווינקל פון אויג, רינט דאָס שנירל ווייטער איבערן שטערן, ביז עס נעמט טראָפּנווייז קאַפּען פון אַן איינצלנער האָר אַראָפּ. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ שפּיץ פון אַ מעסער איז לאַנגזאַם געגאַנגען איבערן פּנים און עס אויפגעשניטן".

רעאַליסטיש, לעבעדיק און בולט איז אָנגעשריבן דער קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש פון אַ געוועזענער ייִדישער גאַס. גוטערמאַן מיידט אויס דאָ דאָס צופעליקע און הייבט אַרויס, אין אַלגעמיין גענומען, דאָס וועזנטלעכע און כאַראַקטעריסטישע. עס קומט אויף אַ פאַרביק, פאַרשידנאַרטיק און פאַרגאַנצט בילד פון אַ ייִדישער גאַס, איינגעפאַסט אין אַ שטיל, קוים באַמערקבאַרן טרויער, וועלכער איז אַזוי אייגן יעדער נאָענטער זאַך, וואָס איז פאַרשוווּנדן און וועט זיך מער נישט צוריקקערן.

אָבער גלייכצייטיק ווייזט אויך אַרויס גוטערמאַן אין דעם זעלבן בוך אַ נייגונג צו שילדערן פּרטים, וועלכע האָבן נישט קיין באַדייטונג פאַר דער טעמע גופא, העלפן נישט אַרויסצוהייבן די אידעע פון דער אָדער יענער דערציילונג, דעם כאַראַקטער פון דער אָדער יענער געשטאַלט, נאָר זענען געגעבן צוליב דער שילדערונג גופא, אָפּשוואַכנדיק דערמיט די קינסטלערישע צילגעווענדקייט און, במילא, אויך דעם קינסטלערישן אמת.

באַזונדערס בולט טרעט אַרויס די דאָזיקע נייגונג אין די נאָוועלן „אַהיים", „דער ערשטער טאָג" און „דער אָנהייב".

גוטערמאַן שטעלט לכתחילה נישט אין די דאָזיקע נאָוועלן קיין שום קאָנקרעטע אויפגאַבע, ער האָט אויך נישט קיין באַשטימטע קינסטלערישע אידעע. ער וויל בלויז שילדערן געוויסע צושטאַנדן וואָס גענויער און פּינקטלעכער און עס

באַקומט זיך, ביי דעם גאַנץ ריכטיקן איבערגעבן פון געוויסע פּרטים, אַן אַבסטראַקט געשטאַלט און צוגעקלערטע פּאַבולע אין איין נאָוועלע („אַ היים“) און אַ שוואַך קאָנסטרויִרטע רעפּאָרטאַזש־מעסיקע פאַרצייכענונג אין אַ צווייטער („דער ערשטער טאָג“).

אין די פריער־דערמאָנטע נאָוועלן „אין אַ פּוסטער שטאָט“, „דער געראַטעוועטער“ און אַפילו „בלינדקייט“ האָט גוטערמאַן געהאַט פאַר זיך אַ באַשטימטע אַלגעמיינע אידעע, וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו פאַרקערפּערן קאָנקרעט אין געשטאַלט פון דער מאַמען, פון געראַטעוועטן אָדער בלינדן. די דאָזיקע אידעע האָט אים געצוואונגען אונטערצואָרדענען די מערהייט פון איינצלנע פאַקטן אַ געוויסער צענטראַלער קינסטלערישער אויפגאַבע. אַפילו „אַ געוועזענע גאַס“, וועלכע איז, ווי שוין אויבן געזאָגט, לויט איר אינהאַלט און פאָרם אַ קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש, באַווייזט גוטערמאַן אויפצוהייבן צו אַן אַלגעמיין בילד, אַדאַנק דער באַשטימטער און קאָנקרעטער פאָרשטעלונג פון אַ פאַרשוווּנדן לעבן, פון זיינע אויסערלעכע פאָרמען און וועזנטלעכן אינהאַלט, וועלכע ער האָט אויסגעטראָגן אין זיך אין משך פון אַ לענגערער צייט.

דאַקעגן אין „אַ היים“, אָדער אין „דער אָנהייב“ איז צו זען קלאָר, אַז גוטערמאַן האָט נאָך די ערשטע איינדרוקן נישט באַוויזן צו פאַרבינדן איינע מיט די אַנדערע, צו דערקענען זייער אינהאַלטלעכן תוך, און דעריבער קומען אַרויס אַבסטראַקט און נישט באַגלויביק סיי די געשטאַלטן, סיי די פּאַבולע, דורך וועלכער און אין וועלכער ער וויל די דאָזיקע איינדרוקן אויף אַ קינסטלערישן אופן פאַראייביקן.

יעדע טעמע, וואָס אַנטוויקלט זיך נישט אין איר רעאַליזירונג אַרום אַן אידעיש־קינסטלערישן קערן, מוז זיך צעפאַלן אויף צופעליקע פּרטים, וועלכע ווי גוט און ריכטיק זיי זאָלן נישט זיין געשילדערט, זענען זיי אָבער נישט אימשטאַנד צו שאַפן קיין פאַרגאַנצט בילד, אָדער אַרויסהייבן אַ פאַרגאַנצטע שטימונג. עס באַקומט זיך אַ שילדערונג פון צופעליקע איינצלהייטן, וועלכע פירן נישט צו קיין שום נייטווענדיקער און, במילא, צו קיין שום קינסטלערישער פאָרשטעלונג וועגן דער ווירקלעכקייט.

נאָך ביי אַלע בלויז האָט י. גוטערמאַן שוין אין זיין ערשטן ביכל „אין אַ פּוסטער שטאָט“ אַרויסגעוויזן, ווי געזאָגט, עכטע פּראָזאַישע מעגלעכקייטן. די שורות אין זיינע בעסערע נאָוועלן זענען נישט געלעגן אויף קיין ליידיקן שטח, נאָר זיי זענען געווען איינגעפּאַסט אין אַ שטילן אינערלעכן אומעט, וואָס האָט זיי אונדז געמאַכט נאָענט און אייגן. דאָס האָט געגעבן דעם גלויבן, אַז גוטערמאַן וועט זיך באַפרייען פון דער נאַטוראַליסטישער מאַניער, וועט פאַרטיפן דעם פּראָצעס פון זיין שרייבן דורך אַן אידעיִשער באַזיניקונג פון די צופעליקע פּרטים און זיך דערהייבן צו טיפערע רעאַליסטישע שאַפונגען.

דאָס צווייטע פּראָזע־ביכל פון י. גוטערמאַנען „באַנייטע טעג“ האָט באַוויזן, אַז דער דאָזיקער גלויבן איז געווען אַ באַרעכטיקטער. די דערציילונג „דאָס לעבן האָט אים צוריקגערופן“, וועלכע איז די וויכטיקסטע אין דעם בוך סיי לויט דער גרייס, סיי לויט דער קוואַליטעט, איז פון אַ באַדייטנדיקן דערקענטעניש־ווערט מחמת איר ציל־געווענדטער אידעען־איינשטעלונג. זי גיט אונדז שוין נישט בלויז קיין פּאַסיווע שילדערונג פון דער ווירקלעכקייט, נאָר אַן אַקטיוו באַזיניקט בילד פון אונדזער היינטצייטיק לעבן.

צוזאַמען מיט דער אידעיִשער שטייגערונג זענען אויך נויטווענדיק געשטיגן און רייפער געוואָרן די קינסטלערישע אויסדרוק־מיטלען פון גוטערמאַנען, זיין פעיקייט צו שילדערן קלאָרער און דיפערענצירטער די עיקר־שטריכן פון אַ געשעעניש, איר וועזנטלעכן אינהאַלט ווי אויך קאָנקרעטער פאָרמירן אַ געשטאַלט.

מע קאָן זיך געפינען אין מיט פון גאַס און דעם בליק האָבן אָפּגעווענדט פון אַרום, אָדער דעם דאָזיקן אַרום דערזען אין אַן אויסגעקרומטער פאָרם, און מען קאָן, פאַרקערט, ארויסקוקן טיילמאָל דורך אַ קליינער עפענונג און דערזען דאָס לעבן אין זיין סאַמע עיקר. קיינער איז נישט אימשטאַנד צו באַשטימען דעם שרייבער דאָס אָרט, פון וועלכן ער זאָל אויפנעמען די ווירקלעכקייט. ער נעמט זי אויף געוויינלעך פון דאָרט, פונוואַנען זי אַנטפּלעקט זיך אים אין דעם מאָמענט צום אינטימסטן און נאָענטסטן. וויכטיק איז בלויז, אַז ער זאָל זי אויפנעמען אין דעם סאַמע כאַראַקטעריסטישן, אין דעם סאַמע וועזנטלעכסטן. דעמלט ערשט קאָנען מיר באַקומען דורך דער געשילדערטער איינציקער געשעעניש אָדער געשטאַלט דאָס בילד פון גאַנצן.

אין דעם באַשטייט אויך דער פאַראַלגעמיינערטער זין פון גוטערמאַנס דערציילונג, נישט געקוקט אויף איר טעמאַטישער באַגרענעצונג.

ס'איז נאַטירלעך, אַז אין פרילינג זאָלן אַרויסשפּראָצן נייע צווייגלעך, און יונגע זאָלן זיך ווייטער אַנטוויקלען און אָנרייפן. אָבער אַז אַ וויאַנעדיקער בוים, וואָס האָט דורכגעמאַכט פּראָסטיקע ווינטערס, זאָל זיך פונסניי צעבליִען, איז שוין נייטיק אַ גרינטלעכע ענדערונג נישט בלויז פון די קלימאַטישע באַדינגונגען, נאָר אויך פון באָדן, איז נייטיק אַ ספּעציעלע פלעגונג, וועלכע זאָל אַרומנעמען נישט בלויז דעם שטאַם, נאָר זאָל אויך גרייכן אין דער טיף, צו די וואָרצלען.

דאָס לעצטע איז גילטיק אין באַצוג צו אַלע לעבעדיקע אָרגאַניזמען, אָבער צוממערסטן, פאַרשטייט זיך, אין באַצוג צו אַזעלכע, וואָס זייער לעבן איז ספּעציעל קאָמפּליצירט און פילקאָליריק — צום מענטש.

אין באַדינגונגען פון אונטערדריקונג און אויסנוצונג פון איין מענטש דורך דעם צווייטן ווערט דער מענטש שנעל אַלט, פאַרוויאַנעט ער פאַר דער צייט פּיזיש און גייסטיק. ער איז נישט אימשטאַנד פון זיין מי אָנצוזאַמלען אַ ביסל

דעזערטיר־כוחות צו רעגענערירן זײן גוף און אַנטוויקלען זײן געדאַנק. פאַרקערט, ער איז אָפט נאָך געצוווּנגען זײנע גרונטיקע כוחות, וועלכע זענען אים נײטיק אויף יעדן טאָג, צו פאַרטאַכליעווען אין שווערע שטרײטן און קאַמפן, כדי צו פאַרטײדיקן זײן נאַקעטע עקזיסטענץ.

ראַקען אין די באַדינגונגען פון פאָלקס־הערשאַפט, פון מענטשן־גלײכהײט, ווו דער אַרבעטס־פּראָצעס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שעפערישן פּראָצעס און דער אַרבעטס־מענטש באַקומט אַלע מעגלעכקײטן פון וווּקס — אין די דאָזיקע באַדינגונגען קומט אויף נאַטירלעך אַ פונקט פאַרקערטע דערשײנונג.

דאָס וויאַנענדיקע הײבט אָן ווידער צו בליִען, דאָס אַלטע ווערט ווידער יונג.

אין דער דערצײלונג „דאָס לעבן האָט אים צוריקגערופן" האָט גוטערמאַן אויפגעדעקט פאַר אונדז די דאָזיקע מעשׂעקאַווע דערשײנונג אין אונדזער בײער ווירקלעכקײט, באַוויזן, ווי אַזוי די וווּנדערלעכע קראַפט פון אונדזער נײ לעבן סטימולירט נישט בלויז צו וווּקס און אַנטוויקלונג, נאָר אויך צו ווידעראויפלעבונג.

גוטערמאַן דערצײלט אונדז וועגן דעם גורל פון אײן מענטשן, וועלכער האָט זיך אַלײן שוין פאַרמשפּט צו שטאַרבן און דאָס לעבן האָט אים צוריקגערופן, דערבײ גיט ער דעם דאָזיקן רוף נישט אין דער פאָרם פון פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען, נאָר אַרויסגעוואַקסן פון קאָנקרעטע לעבנס־געשעענישן.

דער הויפּט־העלד, מאיר מענדעלעוויטש, דערשלאָגן פון די טראַגישע איבערלעבונגען, קומט אָן אין אַ זקנים־הויז מיטן ציל דאָרט שוין צו פאַרענדיקן זײנע לעצטע יאָרן. אָבער די נײע ווירקלעכקײט איז ווי אַ שפּרודלדיקער קוואַל. זי הריגנט אַדורך אויך די ווענט פון זקנים־הויז און טראָגט אַרײן אַהין דעם פרישן און געזונטן הויך פון קוועלנדיקן לעבן.

קלאָר, אַז דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַן אויסנאַמלעכע טעמע, אָבער פון אַ באַזונדערן מין. כ'וואָלט גיכער געזאָגט אַ זײטיקע טעמע, ווי מע זאָל אויף אַ ווײל אַראָפּגײן אין אַ זײט פון הויפּט־שליאַך, כדי נאָך בעסער צו דערזען זײן אײנגאַרטיקע פאָרם. מיר געפינען זיך דאָ טאַקע אַ ביסל אין שאָטן פון די גרויסע געשעענישן אין אונדזער לעבן, אָבער פון דעם דאָזיקן שאָטן אַנטפּלעקט זיך נאָך העלער זײער אינערלעכע שײן.

אויף דער שפּראַך פון זקנים־הויז קומט דאָס צום אויסדרוק אין דער טענה פון דער יידענע צו אבא לערער:

„— נאַדיר גאָר, אַ מענטש איז אַהערגעקומען שטאַרבן און הײבט אָן צו לעבן!".

אין דער דאָזיקער טענה איז אַנטהאַלטן די גאַנצע אידעע פון דער דערצײלונג נישט אין דער פאָרם פון אַן אַבסטראַקטן באַגריף, נאָר פון אַן אָנשוילעכן פאַקט. דאָס איז טאַקע אײנע פון די קינסטלערישע הויפּט־מעלות פון דער דערצײלונג. די האַנדלדיקע פּערזאָנען אין איר חקירהן נישט וועגן דער אַנדערשקײט

פֿון זייער נייעם לעבן, נאָר זיי לעבן די דאָזיקע אַנדערשקייט איבער. אָפּטמאָל זענען זיי אַליין איבערראַשט, נישט פֿאַרשטייענדיק דעם שׂכל דערפֿון:

„— מאַקע עפּעס אַ וווּנדער! נישט קיין קינד, נישט קיין רינד, נישט קיין קרוב, נישט קיין אייגענע מויער, נישט קיין בייטל מיט געלט, און האָסט אַלץ, וואָס דו דאַרפֿסט. אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ ווייך געלעגער, עסן און טרינקען און קיין שום זאָרג. עפּעס אַ וווּנדער שטעקט אין דעם!“.

דערגלייכן קאָן זיך מאיר מענדעלעוויטש נישט אָפּוווּנדערן פֿון דעם נייעם אַרבעטער־קלוב, פֿון די נייע פֿאַראָנדקעס אויף דער פֿאַבריק, פֿון דער ברידערלעכער באַציִונג צו אים מצד די פּוילישע אַרבעטער און פֿון די מענטשן, וואָס שטייען איצט אין דער שפּיץ און פֿירן אָן מיט דער גאַנצער פֿאַבריק און וואָס זענען ערשט נישט לאַנג געווען אַזעלכע פּשוטע, פּראָסטע אַרבעטער, ווי ער אַליין. ער פֿילט ווי דאָס לעבן זויגט אים צוריק איין אין זיך, אָבער גלייכצייטיק גיסט עס אויך אַריין אין אים יונגע פֿרישע קראַפֿט.

די דערציילונג איז פֿריי פֿון אַ גאַנצער ריי מאָמענטן, וועלכע האָבן געלאַסטעט אויף גוטערמאַנס פֿריערדיקע דערציילונגען. עס איז אין איר נישטאָ, אָדער כּמעט ווי נישטאָ קיין שום אָנגעשטרענגטקייט און צוגעקלערטקייט אין געבוי פֿון דער פֿאַבולע און אין אופֿן פֿון שילדערן. עס זענען אין איר אויך כּמעט נישט פֿאַראַן קיין איבעריקע צופֿעליקע פּרטים. אַ גאַנצע ריי בילדער, פֿאַרגלייכן און איינצלנע שילדערונגען זענען נישט בלויז פֿאַרבונדן מיט דער גאַנצקייט פֿון דער טעמע, נאָר זיי עפֿענען אויך אויף אַ ווייטערע און טיפֿערע פּערספּעקטיוו.

מאיר מענדעלעוויטש גייט אַרום איבער זיין שטעטל:

„ביי איין הויז האָט ער מיט ביידע הענט זיך אַ טאַפּ געטאָן די וואָנצעס. שטענדיק, ווען ער פֿלעגט פֿאַרבייגיין פֿאַר די דאָזיקע פֿענצטער, האָט די קליינע זיסל, דעם ברודערס טעכטערל, אַ געשריי געטאָן: — אוי, דער פֿעטער מיט די וואָנצעס גייען! — מענדעלעוויטש האָט נאָכאַמאָל אויפֿגעהויבן די הענט און מיט די פֿינגער צוגעגלעט אין ביידע זייטן די וואָנצעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גראָבע, ברוינע ציגאַרן מיט די דינע שפּיצן צו די באַקן צו. ער האָט זיי גלייך געמאַכט, ווי גרייטנדיק, אַז עמעצער, וואָס האָט זיי ליב, זאָל באַלד אַ קוק טאָן אויף זיי און זיך פֿרייען“.

אין פֿלוג גענומען אַ נישט וויכטיקער פּרט, אָבער ווי רירנדיק ער שטרייכט אונטער — ספּעציעל דורך די ווערטער פֿון דער קליינער זיסעלען — די טראַגישע איבערלעבונג. גלייכצייטיק דעקט ער אויך אויף דעם כאַראַקטער פֿון העלד.

דערגלייכן איז אין דעם זאָג פֿון מעכל גבאַי צו מענדעלעוויטשן: — „אַזוי, אַזוי... איך האָב עס באַלד דערקענט... אַ ליידיק פּנים — וואָנצעס אָן אַ באָרד. איך האָב באַלד דערקענט“ — אויפֿגעעפֿנט אין אַ געוויסן זין די געשטאַלט פֿון מעכל גבאַי גופֿא, וואָס י. גוטערמאַן גיט, דורך אגב, אַזוי קורץ און טרעפֿלעך זיין אוי־

סערלעכע געשטאַלט: „דאָס בערדל און וואָנצעס האָבן געהאַט דעם זעלבן גרויען קאָליר, וואָס דער רויך, און מענדעלעוויטשן האָט זיך געדאַכט, אַז דער רויך וויקלט זיך אַרויס נישט נאָר פֿון יענעמס מויל, נאָר אויך פֿון דער גאָמבע, אַפֿילו פֿון זיינע ברעמען".

אַזעלכע קורצע געלונגענע שילדערונגען זענען אין דער דערציילונג אָנצוטרעפֿן זייער פֿיל.

באַזונדערס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די טרעפֿלעכע צייכענונג פֿון אַ גאַנצער ריי עפּיזאָדישע פֿיגורן, ווי אבא לעדער, מעכל גבאי, הינדעלע, אַהרן גינצבורג, און אויך אַ גאַנצע ריי באַזונדערע מאָמענטן אויסגעפּאַסטע עכט קינסטלעריש, ווי:

„ווען אַ טראָפּן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, האָט דאָס בלעטל דערלייכטערט זיך געגעבן אַ הייב אונטער, ווי עס זאָל אָפּאָטעמען נאָכן באַפֿרייען זיך פֿון דער משא".

אָדער:

„יעדעס רונצעלע אויף זיין פּנים האָט געלעבט, איז געווען אַ געדאַנק".

צי:

„טייל שאָטנס (פֿון די אַלטע — ר. ס.) זענען געגאַנגען איבער דער שטוב שווער, פֿאַמעלעך, ווי מעכל זאָל זיך אַליין איבעררוקן פֿון איין אָרט צום צווייטן".

און פֿיל פֿיל ענלעכע.

ביז גאָר נאַטירלעך און כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדער געשטאַלט באַזונדער איז דער גרעסטער טייל דיאַלאָגן. אייניקע פֿון זיי זענען אָנגעלאָדן מיט עכטן דראַמאַטישן שטאָף, אנדערע— מיט אַ דיסקרעטן פֿיינעם הומאָר.

אָבער די דערציילונג פֿאַרמאָגט אויך אייניקע וועזנטלעכע בלויזן. קודם־כל דער הויפּט־העלד גופֿא. ביי דער גאנצער בולטער צייכענונג פֿון זיין פּערזאָן און באַגלויביקייט פֿון זיינע האַנדלונגען אין אַלגעמיין גענומען, איז דאָך פֿאַראַן אין אים עפּעס נישט דערזאָגטס, אומקלאָרס און אַפֿילו אומפֿאַרשטענדלעכס. דאָס האָט א שייכות ספּעציעל צו זיין ערשטער האַנדלונג מיט זיין אָנקום אין זקנים־הויז. עס איז פֿאראן ואין איר עפּעס צוגעטראַכטס און נישט נאַטירלעכס, אויב מע זאָל, פֿארשטייט זיך, נעמען אין באַטראַכט, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אן אקטיוו־קעמפֿערישן ארבעטס־מענטש פֿון פֿאר דער מלחמה, וועלכער האָט נאָך דערצו פֿארבראכט אזוי פֿיל יאָרן אין ראטנפֿארבאנד. די דאָזיקע האַנדלונג איז נישט קיין באַגרינדעטע, נישט קיין כאַראַקטעריסטישע און קאָן שאַפֿן דעם איינדרוק, אז דער אויטאָר האָט זיין העלד אריינגעפֿירט אין זקנים־הויז ספּעציעל דערפֿאר כדי ער זאָל אים שפּעטער קאָנען פֿון דאָרט ארויספֿירן.

פראַגמענטאַריש, רעפּאָרטאַזש־מעסיק זענען געגעבן די פּוילישע אַרבעטער פון שטעטל. דער אויטאָר האָט קיינעם פון זיי נישט אינדיווידואַליזירט, נישט אַרויסגעהויבן קיין כאַראַקטעריסטישע געשטאַלט, זיי פאָרגעשטעלט אונדז דורך אַלגעמיינע אומפּערזענלעכע רייד, במילא איז אויך אונדזער גלויבן אין זייער פריינדלעכער באַציונג צו מענדעלעוויטשן באַזירט דער עיקר אויף דעם שׂכל־הישר און צוטרוי צום אויטאָר.

מיר טרעפן זיך נאָך אויך אָן אין דער דערציילונג אויף אייניקע אומבאַהאָלפענע, וויינ־אינהאַלטלעכע שילדערונגען, ווי:

„נאָך אין ראַטנפאַרבאַנד איז מענדעלעוויטש נישט געווען אָפּגעריסן פון דעם, וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. אין פאַריין פון די פּוילישע פּאַטריאָטן האָט מען אַ סך געשמועסט וועגן דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר. אָבער אין פאַרלויף פון די פּאָר שעה, וואָס ער געפינט זיך דאָ אין שטעטל, האָט ער אויף אַלעם געקוקט אַ מבולבלער“.

אָדער:

— „ביסט גאָרנישט אַזוי אַלט, מאיר, ווי דו ווילסט בלייבן ביים אַלטן — האָט דער יונגער, בלאָנדער מענטש אים אָפּגעענטפערט מיט דער לעבעדיקייט און ענערגיע פון אייגעם, וואָס די אויפגייענדיקע כוחות שפּאַרן אַליין אַרויס פון אים“.

און ענלעכע.

אָבער אין אַלגעמיין גענומען איז די דערציילונג „דאָס לעבן האָט אים צוריקגערופן“ אַ באַדייטנדיקער שריט פאָרויס אין דער שאַפונג פון י. גוטערמאַן סיי אידעיש, סיי קינסטלעריש און אַנטפּלעקט נייע שעפערישע מעגלעכקייטן פון שרייבער.

# אויפן ראַנד פון ב. מאַרקס בוך „אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן“

דאָס בוך פון ב. מאַרק „אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן“ איז נישט בלויז א וואָגיקע און אינטערעסאנטע דערגענצונג צו זיינע ביזאיצטיקע פאָרשונגען וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע און העלדישקייט פון די פוילישע יידן אין די יאָרן פון דער בלוטיקער היטלער-ממשלה, נאָר איז אין א געוויסער מאָס אויך א קאָנקרעטע און אָביעקטיווע באַשטעטיקונג פון דעם עיקרדיקן אידעישן לייטמאָטיוו פון די דאָזיקע פאָרשונגען.

אין וואָס באַשטייט דער דאָזיקער לייטמאָטיוו?

ער באַשטייט אין דעם, וואָס אין קעגנזאַץ צו דער גאַנצער רעאַקציאָנערער היסטאָריאָגראַפיע, וועלכע באַמיט זיך אויסצונוצן דאָס שוידערלעכסטע אומגליק אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, כדי צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַליסטיש-שאָוויניסטישע איזאָלירטקייט פון יידישן מענטשן און זיין שנאה צום נישט-ייד, כדי ארומצונעמען זיין לעבן מיט א געדיכטן מיסטישן נעפּל, וואָס פירט צו הכנעה און אונטערטעניקייט, — אין קעגנזאַץ צו איר האָט ב. מאַרק שוין פון זיינע ערשטע פּרוּוון צו געבן א סינטעטישן באַגריף וועגן דעם לעבן פון די יידן אין דעם וואַנזיניקן קאָשמאַר, וואָס הייסט היטלער-אָקופּאַציע, זיך באַמיט ארויסצוהייבן די ווייניקע, אָבער טיפּישע מאָמענטן, וועלכע האָבן גראָד אין יענער צייט, מער ווי אין יעדער אנדער נאָרמאַלער צייט, אונטערגעשטראָכן די פריינדשאַפט פון מענטש צו מענטש און דאָס געפיל פון ווירדיקן פּראָטעסט און ווידערשטאַנד.

ריכטנדיק זיך מיטן איינציק וויסנשאַפטלעכן מאַרקסיסטיש-לענינישן מעטאָד פון פאָרשן, האָט מאַרק געוווסט, אז ווי וויכטיק און ווערטפול עס זענען נישט רעאַלע פאַקטן, איז דער געשיכטלעכער אמת דאָך נישט זייער בלויזע אריטמעטישע סומע. פאַראַן פאַקטן, וואָס זענען לעצטע רעשטן פון א פאַרגאַנגענהייט, און ווי גרויס זיי זאָלן נישט זיין אין דער צייט און ווי גרויזאם אין זייער אויסווירקונג, טראָגן זיי שוין אָבער אין זיך זייער אייגענעם אונטערגאַנג. און, פאַר-

קערט, פאַראַן אַזעלכע, וואָס כאָטש נאָך קליין אין דער צאָל, כאָטש נאָך שוואַך אין זייער באַווירקונג, איז אָבער אין זיי שוין אַנטהאַלטן די צוקונפט, דריקן זיי אויס דעם אמת פון זייער צייט.

פון דעם אַלגעמיינעם געדיכטן חושך, וועלכער האָט געהערשט אין יענער צייט און וועלכער האָט, דאַכט זיך, איינגעהילט אַלץ און אַלעמען, האָט מאַרק אַרויסגעהויבן די מאָמענטן פון פאַרשידענער קלאַסן־אידעאָלאָגיע, וועלכע ברענגען אַרויס דעם אונטערשיד, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן טעמפּער שנאה און רירנדיקער פריינדשאַפט, נאַציאָנאַליסטישער בלוטגיריקייט און אינטערנאַציאָנאַליסטישער איינציקייט, קליינמוטיקער פּחדנות און גרויסער העלדישקייט.

די דאָזיקע מאָמענטן פון פאַרשידענער קלאַסן־אידעאָלאָגיע און קלאַסן־באַציונג האָבן עקזיסטירט אויך אינערהאַלב דער פאַרמשפּטער יידישער געזעלשאַפט. אַזוי, למשל, האָט דער טויט־אורטייל, וועלכער איז אויך געהאָנגען איבער די באַזיצנדיקע קלאַסן פון פּוילישן יידנטום, וועזנטלעך נישט געענדערט זייער פאַרמלחמהדיקן אַרט דענקען, זייער פּאָליטישע קורצזיכטיקייט ביים אורטיילן וועגן דער געשאַפענער לאַגע, זייער רעאַקציאָנערן ווידערווילן צו יעטוועדן מין פון ווידערשטאַנד לגבי דעם אָקופּאַנט. דאָס איז אין יענע יאָרן בולט געקומען צום אויסדרוק אין דער פּאָליטיק פון פשרותדיקייט און אונטערטעניקייט לגבי דעם שונא, אין דער פּאָליטיק פון געהאָרכזאַמקייט לגבי די פאַרניכטונגס־פּלענער פון היטלערישן אָקופּאַנט. פאָלקס־פאַראַט, ווי אויך צביעות און פּחדנות, וועלכע באַגלייטן אים, זענען נישט קיין ספּעציפישע שטריכן פון דער יידישער בורזשואַזיע, אָבער אין די גרוילּיקע באַדינגונגען פון דעם היטלער־קאָשמאַר זענען זיי אַרויסגעטרעטן באַזונדערס בולט אין זייער אָפּשטויסנדיקייט. זייער קאָנקרעטע פאַרקערפּערונג זענען געווען די יודענראַטן, וועלכע האָבן אומאויפהערלעך גענאַרט דאָס פאָלק, איינגעוויגט עס אין פאַלשע אילוזיעס, באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען אָפּצושטעמפּן אין דעם יעדעם געפיל פון ווידערשטאַנד און, ווי א פּעסט, פאַרשפּרייט אַרום זיך אָפּהענגיקייט און הכנעה.

אָבער די יידישע רעאַקציע, פּונקט ווי יעדע אַנדערע אין אַן ענלעכן פאַל, באַמיט זיך, פאַרשטענדלעך, צו מאַכן אירע אומווירדיקע מעשים אַנאָנים, אָדער זיי גאָר צושרייבן, ווי נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן, דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

ס'הייסט: „צום באַדויערן האָט דאָס פאָלק אַרויסגעוויזן פּחדנות, גייענדיק ווי שאָף צו דער שחיטה“, אָדער — „ליידער, האָבן זיך געפונען אין אונדזער פאָלק מוסרים און פאַררעטער“ — מיט איין וואָרט, דאָס פאָלק דאַרף זיין דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דעם, וועלכער זאָל פאַרשטעלן דעם ריכטיקן אַדרעס. און ס'איז דער פאַרדינסט פון ב. מאַרקן, וואָס ער האָט פּרעציזירט דעם דאָזיקן אַדרעס, אויפגראָבנדיק פון אונטער דער פּייער־לאַווע, וועלכע האָט דאָס גאַנצע יידישע לעבן פאַרוואַנדלט אין אַש, יענע פּוילנדיקע ערטער, וועלכע האָבן נאָך עקזיסטירט פאַר

דער בלוטיקער פארפלייצונג, און זיי אָפּגעגרענעצט פון דעם געזונטן און שיי־נעם, וואָס דאָס פאָלק האָט איינגעהיט.

דאָס פארברעכן און די פּחדנות האָט אויפגעהערט צו זיין אַנאָנים, אָבער דערמיט גופא האָבן אויך דאָס מענטשלעכע און העלדישע אָפּגעפונען זייער אַדרעס. ווי א מעכטיקער אָפּפרישנדיקער קוואַל, האָבן זיי געשטראָמט פון דעם לאַנד פון קלאַסישער פעלקער־פריינדשאַפט, פון ראַטנפארבאַנד, און אָנגעטרונקען די פארהלשטע געמיטער מיט האָפענונג און מוט. זיי זענען אויך געקומען פון דער אזוי גערופענער ארישער זייט מיט אָפּטימיסטישן ברידערלעכן גרוס און מסירת־נפשדיקן טאַט. זיי האָבן זיך אפילו באַוויזן אין די רייען פון די דייטשן גופא, ווי פרילינגס־שוואַלבן פון אָנקומענדיקן נצחון איבערן היטלעריזם.

אין דער שטאָק־פינצטערניש פון דער היטלער־נאַכט האָבן מיר ווידער דער־זען די פייערלעך, וואָס באַלייכטן די וועגן פון פאָלק צו פאָלק און סטימולירן זייערע בעסטע זין צו גרויסע און איידעלע טאַטן.

ב. מאַרק האָט אויפן סמך פון אומצאָליקע פאקטן, צונויפגעזאמלטע מיט א סך מי און איבערגעגעבנקייט, צוריקגעשטעלט די ווירדע פון יידישן פאָלקס־מענטש, באַוויזן, אז ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן פון ווידערשטאַנד, פון געמיינזאַמען קאמף מיטן גאנצן פוילישן פאָלק פאר געמיינזאמער באפריי־אונג, און אז ער האָט דאָס פארווירקלעכט ווו און ווי ער האָט נאָר געקאָנט, אָנהייבנדיק פון קאָנטאַקטן מיט פוילישע חברים, סאַבאָטאַזש־אַקטן אויף די אר־בעטס־פּלעצער, און ענדיקנדיק מיט דעם העלדישן אויפשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ.

ארויסהייבנדיק און אונטערשטרייכנדיק די דערשיינונג פון מענטשלעכער ווירדע און מוט, פון מענטשלעכער פריינדשאַפט, האָט ב. מאַרק נישט בלויז רע־האַבילירט דעם הייליקן אָנדענק פון די אומגעקומענע, אויפגעהויבן זייער טראַ־גישן אומקום, נאָר גלייכצייטיק אויסגעדרוקט דעם אָביעקטיוון געשיכטלעכן אמת.

די באדייטונג פון מאַרקס וויסנשאַפטלעכער און ליטעראַרישער ארבעט אין דער הינזיכט אַן און פאר זיך גופא, אפילו נישט פארגלייכנדיק זי מיט דער רע־אַקציאָנערער טענדענציעזקייט און טיילמאָל אפילו ווילקיר, וועלכע הערשן אויף דעם געביט אין דער בירגערלעכער היסטאָריאָגראַפיע — איז נאָך ווי געהעריק נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן ביז איצט.

אין דעם בוך פון ב. מאַרק „אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן“ קומט אויף דער דאָזיקער געשיכטלעך־אָביעקטיווער אמת אוממיטלבאַר און דירעקט. עס איז אומבאַדינגט פאראן א סך אמת אין דעם געדאַנק, וואָס מאַרק זאָגט אַרויס אין בוך, אַז שוין דער עצם פאַקט פון שרייבן האָט אַנטהאַלטן אין זיך אן אַקט פון לעבנס־באַשטעטיקונג, פון גלייבן אין דער צוקונפט. פארשטייט זיך, אז עס רעדט זיך נישט פון אזא שרייבן, וואָס האָט, באַוווסטזיניק צי אומ־

באַוווסטזיניק, צוגעהאָלפן דער היטלעריסטישער פעלקער=אויסראָטונג, ווי דאָס
האָבן פּראַקטיצירט די שרייבער, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם „דרייצנטל“
אָדער אַרום דעם רעוויזיאָניסטישן זשורנאַל „מגן=דוד“, צי אפילו די גטאָ=קול=
טורניקעס פון קאַלמאַנאָוויטשעס שניט.

די שרייבער, וועלכע זענען געווען טיף באַהאַפטן מיטן פאָלק און נישט אָנ=
געווירן זייער גלויבן אין פאָלק, האָבן נישט בלויז מיטגעלעבט זיינע גרויליקע
פּייַנען און נישט בלויז געהאַסט מיט אַלע פיבערן פון זייער נשמה זיינע נידער=
טרעכטיקע און בלוטיקע שונאים, נאָר אויך געטרונקען פון זיין קוואַל פון מענטש=
לעכער ווירדע, האָפענונג און ליבשאַפט, וועלכן קיין שום גיהנומדיק פייער אפילו
איז נישט אימשטאַנד געווען אויסצוטרוקענען. דערציילנדיק וועגן די דאָזיקע
שרייבער און אָפּשאַצנדיק זייער אידעאָלאָגיש=קינסטלערישן באַדייט אין הסכם
מיט דער דאָזיקער קריטעריע פון פאָלקס=טריישאַפט, האָט ב. מאַרק דורך די
שרייבער אונדז דערמעגלעכט צו דערהערן די שטים פון פאָלק גופא.

די ליטעראַטור שפּיגלט אָפּ נישט בלויז דעם אויסערלעכן פאַרלויף פון גע=
שעענישן, נאָר אויך די איבערלעבונגען און שטימונגען, וועלכע זיי רופן אַרויס
אין דער פּסיכיק פון מענטשן, שפּיגלט אָפּ די באַציונג פון מענטשן צו דער אַרו=
מיקערווירקלעכקייט, זיין געמיט=צושטאַנד און געדאַנקען=גאַנג. מאַרק האָט באַ=
וויזן, אַז דער רעאַליסטישער פאָלקס=טרייער שרייבער, וועלכער איז געווען פאַר=
וואָרצלט אין פאָלק, האָט אויך אין דעם דאָזיקן חושך דערזען די עיקרדיקע
שטריכן פון פאָלקס=מענטש: זיין שטאָלצן בונט, זיין קרבנות=גרייטקייט, זיין באַ=
גערן די אומצעטיילבאַרקייט פון דער פרייהייט. יעדע אידעאַליסטיש=מיסטישע
פאַרנעפּלונג, אויב זי האָט אַפילו נישט געשטאַמט פון אַ היטלעריסטיש=יודענ=
ראַטישן מקור, איז זי יעדנפאַלס געווען די אָפּשפּיגלונג פון אַ פּוסטן שטח, וועל=
כער האָט זיך אויסגעבילדעט צווישן שרייבער און פאָלק, ווען דער שרייבער
האָט זיינע בליקן געווענדעט אויסשליסלעך אויף זיך, אָדער ער האָט זיך געפונען
אונטער דעם איינפלוס פון אַלטע באַווירקונגען, ווי דאָס איז אָפט געשען ביי קאַ=
צענעלסאָנען און אַנדערע. אין אַלגעמיין אָבער, באַווייזט מאַרק, האָבן די יידישע
שרייבער, אין באַדינגונגען פון אַזאַ געשפּענסטיקן קאָשמאַר, וועלכן ס׳איז זיך
שווער פאָרצושטעלן, אָנגעשלאָגן מיט זייער וואָרט אין שטאָלצן פּראָטעסט, אין
מענטשלעכער ווירדע, אין איידעלן גלויבן אין דער אייגענער און אַלגעמיינער באַ=
פרייונג, אין צוטרוי צום מענטש. דורך דעם דאָזיקן וואָרט איז געקומען צום
אויסדרוק דער נישט געבראָכענער גייסט פון פאָלק, זיין אויסשפּייען פון זיך די
יודענראַטישע מוסרים און פאַרעטער מיט זייער קריכערישער אונטערטעניקייט
פאַר די היטלערישע בעסטיעס, ווי אויך די „קולטור“=יודענראַטניקעס, וועלכע
האָבן גערופן צו זעלבסט=איזאָלירטקייט און אָפּגרענעצונג פון די „גויים“ און באַ=

רעכטיקט דעם געטאָ צוליב זיין שאַפן די „מעגלעכקייט פאר גרויסע אינערלעכע פארטיפונגען".

אמתע, נישט געפעלשטע פאָלקס־ווירדע און פאָלקס־אָפּטימיזם, וועלכע עס האָבן נישט געקאָנט דערשטיקן די בלוטיקסטע אכזריותן פון דער פאשיסטי־שער חיה, קומען צום אויסדרוק אין זייער גאנצער אוממיטלבארקייט אין אזעלכע שורות ווי אין דעם ליד פון אן אנאָנימען לאָדזשער דיכטער „קערנער":

„כ'וועל נישט מאַנצן מה־יפית־טענץ,
כ'וועל פאר קיין געלט נישט פארקויפן מיין גייסט",

אָדער אין אזעלכע שורות פון שאַיעוויטשעס א ליד:

„נאָר לאָמיר נישט וויינען, לאָמיר נישט
יאָמערן און להכעיס אלע שונאים —
שמייכלען" — — —

צי גאָר אין אזעלכע שטאָלציע ווערטער פון קלמן ליס:

„נאָר געטרייסט זיי, צאַרטע כלה,
אין דיין וויטיק, אין דיין טריבן,
דיין באַשערטער איז געפאַלן
פאר א גרויסער טיפער ליבע.
פאר דעם גליק, וואָס ליגט פארבאָרגן
אין דעם טונקעלן היינט פארגרויטן,
פאר א בלוי צעשטראַלטן מאָרגן
מיט א זון־אויפגאנג א רויטן".

דעסגלייכן אין די האָפענונגספולע שורות פון פאָלקס־דיכטער מרדכי געבירטיג:

„שטיי אויף, מענטש, עס טאָגט שוין, דער שטראַל צו מיר רעדט,
אַט שפּאַנט שוין מיט פרייד, מיט א שטראַלן־בוקעט
דער פרילינג, דער אָנזאָג פון פרידן.
באַלד וועט פון זיין בליק זיך צעבליען דאָס פעלד.
און ליכטיק און פריי וועט באַלד ווערן די וועלט —
פאר אלע! און אויך פאר אייך, יידן".

וואָס פאר א קוואַל פון אָפּטימיזם, וואָס פאר א טיף מענטשלעך געפיל עס דעקט אויף פאר אונדז דאָס וואָרט פון דיכטער אין הארץ פון פאָלק אין דער דאָזיקער צייט פון רציחה און אומקום! בלויז די טיטלען גופא פון א גאנצער

ריי אנאָנימע לידער, ווי „מיט מוט און האָפענונג", „רויטע וואך", „אָט זענען מיר אויפן שפּיץ באַרג" א. א., זאָגן עדות וועגן דעם געזונטן לעבנס־געפיל, וואָס דאָס פאָלק האָט איינגעהיט.

דעם דאָזיקן פאָלקס־אָפּטימיזם און פאָלקס־גלויבן אין זיג פון גערעכטי־קייט, וועלכן די יידישע שרייבער האָבן געבראַכט צום אויסדרוק, האָט ב. מאַרק גענומען אלס דעם יסוד פון בוך און גלייכצייטיק אלס דעם מעסטער פון דעם אידעאָלאָגיש־קינסטלערישן באַדייט פון יעדן שרייבער באזונדער. פונדאנען איי־נער פון די מערקווירדיקסטע שטריכן פון דעם בוך, וואָס באַהאַנדלענדיק א טע־מע פון אזא אויסנאַמלעכן און אומהיימלעכן אינהאַלט ווי די יידישע ליטע־ראַטור אין געטאָ, וואָס סיי אירע שעפער, סיי אירע העלדן זענען פאַרמשפּט געווען צו א שנעלן און שוידערלעכן אומקום — איז עס פונדעסטוועגן נישט דורכגעדרונגען מיט מרה־שחורה, מיט ווידערווילן צום לעבן, מיט אויסוועגלאָ־זיקייט. פונקט ווי זיינע ארבעטן וועגן דעם לעבן פון פּשוטן יידישן מענטשן אין דער צייט פון היטלערישן קאָשמאַר, אַזוי האָט אויך מאַרק אין וויכטיקסטן און עיקרדיקסטן טייל פון דער יידישער ליטעראַטור אין יענער תקופה דערזען נישט בלויז די מאָמענטן פון דער אויפשווידערנדיקער מאַרטיראָלאָגיע, נאָר אויך די מאָמענטן פון פיזישן און גייסטיקן ווידערשטאַנד, פון מענטש־דערלייזערישן קאַמף. דאָס האָט דעם טיפן טראַגיזם פון דער טעמע אויסגעלייטערט מיט א גרויסער מענטשלעכער דערהויבונג און באַזיניקט דורך א טרייסט פון א ווייטער דורותדיקער פּערספּעקטיוו.

די יידישע שרייבער, און אין דער ערשטער ריי די, וועלכע זענען שוין פאר דער מלחמה אויף א וועלכן ס'איז אופן געווען פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָ־נערער ארבעטער־באַוועגונג, האָבן אין אָנבליק פון די אוממענטשלעכע דערניי־דעריקונגען, מענטשן־פאַרשוועכונג, ביי די גיהנומדיקע פייערן פון היטלערישן פעלקער־מאָרד, נישט פאַרלוירן זייער מענטשלעך געשטאַלט, זייער מענטשלעכער ווירדע. פאַרקערט, דער איינציקער קוואַל פון זייער מוט איז געווען דער שענסטער אידעאַל פון דער מענטשהייט, דער אידעאַל פון ברידערלעכקייט און פרייהייט. אין דעם יידישן פאָלקס־מענטש פון יענער צייט האָבן זיי דערזען נישט בלויז די מאָמענטן פון היהשן הונגער און פיזישער שרעק, די מאָמענטן פון יאוש און אָפּהענטיקייט, וועלכע די בלוטיקע היטלער־הינט האָבן באַצוועקט, כדי לייכטער צו פאַרצוקן זייער קרבן, נאָר אויך די איידלסטע שטריכן פון מסירת־נפשדיקייט און טרייהייט, פון נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן שטאָלץ.

דורך אַזאַ אופן פון זען און פאָרשטעלן די שרייבער פון יענער צייט האָט ב. מאַרק זיי אָפּגעגעבן דעם פאַרדינטן פּלאַץ פון ווירדיקע אויסדריקער פון פאָלק בעת זיין גרעסטער קאַטאַסטראָפע אין דער געשיכטע, ווייל נישט בלויז ווי קלאָ־גער און באַוויינער, נאָר אויך ווי מאָנער און דערמוטיקער, ווי היטער פון דער

פאָרגעשריטנסטער מאָראַל פון ברידערלעכקייט און מענטשן=אַכטונג קעגן דער צעפוילונג פון די צעיושעטע היטלער=יונגען.

אויסער די אידעישע ווערטן פאַרמאָגט אויך דאָך בוך א גאנצע ריי פּאָרמעלע מעלות. דאָס איז די פלאַנמעסיקע, נאַטירלעכע אַנטוויקלונג פון דער טעמע, דער דערציילערישער סטיל, די פאָלקסטימלעכע שפראך. די דאָזיקע אייגנשאַפטן העלפן צו אַרויסצוברענגען דעם געשיכטלעך=אינפאָרמאַטיוון און ליטעראַריש=קריטישן מאַטעריאַל סיי פול און קלאָר, סיי אָנגעלאָדן מיט געמיט און אָנציענדיק. עס ווילט זיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל גרייכן צו די שורות, פון וועלכע צוזאמען מיט דעם טיפסטן טראגיזם, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער וועלטגעשיכטע, גייט אויך אויף א טרייסטנדיק ליכט פון עכטער מענטשלעכקייט, פון גייסטיקן מוט און פון אומדערשיטערלעכן גלויבן אין זיג פון אמת. דערמיט האָט ב. מאַרק ווייט אריבערגעשטיגן די באשיידענע אויפגאבע פון „א פאָרוואָרט צו די ווערק פון די טראגיש אומגעקומענע און אין קאמף געפאלענע שרייבער", ווי ער אליין באַצייכנט דאָס דאָזיקע בוך אין זיין קורצן אריינפיר=וואָרט, נאָר צוגעשריבן א ווערטפול און באַלערנדיק קאַפּיטל צו זיין גאנצער מיפולער ארבעט וועגן דער דאָזיקער תקופה.

# איינִיקע באַמערקונגען

## צו מ. מירסקיס „פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קריטיק"

דער ווענטלעכער קענצייכן פון יעדער שעפערישער קריטיק, ווי פון יעדן קינסטלערישן זשאַנער בכלל, באַשטייט אין דעם, וואָס זי באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט אויסטייטשן אָדער דערקלערן דעם באַהאַנדלטן אָביעקט, נאָר וואָס אין דעם גאַנג פון דער באַהאַנדלונג באַרייכערט זי אים און פאַרטיפערט.

באַרייכערט — אין זין פון אויסברייטערן די ספערע פון זיינע פאַרבינדונגען מיט אַן אַלץ גרעסערן קרייז פון דערשיינונגען; פאַרטיפערט — אין זין פון אויפדעקן אין אים נייע, ביז־איצט נאָך נישט אַנטפּלעקטע מעגלעכקייטן פון באַווירקונגען און איבערלעבונגען.

מיר זעען דאָס באַשיינפּערלעך אין דער שיינער ליטעראַטור, וווּ די זעלבע געפילן, דערשיינונגען אָדער געשעענישן ווערן דורך פאַרשידענע קינסטלער אַנדערש געזען, אַנדערש איבערגעלעבט און מיט אַנדערע אויסדרוק־מיטלען געוויזן.

דערביי דאַרף מען אונטערשיידן צווייערליי אַנדערשקייטן. אַ קאָנגזעצלעכע, וואָס איר סיבה איז פון סאָציאַלן און וועלט־אָנשוילעכן כאַראַקטער, און אַזאַ, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די פאַרשידנאַרטיקע מעגלעכקייטן פון קינסטלערישן אויסדרוק אין די ראַמען פון דעם זעלבן אידעישן באַנעם.

וואָס אָנבאַלאַנגט דער ערשטער, איז קלאָר, אַז די סביבה, אין וועלכער דער קינסטלער האָט זיך דערצויגן און אין וועלכער עס האָט זיך געשטאַלטיקט זיין פערזענלעכקייט, זיין אידעישע איינשטעלונג צו די עיקרדיקע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון זיין צייט, האָבן אַ טיפע, דעצידירנדיקע השפּעה נישט בלויז אויף זיין אופן פון אויפנעמען פאַרשידענע דערשיינונגען, נאָר אויך אויף זייער ריין קינסטלערישער רעאַליזירונג, ד. ה. אויפן מעטאָד, סטיל און אפילו אויף באַזונדערע קינסטלערישע אויסדרוק־מיטלען.

וואָס איז שייך דער צווייטער, איז זי פּאַקטיש די אייגנאַרטיקע ספּעציפיק פון קונסט און וואָרצלט אין דער אינדיווידואַליטעט פון יעדן באַזונדערן שעפער.

אין די ראַמען פון דער זעלבער אידעישער שטרעמונג ווערן די זעלבע פאַקטן אין דערשיינונגען פאַרשידנאַרטיק קינסטלעריש פאַרווירקלעכט. די סיבה דערפון איז די, וואָס דער קינסטלערישער אמת איז נישט קיין אויסטייטשונג פון אַן אָביעקטיוון פאַקט, ווי געגוי און ריכטיק די דאָזיקע אויסטייטשונג זאָל נישט זיין, נאָר דער פאַקט אין דער סוביעקטיווער איבערלעבונג פון קינסטלער. דער וויסנשאַפטלעכער אמת באַלייכט, קלערט אויף, אינטערפרעטירט דער עיקר אויפן יסוד פון אַ סיסטעמאַטישער צעגלידערונג. דער קינסטלערישער אמת דערפילט אין תוך די זעלבע פונקציעס, אָבער ווערנדיק באַגלייט אומאויפהערלעך פון אַ סינטעזירנדיקער קראַפט, וועלכע האַלט יעדן פרט באַהאָפטן מיטן גאַנצן, ווי אַ טייל פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם.

די דאָזיקע סינטעזירנדיקע קראַפט איז די קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט, וועלכע, אויסטראָגנדיק דעם אָביעקטיוון פאַקט אין זיך, פאַרטיפערט אים דורך אירע דערפאַרונגען, באַרייכערט אים דורך איר אייגנאַרטיקער פאָרם און דער עיקר אַקטואַליזירט און פאַרזעלבסטשטענדיקט אים דורך איר איבערלעבונג אין אַ כסדרדיק-לעבעדיקער און ווירקנדיקער קעגנוואַרט.

למשל, יעדע געשעעניש באַשריבן דורך אַ היסטאָריקער, אָדער יעדע געשטאַלט אַנאַליזירט דורך אַ פסיכאָלאָג קאָנען באַרייכערן אונדזער וויסן, אויסברייטערן אונדזער האָריזאָנט, אָבער די דאָזיקע געשעעניש אָדער די דאָזיקע געשטאַלט בלייבן אויסער אונדז, בלייבן אויף זייער אָרט און אין זייער צייט. בלויז דער קינסטלער איז אימשטאַנד צו פאַרוואַנדלען זיי אין אונדזערער אַן אינטימער קעגנוואַרטיקער איבערלעבונג און דורך דער דאָזיקער איבערלעבונג מאַכן צו באַנעמען זיי טיפער, אַלזייטיקער, אויפדעקן אין זיי נייע ביז איצט נישט באַוווסטע מאָמענטן.

די דאָזיקע אייגנשאַפט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע געביטן און זשאַנרען פון קונסט. זי איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עכט-שעפערישער קריטיק, אין אינטערשיד פון דער ליטעראַטור-קענטעניש אין איר ריין-וויסנשאַפטלעכער אָדער פאָפולער-וויסנשאַפטלעכע פאָרם, וועלכע איז אין איר תוך אַנאַליטיש, און אוודאי פון דער דידאַקטישער שול-קריטיק, וועלכע, אָנשפאַרנדיק זיך אויף דער ערשטער, באַנוצט זיך דער עיקר אויסצוטייטשן געוויסע ליטעראַרישע דערשיינונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז אין דער פראַקטיק איז נישט דענקבאַר קיין פולשטענדיק אידעאַלע גרענעץ צווישן די אַלע דריי פאָרמען פון קריטיק. אויך די שעפערישע קריטיק, אויף וויפל זי וויל דערגרייכן באַשטימטע אָביעקטיווע און אַלגעמיינע ווערטן און נישט בלייבן בלויז אין דער ספערע פון אַ סוביעקטיווער מיינונג, מוז אַנטהאַלטן אין זיך עלעמענטן פון ליטעראַטור-קענטעניש און אַפילו פון אויסטייטשונג. דאָך איז נישט שווער פעסטצושטעלן דעם עיקרדיקן אונטערשיד צווישן

זיי. אין דער ליטעראַטור־קענטעניש און אין דער דידאַקטיש־אויסטייטשערישער קריטיק פילט זיך נישט בולט קיין אינדיווידואַליטעט. די לייטנדיקע ליניע פון באַטראַכטונגען און אויספירן ווערט רעגולירט דורך פּרינציפּן און פאָרמולירונגען, וועלכע געהערן צו אַ גרייטן אַלגעמיינעם סיסטעם, וואָס עקזיסטירט שוין אויסער זיי. דאַקעגן ווערט אין דער שעפערישער קריטיק, פונקט ווי אין יעדן קינסטלערישן זשאַנר, דער אָביעקטיווער שטאָף — צי דאָס איז אַן אַלגעמיינע באַטראַכטונג וועגן קונסט, צי אַ באַשטימטע שיטה, צי אַ קאָנקרעטע קינסטלעריש ווערק — אַרויסגעבראַכט דורך דעם אוממיטלבאַרן געפיל און דורך דער מענטאַליטעט פון אַ שעפערישער אינדיווידואַליטעט.

דאָס בוך פון מיכאל מירסקי „פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קריטיק" שטעלט פאָר מיט זיך אויפן ערשטן בליק אַ זאַמלונג פון אַלע דריי מינים ליטעראַטור־קריטיק. דער אינהאַלט איז אַ פאַרשידנאַרטיקער און לאָזט זיך איינטיילן אין פיר עיקרדיקע טעמעס:

א) וועגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם, ווו עס ווערן באַרירט אַזעלכע וועזנטלעכע פראַגן, ווי דער קינסטלערישער אמת, פאַרטייאישקייט פון קינסטלערישן שאַפן, טיפּישקייט אין דער ליטעראַטור, דאָס פּראָבלעם פון שיינקייט, די ראָל פון קאָנפליקט, דער פּאָזיטיווער העלד, וועגן ראָמאַנטיזם, די ראָל פון קריטיק, אינהאַלט און פאָרם;

ב) וועגן דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור;

ג) פון דער היינטצייטיקער פוילישער און יידישער ליטעראַטור און

ד) וועגן דער יידישער שפּראַך.

דאָס געמיינזאַמע, וואָס פאַראייניקט דעם דאָזיקן פאַרשידנאַרטיקן אינהאַלט איז, אויסער דעם איינהייטלעכן אידעיישן צוגאַנג, אויך דער אופן פון באַהאַנדלען, וועלכער אַנטשפּרעכט פולקאָם דעם טיטל פון בוך. נעמלעך: מ. מירסקי שטעלט זיך נישט פאַר אַן אויפגאַבע אַלזייטיק און סיסטעמאַטיש צו רעפערירן די אָדער יענע טעמע און זי אויסשעפּלעך צו באַהאַנדלען, נאָר אויסטיילן פון איר אייניקע, לויט זיין מיינונג, וועזנטלעכע פראַגן און די דאָזיקע פראַגן ספּעציעל אונטערשטרייכן.

דאָס איז צו זען באַזונדערס בולט אין „די באַמערקונגען וועגן דער היינטצייטיקער פוילישער פּראָזע", ווו מירסקי, באַטראַכטנדיק אַ גאַנצע ריי היינטצייטיקע פוילישע שרייבער און ווערק, באַגרענעצט זיך אויסשליסלעך צו דער פראַגע, אויף וויפל די דאָזיקע שרייבער האָבן זיך אידעאָלאָגיש דערנעענטערט צום מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, און צום דעם פּראָבלעם פון פּאָזיטיוון העלד אין זייערע ווערק.

דעם גלייכן אין די קורצע סקיצן „וועגן פאָרשונגס־מעטאָד פון אונדזער משכילישער און קלאַסישער ליטעראַטור" און „דער משכיל, וואָס איז געווען קעגן

השכלה", וועלכע זענען ביי זייער גאַנצער פּאַרטייאישקייט און שעפערישער איינפאַלערישקייט אויך נישט מער ווי באַהאַנדלונגען פון אַ באַשטימט פּראָבלעם, לויז פאַרבונדן מיט זיין קינסטלערישער רעאַליזירונג. דעם זעלבן אופן פון אויסטיילן און אונטערשטרייכן דאָס פּראָבלעמאַטיקע טרעפן מיר אָן אויך אין די פיל בריטערע אָפּהאַנדלונגען וועגן י. ל. פּרץ, שלום-עליכם און בינעם העלער, כאָטש דאָ שוין פיל מער און פיל שטאַרקער באַהאַפטן מיט דעם קינסטלערישן געוועב פון יעדן שרייבער באַזונדער. מיר אַקצענטירן דעם האָזיקן אופן ווי אַן אייגנטימלעכן שטריך פון מירסקיס קריטישן מעטאָד, וועלכער ביי אַ געהעריקער אויסבריטערונג און פאַרטיפונג, ווי אויך ענגערער פאַרבינדונג מיט דער אינדיווידועל-קינסטלערישער פאַרווירקלעכונג איז אימשטאַנד צו געבן דורכדרינגלעכע אָפּהאַנדלונגען, דורכויס שעפערישע און אָריגינעלע, ווי מיר זעען דאָס אין זיינע אַרבעטן וועגן שלום-עליכמען און י. ל. פּרץ.

אָבער דאָס איז נישט דער איינציקער אייגנטימלעכער שטריך פון מירסקיס קריטיק.

מ. מירסקי איז טעטיק אין דער ליטעראַטור-קריטיק נישט פון נעכטן. שוין עטלעכע צענדליק יאָר, ווו ער רעאַגירט אויף פאַרשידענע ליטעראַרישע דערשיינונגען פון אַן אויסגעשפּראָכענער אידעיש-קינסטלערישער פּאָזיציע, פון דער פּאָזיציע פון דער סאַמע פּראָגרעסיווסטער אין אונדזער צייט וועלט-אָנשויונג, פון דער פּאָזיציע פון מאַרקסיזם-לעניניזם. זיינע אַרבעטן צייכענען זיך אויס מיט קלאָרקייט, מיט אַ לאָגישער קאָנסעקווענטער אַנטוויקלונג פון זייערע גרונט-הנחות, מיט אַ דיאַלעקטישן צוגאַנג צו דער ווירקלעכקייט און צו איר אָפּשפּיגלונג אין דער ליטעראַטור. עס איז אויך פאַראַן אין זיי די האַרטנעקיקייט און קאָמפּראָמיסלאָזיקייט פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט, וואָס ער וויל און צו וואָס ער צילט.

אָבער דאָס זענען אַלץ אייגנשאַפטן דער עיקר פון וועלט-אָנשויילעכן כאַראַקטער, וואָס כאָטש זיי קומען נישט מיטאַמאָל און זייער פאַרפולקאָמונג גייט האַנט ביי האַנט מיט דעם אידעישן וווּקס פון שרייבער, איז זיי דאָך נישט שווער אונטערצושיידן אין יעדער באַזונדערער אַרבעט, אַפילו דער פריצייטיקסטער לויט איר ליטעראַרישער רייפקייט. דאַקעגן, די מער אינטימערע אייגנשאַפטן פון יעדן שרייבערישן טאַלאַנט, וועלכע נעמען אַרום דעם גאַנצן סטיל פון שרייבער מיט יענער אינדיווידועלער אַטמאָספער, וואָס שאַפט זיין אייגנאַרטיקן אויסדרוק — די דאָזיקע אייגנשאַפטן לאָזן זיך מערסטנטייל נישט אַזוי לייכט דעפינירן אין יעדן פאַל באַזונדער. זיי ווערן אויסגעדעקט ווי סטאַבילע ערשט אין זייער גלייכצייטיקער אָנזאַמלונג און איבערחזרונג.

אויך אין מירסקיס „פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קריטיק" מיט זייער רייכער און פאַרשידנאַרטיקער טעמאַטיק קומען זיי אויף פאַר אונדז אויסדריקלעך

צום ערשטן מאָל, צוגעבנדיק דעם ווערק אַלס גאַנצעס זיין אייגנאַרטיקן און איינהייטלעכן אויסדרוק.

וועלכע זענען די דאָזיקע אייגנשאַפטן?

מיר האָבן אויבן געזאָגט, אַז דאָס בוך שטעלט פאָר מיט זיך אויפן ערשטן אויגנבליק אַ זאַמלונג פון דריי מינים ליטעראַטור־קריטיק. מיר האָבן בולטע עלעמענטן פון ליטעראַטור־קענטעניש אין דער ערשטער גרעסערער אַרבעט וועגן סאָציאַליסטישן רעאַליזם, אין די קורצע אָפּהאַנדלונגען „וועגן פאָרשונגס־מעטאָד פון אונדזער משכילישער און קלאַסישער ליטעראַטור“ און „דער משכיל, וואָס איז געווען קעגן השכלה“, און דער אַרבעט וועגן דער יידישער שפּראַך.

מיר האָבן אויך עלעמענטן פון אַנאַליטישער קריטיק אין דער גרעסערער אָפּהאַנדלונג וועגן ביינעם העלער.

אָבער טאַקע בלויז אויפן ערשטן אויגנבליק. ווייל אַריינגלייענדיק זיך אַביסל מער אין די דאָזיקע אַרבעטן דערפילן מיר, ווי זיי זענען איינגעפּאַסט אין אַן איינגאַרטיקער, געהעמטער און אינערלעכער טעמפּעראַטור. דאָס איז ניט בלויז קיין אָפּהאַנדלונג פון די הויפּט־פּרינציפּן פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, אָדער בלויז אַ פעסטשטעלונג פון אַ באַשטימטן מעטאָד אין פאָרשן די משכילישע און קלאַסישע ליטעראַטור, צי די ירושה פון זיידן מענדעלע, ווי עס קאָן זיך אויסדאַכטן פון דער אויסערלעכער רואיקער, קאָנסעקווענט־לאָגישער, כמעט טרוקענער אַנטוויקלונג פון סיוזשעט. עס איז אַ ליידנשאַפטלעכער קאַמף פאַר די דאָזיקע פּרינציפּן און פאַר דעם דאָזיקן מעטאָד, וועלכער פולסירט אָנגעשטרענגט און הייס אונטער דער אויסערלעכער רואיקייט.

די דאָזיקע אינערלעכע אָנגעלאָדנקייט און אינטימער באַהאַפטנקייט מיט אַ רואיקן קאָנסעקווענט־לאָגישן געדאַנק קומען אויף בולט אין דעם בוך, ווי אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון מ. מירסקיס שרייבערישן טאַלאַנט. צו דעם קומט נאָך צו די כסדרדיקע אָנשטרענגונג צו גראָבן זיך טיפער אין באַהאַנדלטן פּראָבלעם, אויסצוגעפינען אין דעם דאָס סאַמע וועזנטלעכסטע, דאָס, וואָס האָט אַן אַלגעמיינעם אָביעקטיוון זין, ביי דער גלייכצייטיקער אָנווענדונג פון פּשוטע אויסדרוק־מיטלען, פאַרגלייכן, ביישפּילן און פון אַ קלאָרער שפּראַך.

די דאָזיקע שטריכן דערגענצנדיק זיך קעגנזייטיק שאַפן עס דעם אייגנאַרטיקן אויסדרוק, וועלכן מיר באַמערקן אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס אין אַלע אַרבעטן, וועלכע גייען אַריין אין דעם בוך. אָבער באַזונדערס בולט און פול און באַזונדערס שעפעריש געפינט דער דאָזיקער אויסדרוק זיין פאַרווירקלעכונג אין די אָפּהאַנדלונגען וועגן י. ל. פּרץ און שלום־עליכם.

דאָ איז שווער ניט שייך אונטערצושיידן די אָדער יענע אייגנשאַפט באַזונדער. אַלע צוזאַמען שאַפן איין סינטעטישע גאַנצקייט, גיבן אַן איבערגעלעבטן, פאַראיינהייטלעכטן און דורכדרינגלעך בילד פון באַהאַנדלטן שרייבער, אַ בילד, וואָס

אין פולשטענדיק אינדיווידועל לויט זיין פאָרם און פאַראַלגעמיינערט=אָביעקטיוו לויט זיין אינהאַלט.

אַזוי, למשל, גיט אונדז מ. מירסקי אַ קאָנקרעטע, אייגנטימלעכע און אייגנהייטלעכע באַלויכטונג פון שלום=עליכמען, אין וועלכער עס קומען אויף בולט שלום=עליכמס אידעיש=קינסטלערישער וועלט=באַנעם, די סאָציאַלע מאָמענטן אין זיין שאַפן, די קלאַסיפיצירונג פון טיפּאַזש, דער מהות פון זיינע קינסטלערישע אויסדרוק=מיטלען, די גרויסע פאַראַלגעמיינערונג פון זיין אייגנאַרטיקן הומאָר, די דראַמאַטישע קראַפט פון זיין מאָנאָלאָג און דער אוממיטלבאַרער אמת פון זיינע קינדער=שאַפונגען. אָבער דער סאַמע עיקר: די דאָזיקע באַלויכטונג קומט פון אַ פאַרגאַנצטער סינטעטישער פאָרשטעלונג, אַ באַרייכערטער און פאַרטיפטער דורך דער אייגענער איבערלעבונג, אין וועלכער אַלע אָביעקטיווע אַנאַליטישע עלעמענטן זענען אָרגאַניש באַהאַפטן צווישן זיך דורך אַן אַקטיוו=שעפעריש סוביעקטיוו געפיל, דאָס הייסט, זיי געפינען זיך אויף אַ העכערער שטופע פון זעלבשטענדיקער קינסטלערישער באַווירקונג.

די זעלבע דערשיינונג מערקט אויף אויך אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן י. ל. פּרץ, כאָטש נישט אין אַזאַ ברייטער און אַלזייטיקער פאָרם.

דאָס זענען מוסטערן פון עכטער שעפערישער קריטיק, וועלכע באַגנוגנט זיך נישט, ווי שוין אויבן געזאָגט, בלויז מיט אויסטייטשן אָדער דערקלערן דעם באַהאַנדלטן אָביעקט, נאָר וועלכער אין גאַנג פון דער באַהאַנדלונג באַרייכערט אים אין פאַרטיפערט, דעקט אויף אין אים נייע, ביז איצט נאָך נישט אַנטפּלעקטע מעגלעכקייטן פון באַווירקונגען און איבערלעבונגען. אַזאַ איז מירסקיס אַנאַליז פון שלום=עליכמדיקן הומאָר, פון שלום=עליכמדיקן טיפּאַזש, פון דעם מהות פון פּרצעס הומאַניזם און פיל אַנדערע.

אָבער נישט אַלע אַרבעטן, וועלכע גייען אַריין אין דעם בוך זענען אין דער הינזיכט גלייכווערטיק. אייניקע פון זיי, ווי למשל, דער סקיץ וועגן מענדעלען, אויסדריקנדיק א ביז גאָר ריכטיקן און שעפערישן געדאַנק, וועלכער קלערט אויף סיי א גאַנצע ריי אינערלעכע סתירות אין מענדעלעס שאַפן, סיי זיין זיגזאַגאַרטיקן אידעישן שאַפונגס=וועג, פאָדערט א פיל ברייטערע און קאָנקרעטערע באַאַרבעטונג. דעסגלייכן איז אויך די אָפּהאַנדלונג וועגן דער היינטצייטיקער פּוילישער פּראָזע אביסל צו אַלגעמיין, ווען אַפילו דער אויטאָר האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע אויסצוטיילן בלויז אייניקע פּראָבלעמען אין איר. פאַר ליטעראַטור=קריטיק זענען, ווי באַוווסט, פּראָבלעמען פון קונסט אַקטועל נאָר אין זייער קאָנקרעטער, קינסטלערישער אָנקליידונג. ספּעציעל ווען זיי ווערן באַטראַכט נישט ריין טעאָרעטיש, נאָר אין פאַרבינדונג מיט דעם שאַפן פון דעם אָדער יענעם שרייבער. דער „וואָס" און „וויאַזוי" זענען אין דער קונסט אומצעטיילבאַר, ווייל אין דעם „ווי=אַזוי" קומט צום אויסדרוק נישט בלויז די פאַקטישע אייגנאַרטי=

קייט פון קינסטלער, זיין אינדיווידועלע קינסטלערישע פיזיאָנאָמיע, נאָר אויך די פּראַקטישע קאָנקרעטיזירונג פון אינהאַלט, די אוממיטלבאַרע באַשטעטיקונג פון דעם אַלגעמיינעם אָביעקטיוון אמת. אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן דער הייגטצייטיקער פּוילישער פּראָזע הייבט מירסקי נישט ארויס די אייגנאַרטיקע קינסטלערישע מיטלען פון יעדן שרייבער באַזונדער, די אייגנטימלעכע פאָרם פון יעדן ווערק, זאָגט אונדז נישט ווי אזוי יעדער קינסטלער באַזונדער האָט פאַרווירקלעכט דאָס זעלבע פּראָבלעם. אָבער דאָס פּראָבלעם גופא איז דורך מירסקין ארויסגעהויבן ריכטיק, דערביי אין אזא אויסגעוויקלטער פאָרם און מיט אזא אינערלעכער געהעמטער פּאַסיע, אז די אָפּהאַנדלונג אליין אַן און פאַר זיך באַקומט איר זעלבשטענדיקן קינסטלערישן ווערט.

כ'מיין אויך, אז ס'וואָלט זיך געלאָזט דיסקוטירן די דריי-עטאַפּן-איינטיילונג פון בינעם העלערס דיכטערישער ביאָגראַפיע, אין וועלכער עס איז אן שום ספק ריכטיק די אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק, א גאַנצע ריי שעפערישע אָפּשאַצונגען פון באַזונדערע לידער און אויך אייניקע אַלגעמיינע באַמערקונגען, ווי די זייער טרעפלעכע באַטראַכטונג וועגן דעם ווען און דער ראָל פון ליריק. עס וואָלט זיך געלאָזט דיסקוטירן די דאָזיקע איינטיילונג דערפאַר, ווייל ווי אנדערשדיק עס זאָל נישט זיין דער געמיט-צושטאַנד פון העלערן אין עטלעכע לידער אין משך פון א באַשטימטן פּעריאָד (און נאָך וואָס פאַר א פּעריאָד), צייכענען זיי נאָך נישט קיין אידעישן עטאַפּ, בפרט ווען די עיקר-שאַפונג פון העלערן פאַר דער דאָזיקער צייט, כאָטש דורכגעדרונגען, פאַרשטענדלעך, פון טיפן ווייטיק, איז דאָך איינגעהאלטן פולשטענדיק אין העלערס סטיל, דאָס הייסט אין סטיל פון מאַרקסיסטישן וועלט-באַנעם, וועלכע קאָן נישט געשלאָגן ווערן מיט יאוש, אויסוועגלאָזיקייט און בלינדקייט אַפילו קעגנאיבער אַזאַ גיהנומדיק פייער, ווי דאָס איז געווען די צייט פון היטלער-הערשאַפט. איבעריקנס, וואָס אנבעלאַנגט דער קינסטלערישער זייט, שטעלט פעסט מירסקי אליין א באַדייטנדיקן וווקס אין די יאָרן. צי זאָגט נישט דער דאָזיקער קינסטלערישער וווקס, פאַרקערט, וועגן א באַשטימטן אידעישן גובר זיין געוויסע שטימונגען אין איינקלאַנג מיט דער אַלגעמיינער, איינהייטלעכער אַנטוויקלונגס-ליניע פון העלערן?

כ'מיין דערהיבער, אז די עטלעכע לידער, אויף וועלכע מירסקי שפּאַרט זיך אָן, זענען גיכער „פּעריפּעריע-שטימונגען", ווי מירסקי אליין באַצייכנט זיי, איידער א וועלכעס ס'איז סטאַביל און הויערנדיק געפיל, וואָס זאָל קאָנען דינען אלס יסוד פאַר א באַזונדערן עטאַפּ.

אָבער די דאָזיקע פאָר באַמערקונגען וועגן אייניקע דיסקוטירבאַרע פראַגן, אויך זיי זענען, אזוי צו זאָגן, אויף דער פּעריפּעריע פון דער עיקרדיקער באַדייטונג פון בוך, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַלס גאַנצעס אַ שעפערישע פּאָזיציע סיי פון שטאַנדפּונקט פון אינהאַלט, סיי פון שטאַנדפּונקט פון פאָרם. ווייל אפילו

די ריין טעאָרעטישע ארבעטן אין דעם בוך וועגן די הויפּט־פּראָבלעמען פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם און וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך וועלן אונדז אינטים פאַראייגנט נישט בלויז צוליב דעם באַשיינפּערלעכן אמת פון זייערע גרונט־הנחות אָדער צוליב זייער קלאָרער און קאָנסעקווענטער אַנטוויקלונג, נאָר אויך צוליב דער אייגנאַרטיקער לאָגיק פון זייער באַגרינדונג, וועלכע איז ארומגענומען מיט א הייסן פּאָלעמישן אָטעם און מיט א טיפער אינערלעכער איבערצייגונגס־קראַפט.

שוין אָפּגערעדט פון די אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע דער אויטאָר קומט אין באַרירונג מיט א קאָנקרעטער ליטעראַרישער דערשיינונג, ווי אין די אויבן דערמאָנטע ארבעטן וועגן די יידישע קלאַסיקער. אין זיי קומען ווירקלעך צום אויסדרוק די אייגנשאַפטן פון מירסקיס קריטישן טאַלאַנט דורך אן איינהייטלעכן און אייגנאַרטיקן סטיל, וועלכער העלפט אונדז נישט כּתם צו באַנעמען דאָס באַהאַנדלטע פּראָבלעם אָדער די באַהאַנדלטע פּראָבלעמען, נאָר צו באַנעמען זיי טיפער, נייער און אַנדערשדיקער ווי ביז איצט, וואָס איז דער ווּנטשלעכער קענצייכן פון יעדער שעפערישער קריטיק.

אויפקלערנדיק א גאַנצע ריי גרונט־פּרינציפּן פון מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו ליטעראַטור, ווי אויך איינציקע קאָנקרעטע ליטעראַרישע דערשיינונגען, האָט מירסקי קודם־כל אליין רעאַליזירט דעם האָזיקן צוגאַנג אין זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען.

נעמלעך: באַטראַכטנדיק אַזאַ אָדער אַנדער פּראָבלעם, האָט ער זיך באַמיט צו געבן נישט בלויז א קלאָרע פאַרשטעלונג וועגן דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן פּראָבלעם, נאָר אויך זיין היסטאָרישע אַנטוויקלונג, באַגרינדנדיק אַזוי אַרום אויך די נויטווענדיקייט פון זיין עקזיסטענץ.

צווייטנס: האָט ער זיך באַמיט צו אַקטואַליזירן דעם מאַטעריאַל, צו געבן אים אין ענגסטער פאַרבינדונג מיט די פאַרשידנסטע פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע דערשיינונגען פון אונדזער צייט אין דער אַלגעמיינער און יידישער סביבה, צוגעבנדיק אים דורך דעם א קאָנקרעטע און אָביעקטיווע ווערט.

דאָס האָט מירסקין געגעבן די ברייטסטע מעגלעכקייטן פאַר אינדיווידועלער פאַרטיפונג, פאַר פאַרשידנאַרטיקער אָנווענדונג פון פאַרגלייכן, ביישפּילן און בילדער, פאַר אַלזייטיקער באַטראַכטונג פון איין און דער זעלבער דערשיינונג, מיט איין וואָרט — האָט אים געגעבן די פולע מעגלעכקייט פון אייגנאַרטיקן אויסדרוק און פרייער שעפערישער איניציאַטיוו.

דאָס איז געקומען צום אויסדרוק נישט בלויז אין דעם נייעם אופן פון באַגרינדן א גאַנצע ריי יסודות פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, אָדער פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך, נאָר אויך אין דעם נייעם אופן פון צוגייק

צו א גאנצער ריי ספּעציעלע פראגן, ווי אין דעם פּראָבלעם פון שיינקייט, אָדער אין דער אָפּשאַצונג פון אונדזער קלאַסיק און ענלעכע.

אזוי ארום האָבן די „פּראָבלעמען פון ליטעראַטור און קריטיק“, ווי יערע שעפערישע ארבעט, דערגרייכט א טאָפּלטן ציל: זיי האָבן אונדז צוגעאייגנט אין א צוטריטלעכער פאָרם און אויף א ריכטיקן, מאַרקסיסטישן און פּארטייִשן אופן א גאנצע ריי וויכטיקע ליטעראַטור־פראגן, ווי אויך אייניקע גרונטיקע כאַראַק־טעריסטיקעס פון די שאַפונגען פון באַזונדערע שרייבער, און גלייכצייטיק אויך אַנטפּלעקט פאר אונדז די שעפערישע מעגלעכקייטן פון אויטאָר גופא, געבנדיק אונדז א בילד פון זיין אייגנארטיקן שרייבערישן גאנג.

# „נייע טעג" פון ש. קאַנץ

איינע פון די וועזנטלעכסטע און כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען פון דעם נייעם לעבן ביי אונדז אין לאַנד איז די פון גרונט אויס אַנדערשדיקע, באַוווסטזיניקע באַציִונג פון אַרבעטנדיקן מענטשן צום פּראָצעס פון זיין אַרבעט. די דאָזיקע נייע באַציִונג אַנטוויקלט זיך זייער ראַש פאָרויס אין דער דאָפּלטער ריכטונג פון באַנעמען דורך דעם אַרבעטער זיך אַליין אַלץ מער ווי דעם לעגיטימען באַלעבאָס פון די פּראָדוצירטע גיטער, ווי אויך פון באַהערשן וואָס בעסער דעם פּראָצעס פון דער אַרבעט דורך פאַרטיפן די אייגענע קענטעניש און שטופּנוויז איבערגעשטאַלטיקן אין רעזולטאַט דערפון די פיזישע אַרבעט אין אַ גייסטיקן שעפערישן פּראָצעס.

פאַר אונדז אין די אויגן קומט פאָר די וואונדערלעכע פסיכישע און פיזישע פאַרוואַנדלונג פון דעם אַרבעטנדיקן מענטשן פון אַ בלינדן אויטאָמאַטישן אויספירער פון עמעצנס באַפעלן אין אַ באַוווסטזיניקן שעפער און באַהערשער פון זיינע אייגענע טאַטן.

די דאָזיקע נייע באַציִונג צווישן דעם אַרבעטנדיקן מענטשן און דעם פּראָצעס פון דער אַרבעט קומט צום אויסדרוק אין דעם ריזיקן פלאַממעסיקן וווקס פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, אַ וווקס, וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע סיי לויט זיין פאַרנעם, סיי לויט זיין כאַראַקטער, אָבער נישט ווייניקער טיף־גרייכנדיק איז איר ווירקונג אויף דער קאַרדינאַלער ענדערונג פון לעבנסשטייגער, פון דעם אופן פון דענקען און פילן פון יעדן יחיד, ווי פון גאַנצן כלל.

ווער זשע, אויב נישט דער סאַמע קאָנקרעטער, ווייל דער סאַמע בילדלעכסטער געביט פון מענטשלעכן שאַפן, ווי דאָס איז די קונסט, זאָל די דאָזיקע באַציִונג אָפּשפּיגלען און דורך דעם גופא זי געזעלשאַפטלעך באַזיגיקן, אויפדעקן דורך איר די ליכטיקע פערספעקטיוו אויף דער צוקונפט? בפרט, אַז די דאָזיקע באַציִונג ברעכט זיך איבער אַנדערש אין יעדער סביבה, אַנדערש אין יעדן יחיד, געמט אָן אין גאַנג פון איר פאַרווירקלעכונג יענע ספּעציפישע אינדיווידועלע

פֿאָרמען, וואָס נאָר די קונסט איז אימשטאַנד זיי אַרויסצוהייבן אין זייער לעבעדיקער דינאַמישער געשטאַלט. קלאָר, אַז אויך אין דער יידישער סביבה רעאַליזירט זיך די דאָזיקע נייע באַציונג אויף אַן אייגנאַרטיקן אופֿן, דאָס הייסט, אַז זי פֿאָדערט אויך אַן אייגנאַרטיקע באַזייניקונג דורך דעם קינסטלערישן וואָרט.

צי דערפֿילט דאָס יידישע קינסטלערישע וואָרט אין פּוילן די דאָזיקע אויפֿגאַבע?

איך מיין, אַז דערווייל נאָך, צום באַדויערן, גענוג באַגרענעצט. דער לעבעדיקער דינאַמישער היינט, וועלכער עפּנט אַזעלכע טיפֿע מענטשלעכע האָריזאָנטן אויף דער צוקונפֿט, די פֿונדאַמענטן פֿון גרויסן מאָרגן, וועלכע קומען אויף אַזוי ראַש פֿאַר אונדזערע אויגן, דער נייער מענטש, וואָס בויט זיי און וואָס אין פּראָצעס פֿון דער דאָזיקער בויונג בויט ער איבער זיין אייגענע פּסיכיק, זיין וועלט-באַנעם — דאָס אַלץ שפּיגלט זיך אָפּ דערווייל אין אונדזער פּראָזע פּראָגמענטאַריש, אָפּטמאָל אויך אויבערפֿלעכלעך, ברענגענדיק צום אויסדרוק בלויז דעם גוטן ווילן פֿון שרייבער, זיין סוביעקטיוו-פּאָזיטיווע שטעלונג צום נייעם, אָבער אויך אויפֿדעקנדיק זיין לויזע פֿאַרבינדונג דערמיט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט די טעמאַטיק איז דעציזירנדיק פֿאַר דער אידעיש-קינסטלערישער זייט פֿון אַ ווערק, כאָטש איר ראָל און שפּעפֿערישן פּראָצעס איז אָן שום ספֿק באַדייטנדיק סיי פֿאַר דער פֿאָרם, סיי פֿאַרן אינהאַלט. די בלויזע טעמאַטיק דעצידירט אויך נישט וועגן דער אַקטועלקייט פֿון אַ ווערק. מע קאָן דורך אַ היינטצייטיקער טעמע אַרויסהייבן פֿאַרעלטערטע באַגריפֿן און אַ פֿאַרעלטערטן וועלט-באַנעם, און פֿאַרקערט, דורך אַ פֿאַרצייטיקער טעמע צוקומען גאָר נאָענט צו די סאַמע צאַפּלדיקסטע פּראָבלעמען פֿון אונדזער צייט. און דאָך אין באַשטימטע באַדינגונגען פֿאַרוואַנדלט זיך אָפֿט דאָס אויסקלייבן דורך דעם שרייבער די אָדער יענע טעמע אין אַן איכותדיקער דערשיינונג.

עס איז אויך דער פֿאַל מיט שמחה קאַנצס ערשט בוך „נייע טעג“.

קאַניץ גיט זיך אָפּ צום ערשטן מאָל כמעט אויסשליסלעך מיט דער טעמע וועגן דעם נייעם לעבן אין פּוילן. פּרווּוט שילדערן די פֿריינדשאַפֿטלעכע באַציונגען, וועלכע זענען אַנטשטאַנען ביי אונדז צווישן איין מענטשן און צווייטן, פּרווּוט אַרויסברענגען דעם נייעם מענטשן גופֿא אין זיין באַציונג צום אַרום, צו זיין אייגענער אַרבעט, ווייזט דעם וווּקס פֿון באַוווּסטזיין פֿון אַרבעטנדיקן מענטשן, פֿון זיין אַלץ שטאַרקערער אינערלעכער באַהעפֿטונג מיט דער נייער וועלט פֿון באַוווּסטזיניקער פֿרידלעכער מי און אינטערנאַציאָנאַלער פֿריינדשאַפֿט, מיט דעם נייעם לעבנס-שטייגער.

דאָס אַלץ איז שוין אַן און פֿאַר זיך אַ דערגרייכונג פֿון יונגן פּראָזאַיקער קאַניץ, אַ דרייסטער דורכברוך אין דער נייער יידישער פּראָזע פֿון פּוילן קעגן די העמונגען און שטימונגען פֿון סוביעקטיוון און אָביעקטיוון כאַראַקטער, וועלכע

האָבן די טעמע פאַר די לעצטע יאָרן ווי איינגעשלאָסן אין אַ פּסיכישן קלעם און נישט דערמעגלעכט קיין ווייטערע אַנטוויקלונגס־פּערספּעקטיוון. דאָס אַליין גיט שוין צו דעם ערשטן בוך פון שמחה קאַניץ אַ באַזונדערע באַדייטונג, און דאָס נישט בלויז אין געזעלשאַפטלעך־דערציערישן זין און אויך נישט בלויז אין זין פון דערנענטערן דעם יידישן אַרבעטער צו דער יידישער ליטעראַטור, צו דערזען אין איר זיין אייגענעם נייעם לעבנס־וועג, זיין גייסטיקן וווּקס, נאָר אויך אין ריין ליטעראַרישן זין, עפענענדיק אַ נייעם געביט פון באַציונגען, באַגריפן און געפילן.

אָבער אויסער דער טעמע גופא, באַזיצט נאָך קאַנצס בוך אַ גאַנצע ריי אַנדערע מעלות, וועלכע זענען זייער צוזאָגנדיק פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם מחבר. דאָס איז, אין דער ערשטער ריי, די וואַרעמקייט און דאָס געמיט, מיט וועלכן עס זענען דורכגענומען ס'רוב דערציילונגען פון דעם בוך, ווי אויך די איינהייטלעכע אייגנטימלעכע שטימונגען פון יעדער איינער באַזונדער. די דאָזיקע אייגנשאַפטן טרעטן אַרויס ביז גאָר בולט ספּעציעל אין דער ערשטער גרעסטער דערציילונג פון בוך „אין פאַבריק". קאַנצן האָט זיך איינגעגעבן אין דער דאָזיקער דערציילונג אַרויסצוהייבן די סאַמע געוויינלעכסטע, סאַמע וואָכעדיקסטע פּאַסירונגען פון טאָגטעגלעכן פאַבריק־לעבן, די מענטשן, וועלכע זענען צום כאַראַקטעריסטישן פאַר דעם לעבן פון אַ פאַבריק אין היינטיקן פּוילן. די פאַרשידענע, אין פלוג גענומען, נישט זייער וויכטיקע געשעענישן און האַנדלונגען פון יחידים שפּיגלען דאָ אָפּ אין דער ווירקלעכקייט דעם קאַמף צווישן אַלטן און נייעם, צווישן דעם, וואָס איז פריינדלעך, טריי און איבערגעגעבן דעם נייעם לעבן און דעם, וואָס איז פיינטלעך, וואָס באַמיט זיך ביי יעדער געלעגנהייט צו שטערן און שעדיקן. דער דאָזיקער קאַמף איז אין קאַנצס דערציילונגען נישט צוגעקלערט, נישט אונטערגעלעגט דורך ספּעציעל צוגעקליבענע פאַקטן, נאָר פליסט אַרויס נאַטירלעך פון באַגלויביקע געשעענישן און באַגלויביקע מענטשלעכע באַציונגען. פונדאַנען זיין שטילע אינערלעכע ליידנשאַפט.

ש. קאַניץ ווייזט אויך אַרויס די פעיקייט פון לעבעדיקער אָבסערוואַציע סיי אין דער צייכענונג פון אייניקע געשטאַלטן, סיי אין דער שילדערונג פון די געשעענישן. אַזעלכע טיפּן ווי אינזשיניער כמיעלאָווסקי, פאַטשאָרעק און פיל אַנדערע זענען געגעבן מיט קורצע, אָבער כאַראַקטעריסטישע שטריכן. קאַניץ דעקט זיי אויף פאַר אונדז ווי דורך־אַגב, פון דער זייט, דורך האַנדלונגען, וועלכע זעען אויס, אין פלוג גענומען, מינדערוויכטיק, און דאָך קומען אויף זייערע פיזיאָנאָמיעס נאַטירלעך און בולט. דעסגלייכן ווערן ווי פלוצעם באַלויכטן באַשטימטע כאַראַקטערן און סיטואַציעס דורך אַזעלכע געפּרעסטע און אויסדריקלעכע בילדער, ווי דאָס איז די באַגעגעניש פון לעווינגערן מיט דעם שיכורן אָגורעקן אין פאַבריקס־קלוב. עס איז אויך צו טרעפן אין קאַנצס דערציילונגען אַ פרישע און נאַטירלעכע בילדלעכקייט, ווי, למשל: „דערנאָך האָבן זיך, אַזוי ווי אַ גרינער וואַ־

סערפאַל, אַ טראָג געטאָן אַנטקעגן די גערטנער מיט נידעריקע פּרוכטן-ביימער“.

די קורצע אָפּגעהאַקטע זאַצן, מיט וועלכע קאַנץ באַנוצט זיך געוויינלעך, פאַרמאָגן אַן אינערלעכע לאָגישע און פּסיכאָלאָגישע געבונדנקייט צווישן זיך און אויך אַן אייגנאַרטיקע עמאָציאָנעלע געשפּאַנטקייט און אָנגעלאָדנקייט.

דאָס אַלץ זענען גוטע און האָפענונגספולע אָנזאָגן אויף ווייטער, בײַ איין באַדינג אָבער, אַז ש. קאַנץ זאָל זיך אויך קלאָר מאַכן די ערנסטע בלויזן, וועלכע קומען נאָך גאַנץ בולט צום אויסדרוק אין דעם דאָזיקן בוך. די דאָזיקע בלויזן, דוכט מיר, שטאַמען, ערשטנס, פון שרייבערישער נאַכלעסיקייט און מאַנגל פון אינערלעכער קינסטלערישער דיסציפּלין, צווייטנס, פון אַ באַשטימטן קאָנסטרוקטיוון און שפּראַכלעכן סעכעמאַטיזם. אין רעזולטאַט פון ערשטן האָבן מיר אַ גאַנצע ריי צופעליקע, נאַכלעסיקע, אָפטמאָל שטאַמפּאָווע, פון גרייטן גענומענע אויסדרוקן פאַר בילדער, באַגריפן און איבערלעבונגען. אין רעזולטאַט ווידער פון צווייטן טרעפן מיר אָן פיל איבערפלעכלעך געשילדערטע, אָדער צעשוווּמענע געשטאַלטן, אַן איבערחזרנדיקע זיך, סכעמאַטישע מאַניער פון שילדערן פאַרשידנאַרטיקע טיפּן און דערשיינונגען בלויז דערפאַר, וואָס זיי באַזיצן איינצלנע בשותּפותדיקע שטריכן, ווי שלאָגלער, ראַציאָנאַליזאַטאָרן א״דגל. אָפטמאָל אויך אַן אויטאָמאַטישע אָנווענדונג פון באַשטימטע שפּראַכלעכע באַצייכענונגען, ווי אַ „דינער שמייכל“, „אַ בלאַסער שמייכל“ און פיל פיל ענלעכע.

די דאָזיקע בלויזן קומען באַזונדערס בולט צום אויסדרוק אין צווייטן טייל פון בוך, אין די רעפּאָרטאַזשן, ווו אייניקע פון זיי פאַראַטן דייטלעך אַן איינגעשטעלטע שילדערונגס-סכעמע. זיי לאָזן זיך אָבער אויך באַמערקן אין ערשטן טייל פון בוך, אין די דערציילונגען, און פאָדערן אַ ספּעציעלע און שטרענגע אויפמערקזאַמקייט פון מחבר צוליב דער געפאַר פון זייער צעוואַקסן און פאַרמערן זיך.

אַ גאַנצע ריי שילדערונגען אין דעם בוך, ווו די שפּראַך איז פּשוט, היימיש און דורכגענומען מיט אַ וואַרעמען הויך פון עכטער איבערלעבונג, ווו די בילדלעכקייט איז אַ פרישע און אוממיטלבאַרע און ווו מיט קאַרגע, נאָר כאַראַקטעריסטישע שטריכן ווערט אויפגעדעקט אַ געשטאַלט אָדער באַלויכטן אַ געשעעניש — זאָגן עדות אויף דער שרייבערישער מעגלעכקייט פון קאַנצן גובר צו זיין די דאָזיקע בלויזן, פאַרשטייט זיך, בײַ שווערער, אָנגעשטרענגטער און קאָנצענטרירטער אַרבעט איבער דער אמתדיקייט און נאַטירלעכקייט פון בילד, איבער דער אַדעקוואַטקייט פון וואָרט און אידעיש-קינסטלערישער אינערלעכער האַרמאָנישקייט און גאַנצקייט.

אָבער אַפילו אַזוי ווי עס איז, איז דאָס בוך „נייע טעג“, ווי אַן ערשט בוך, אַ דערגרייכונג פאַר דעם מחבר נישט בלויז צוליב דעם אקצענט אויף דער וויכטיקסטער און עיקרדיקסטער טעמאַטיק פון אונדזער צייט, אויף דער טעמאַטיק פון נייער באַפרייטער אַרבעט, פון פרידלעכער אַרבעט, און פון נייע פריינדשאַפטלעכע

באַציונגען צווישן איין מענטש און צווייטן, נאָר דער עיקר דערפאַר, וואָס עס ברענגט ארויס די דאָזיקע טעמאַטיק אין אַן אַטמאָספער פון אינערלעכער וואַרעמקייט און געמיטלעכקייט, פון נאַטירלעכער, פשוטער ליבע און צוטרוי צום נייעם מענטשן און צו דער נייער אָרדענונג ביי אונדז אין לאַנד, דערפאַר, וואָס עס שילדערט אַלע פראָבלעמען פון אַרבעטער־לעבן אויף דער פאַבריק אין די ראַמען פון געוויינלעכקייט, פון די סאַמע גרויע טאָגטעגלעכע פאַסירונגען און הייבט אַרויס אין פיל ערטער דעם אַרבעטס־וואַרשטאַט און די היים נישט ווי צוויי פרעמדע וועלטן, און אַוודאי נישט ווי צוויי קעגנזעצלעכע וועלטן, נאָר ווי פאָרזעצונגען און דערגענצונגען פון איין באַוווסטזיניק און שעפעריש מענטשלעך־לעבן.

# דראַמאַטורגיע

## „אַ שטוב אין געטאָ“ פון בינעם העלער

איינער פון די עיקרדיקסטע יסודות פון יעדן עכטן קינסטלערישן ווערק איז אָן שום ספק דאָס אַרויסברענגען דורכן איינצלנעם מענטש און דורך דער איינצלנער געשעעניש — די כאַראַקטעריסטישע וועזנטלעכע אידעע, וועלכע איז די הויפּט-קראַפט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט אויף דעם באַשטימטן צייט-אָפּשניט.

ווען עס האַנדלט זיך אָבער אין אַזאַ טעמע, ווי „אַ שטוב אין געטאָ“, דאַן קומט אויף א שווער און קאָמפּליצירט פּראָבלעם. צי איז גאָר מעגלעך, אַז דורך די איבערלעבונגען פון אַ יחיד, צי פון אַ גרופּע יחידים — ווי טיף און אמתדיק זיי זאָלן נישט זיין געשילדערט — צו שאַפן אַ בילד וועגן דעם קאָשמאַרפולן גרויל פון מיליאָנען? וועגן דער אַטמאָספער פון מענטשלעכן עלנט און פאַרשעמונג פון יענער צייט? צי איז דאָס קינסטלערישע וואָרט גאָר אימשטאַנד אַרומצונעמען און אָפּשפּיגלען אַזאַ ים פון ליידן און פּיין, פון איין זייט, און פון דער צווייטער — אַזאַ אָפּגרונט פון מענטשלעכער געפאַלנקייט און פאַרווילדונג?

אין בינעם העלערס „אַ שטוב אין געטאָ“ האָבן מיר דעם דרייסטן פּרוּוו: —

ערשטנס, דורך דעם אומגעהויערן באַרג פון ווייטיק, וועלכער פאַרשטעלט פאַר יעדן פון אונדז יענע מאַקאַברישע ווירקלעכקייט, דורך דעם אָפּגרונט פון אומענדלעכע גרוילן און פּיינען, וועלכע האָבן די דאָזיקע ווירקלעכקייט אויסגעפּילט, — דערשלאָגן זיך צום טאָגטעגלעכן לעבן פון יידישן מענטש אין געטאָ.

צווייטנס, געבן דאָס דאָזיקע טאָגטעגלעכע לעבן נישט דורך דער פּריזמע פון דעם אָפּפאַל, פון דער דעגענערירונג, וועלכע איז אונטער דעם דרוק פון די דעמאָלטיקע באַדינגונגען און מחמת דעם פּאַראַט פון דער קאָלאָבאַראַנטישער יידישער רעאַקציע געווען אַזוי פאַרשפּרייט אין געטאָ, נאָר דורך דעם לעבנס=

אופן און דורך די האַנדלונגען פון דעם פּראָגרעסיווסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אַלע פּרוּוון, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן ביז איצט אין דער ריכטונג פון ארומנעמען דאָס גאנצע בילד פון גרויל, האָט דערוויַיל געפירט בלויז צו סוביעק־טיווע פּאַראַלגעמיינערונגען, מער אָדער ווייניקער אָנגעלאָדנע, אָפּהענגיק פון דער דיכטערישער קראַפט פון מחבר. די האַנדלענדיקע פּערזאָנען, וועלכע האָבן, לויט דער איגטענץ פון די אויטאָרן, באַדאַרפט אויפגעהויבן ווערן צו געשטאַלטן, וואָס דריקן אויס מיט זיך די איבערלעבונגען פון גאנצן כלל, האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַבסטראַקטע סימבאָלן, פאַרלייקענענדיק זיך גלייכצייטיק ווי קאָנקרעטע לע־בעדיקע מענטשן. אין רעזולטאַט דערפון האָבן זיך באַקומען נישט בלויז ריין סוביעקטיווע פאָרשטעלונגען פון די דערמאָנטע געשעענישן, נאָר אויך דייטלעכע אויסקרימונגען פון דער ווירקלעכקייט, פאַלשע באַגריפן וועגן די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע כוחות, וועלכע האָבן אין איר געווירקט, און במילא אויך א פאַרגעפלונג און פאַרטושונג פון דער הויפט־אידעע פון יענער צייט, וועלכע האָט די דאָזיקע כוחות באַוועגט צו קעגנזייטלעכע האַנדלונגען. ארויסגייענדיק בעיקר פון אייגענעם סוביעקטיוון איינדרוק, פון דער אייגענער איבערלעבונג אין באַצוג צו די טראַגישע געשעענישן, זענען פיל וויכטיקע און עיקרדיקע מאָמענטן פאַר דער גאַנצקייט און אמתדיקייט פון בילד אָדער בכלל נישט געוואָרן באַמערקט, אָדער ארויסגעבראַכט געוואָרן נישט קלאָר, ציטשווומען.

צו דעם זעלבן רעזולטאַט וואָלט זיכער געפירט יעדער פאַרקערטער פּרווו פון אָפּזאָגן זיך בכלל פון דער גאַנצקייט פון בילד און אָפּגעבן זיך אויסשליסלעך מיט דער פּינקטלעכער פּסיכאָלאָגישער שילדערונג פון די איבערלעבונגען פון איין מענטש אָדער אפילו פון א גרופּע מענטשן, אלס אזעלכע. דאָס פּסיכאָאַנאַליזירן, אָפּגעריסן פון יעדער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער און באַגרינדונג, פירט פון א פאַרקערטער זייט צו דער זעלבער פעלשונג פון דער ווירקלעכקייט, צו דעם זעלבן פאַרזען פון דער וועזנטלעכער אידעע, וועלכע באַדינגט די האנדלונגען פון יחידים, — פּונקט ווי די אַבסטראַקטע פּאַראַלגעמיינערונג.

אין קעגנזאַץ דערצו האָט בינעם העלער, טריי זיין שרייבערישן סטיל, זיך באַמיט אָנצוהייבן פון קאָנקרעטן און געוויינלעכן, פון סאמע טאָגטעגלעכן און וואָכעדיקן, כדי וואָס נענטער צוצוקומען צום רעאַלן אמת, פון וועלכן דאָס אַלגע־מיינע און סימבאָלישע וואַקסט שטענדיק ארויס פון זיך אליין, אָבער נישט ווי א סוביעקטיווע ווילקירלעכע פאָרשטעלונג, נאָר פאַרקערפּערט אין א קאָנקרעטער געשטאַלט, אין א רעאַלער פּאַסירונג. צו דעם ציל האָט בינעם העלער אָנגע־בונדן אין דער טראַדיציע פון קאַמף קעגן פאַשיזם פון פאַר דעם 1939 יאָר און ארויסגעפירט א גרעסערע צאָל פּערזאָנען, וועלכע האָבן אין דעם קאַמף אַקטיוו

זיך באַטייליקט, פּערזאָנען וועלכע זענען אימשטאַנד געווען אפילו אין די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען פון דער אַלגעמיינער אויסראָטונג פון די יידן דורכן פאַשיזם — אונטערצושיידן צווישן דעם קאַמפס־חבר און דעם שונא אויף דער אַזוי געראָפענער אַרישער זייט און אין די אייגענע רייען, און אין קאַמף מיטן היטלעריזם — זען דעם ווייטערדיקן המשך פון געמיינזאַמען קאַמף קעגן פאַשיזם. דערמיט איז ביגעם העלער אויף דעם סאַמע רעאַליסטישן אופן צוגעקומען צו דער עיקרדיקסטער און מענטשלעך־גרויסער אידעע, וועלכע האָט באַלויכטן די פינצטערניש פון יענער צייט, צו דער אידעע פון קאָנסעקווענטן קאַמף קעגן פאַשיזם, און נישט בלויז ס ו ב י ע ק ט י וו, נאָר אָ ב י ע ק ט י וו, דורך קאָנקרעטע רעאַלע פאַקטן, צוריקגעשטעלט די ווירדע פון יידישן מענטש. דערמיט איז אויך ביגעם העלער אויף דעם סאַמע קאָנקרעטן און איינציק אמתדיקן וועג צוגעקומען צום הויפּט־קוואַל פון דער דאָזיקער אידעע, צום ראַטנפאַרבאַנד, צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן און איר פאָרזעצערין, דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכע איז אויף דער פּוילישער ערד געווען די פאַרקערפּערונג פון דעם דאָזיקן קאַמף און במילא אויך דער קוואַל פון אינספּיראַציע און באַגייסטערונג פאַר די קעמפער פון ווארשעווער געטאָ.

דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אידעאָלאָגיש־פּאָליטישע דערגרייכונגען פון א „שטוב אין געטאָ“, וועלכע האָט איר קינסטלערישן אויסדרוק אין הער באַגליביקייט פון דער פאַבולע, אין דער נאַטירלעכקייט פון די האַנדלונגען, אין דער פּשטות און אויפריכטיקייט פון וואָרט.

אָבער לעבן דער דאָזיקער וויכטיקער דערגרייכונג, פאַרמאָגט אויך „א שטוב אין געטאָ“ אויף דער דאָזיקער פלאַך א באַשטימטע שוואַכע זייט. קלאַסן־קאַמף, ווי א קאָנקרעטער געזעלשאַפטלעכער פּראָצעס אין א באַשטימטער סביבה און אין א באַשטימטער צייט, באַדייט תמיד צוויי צדדים, באַדייט אידעען־קאַמף, פאַרקערפּערט דורך לעבעדיקע מענטשן און רעאַלע טאָגטעגלעכע קאָנפליקטן, דורך וועלכע די דאָזיקע מענטשן וואַקסן, אַנטוויקלען זיך, אַנטפּלעקן זייערע כאַראַקטערן, דעקן אויף דאָס אַלץ, וואָס זיי אונטערשיידט איינעם פונעם אַנדערן, ווי אינדיווידועלע מענטשן, און וואָס זיי פאַראייניקט, ווי אָנגעהעריקע צו א באַשטימטן קלאַס, צו א באַשטימטן אידעישן קאָלעקטיוו.

אין „א שטוב אין געטאָ“ האָבן מיר בלויז איין צד. דער צווייטער, קעגנערישער צד אין דער יידישער געזעלשאַפט, די יודענראַטלערישע ארקינס מיט זייער יחוס־בריוו פון דער יידישער רעאַקציע פון אמאָל, די גייסטיקע און פיזישע טאַטעס פון די אַדעקס, זענען אָפּוועזנד. די פּאָזיטיווע געשטאַלטן, וועלכע ווערן ארויסגעפירט אין „א שטוב אין געטאָ“, קאָנען דעריבער, אדאַנק דער אָנגעלאָדנקייט פון העלערס וואָרט און פון זיין עכטן געפיל פאַר דער אמתדיקייט פון די

האַנדלונגען, אויפקומען גענוג בולט און באַגלויביק, ווי אָנגעהעריקע צו א באַשטימטן אידעישן קאָלעקטיוו. זיי זענען אָבער נישט אימשטאַנד בלויז אין א כסדרדיקער צוגרייטונג צו אן אלגעמיינעם קאַמף, אָן שום רעאלע קאָנפליקטן מיט די שונאים אין דער אייגענער געזעלשאַפט, אויפעפענען אין דער פולער טיף זייערע אינדיווידועלע כאַראַקטערן, כאָטש אין אייניקע פאַלן האָט העלער באַוויזן מיט די שפּאָרזאמסטע מיטלען ארויסצוהייבן ביז גאָר כאַראַקטעריסטישע סילועטקעס. דער האָזיקער, אזוי צו זאָגן, קינסטלערישער בלויז פון נישט גענוגנדיקער פאַרטיפטקייט פון די געשטאַלטן האָט זיך, פאַרשטענדלעך, זיין אידעאָלאָגישן רעזולטאַט. פונקט ווי אָן אַן ערנסטן אידעען-קאַמף זענען נישט מעגלעך קיין בולטע כאַראַקטערן, איז אויך פאַרקערט, אָן בולטע כאַראַקטערן דער אידעען-קאַמף א צו פאַראַלגעמיינערטער, פאַרלירט פון זיין וואַקסנדיקער שפּאַנונג, און אויב אפילו ער פעלשט נישט דעם אמת, גיט ער אָבער אויך נישט איבער דעם ג אַ נ צ ן אמת.

און דאָך איז שוין דאָס בלויזע ארויספירן ווי די הויפּט-פיגורן מענטשן פון דער ריכטונג, וועלכע איז געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון ווידערשטאַנד און באַפרייונג, און דאָס באַווייזן דורך זייערע טראַכטונגען, איבערלעבונגען און האַנדלונגען פון יעדן טאָג דאָס בילד פון געטאָ — א וועזנטלעכע אידעאָלאָגיש-קינסטלערישע דערגרייכונג. נישט בלויז, וואָס מיר דערזען אין אן אנדער ליכט דאָס געטאָ, אין וועלכן, אָנשטאָט „ווילנלאָזע שאָף", צי דעגענערירטע אויסוואורפן, אָדער אפילו אַבסטראַקטע העלדן, עס קומען אויף פאַר אונדז ווירדיקע רעאלע מענטשן, נאָר מיר דערפילן אויך זייער נאָענט און אינטים דאָס טאָגטעגלעכע לעבן פון די מענטשן, זייערע טראַגישע איבערלעבונגען און אומאויפהערלעכע געראַנגלען מיט דעם ארומיקן יאוש און רעזיגנאַציע, מיט זייער אייגענער מידקייט; מיר דערפילן די גאַנצע אומהיימלעכע אַטמאָספער פון גרענעצלאָזן שווידער, און מיר באַוווּנדערן נאָך מער די קראַפט, וועלכע האָט זיי געגעבן דעם מוט און דעם גלויבן אויסצודויערן ביז אין סוף, די קראַפט פון דער גרויסער אידעע פון נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער באַפרייונג, וועלכע עס האָט אין זיי איינגעוואָרצלט די קאָמוניסטישע פאַרטיי און שפּעטער — די פוילישע ארבעטער-פאַרטיי.

בינעם העלער הייבט ארויס דעם האָזיקן אמת אויף א קינסטלערישן אופן. דאָס רוב געשטאַלטן זענען שפּאָרזאם געצייכנט און דאָך קומען זיי אויף פאַר אונדז גענוג אינדיווידואליזירט, ווי דער בוכהאַלטער גרינבלאַט, אסתר, אדעק, בערל, פּיניע, דוד א. א. דער לעבעדיקייט פון די געשטאַלטן העלפט צו די ריכטיקע פאַרשטענדעניש פון העלערן פאַר דער פאַרשידנאַרטיקייט פון לעבן אונטער אלע באַדינגונגען, די פאַרשטענדעניש פאַר אזעלכע מענטשלעכע געפילן, ווי ליבע, הומאָר, מיט וועלכע ער באַשענקט זיינע העלדן, קאָנקרעטיזירנדיק דערמיט נאָך מער דעם טראַגיזם פון דער סיטואַציע. די דיאַלאָגן זענען נישט קיין איבערגע=

לאָדענע, נאַטירלעכע. די אקציע אַנטוויקלט זיך אין ריטם פון יענער צייט — גע־שפּאַנט און דאָך באַהערשט פון א קאָנסעקווענטער פּאָליטישער צילגעווענדקייט.

דאָס אלץ זענען ווערטן נייע און רעוועלירנדיקע אין דער שילדערונג פון דער געטאָ־טעמאַטיק, ספּעציעל אין דער דראמאַטורגיע. ווערטן, וועלכע מיר האָבן צו פארדאנקען דעם העלערישן קינסטלערישן סטיל, וואָס פירט שטענדיק פון איינצלנעם צום כלל, פון קאָנקרעטן פאקט צום אלגעמיינעם בילד, און טראָגט די אָנלאָדונג פון געדאנק און שפּאַנונג פון געפיל אין דעם פּשוטן, וואָכיקן, נישט פארפּוצטן וואָרט.

# „אַ פשוטער זעלנער" פון הערש סמאָליאר

די גרינטלעכע און אלזייטיקע אויפקלערונג פון ארבעטנדיקן מענטש, די מאַסן־פראָפאַגאַנדע און קאָנסעקווענטע אָרגאַניזירונג פון ארבעטער־קלאַס זענען פון שטענדיק אָן, ווי באַוווּסט, געווען הויפּט־יסודות פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער באַוועגונג. דאקעגן איז דער אינדיווידועלער טעראָר געווען פרעמד און דערווידער דעם גייסט פון דער דאָזיקער באַוועגונג.

עס האָט אָבער געקאָנט טרעפן, אז א יחיד אָדער א גרופּע יחידים, וועלכע זענען געווען געצוווּנגען אויסצופירן אן אקט פון טעראָר לגבי א פארעטער פון צווישן די אייגענע רייען, זאָלן צוליב דער סוביעקטיווער איבערלעבונג פון דעם דאָזיקן פאקט אים אָנהייבן סובלימירן, צוגעבן אים א מער פרינציפּיעלן באַדייט, פארטושן צוליב אים די וויכטיקסטע און עיקרדיקסטע אויפגאבן פון דער ארבעט. אָפטמאָל האָבן דערצו מיטגעווירקט די צופלוס; פון קליינבירגערלעכע עלעמענטן אין דער באַוועגונג, וועלכע האָבן נאָך נישט אויסגעלעבט אין זיך די אַנאַרכיסטיש־„באָיעווקארסקע" אינדיווידואליסטישע שטימונגען, נישט געווען דורכגענומען נאָך מיט דעם וועזנטלעכן פרינציפּ פון מאַסן־ארבעט, פון מאַסן־אָרגאַניזאַציע און אריינגעבראַכט די אזוי כאַראַקטעריסטישע פארן קליינבירגער אומגעדולד און נערוועזיטעט, פון איין זייט, און פון דער צווייטער, דאָס נישט ווייניקער כאראקטעריסטישע פאר אים — רייסן זיך צו אינדיווידועלע העלדישע מעשים. די געפאר, אזוי ארום, פון אידעאַליזירן באַשטימטע אינדיווידועלע טעראָר־אַקטן האָט ווירקלעך עקזיסטירט און נישט איינמאָל, פארשטענדלעך, געמוזט דערפירן צו גרעסערע אָדער קלענערע קאָנפליקטן מיט דער פארטיי, מיט דעם מאַרקסיסטיש־לענינישן גייסט פון איר וועזנטלעכער לערע.

אן ענלעכע געפאר עקזיסטירט אויך, ווען דאָס דאָזיקע פּראָבלעם ווערט איבערגעטראָגן אין דער ליטעראַטור און קונסט. עס איז איינע פון יענע, אזוי צו זאָגן, לאָקנדיקע טעמעס, וועלכע זענען אימשטאַנד צו פארפירן דעם שרייבער אויף דעם וועג פון ריינעם פּסיכאָלאָגיזם אָדער אינדיווידועל־דראַמאַטישן העראָאיזם, וואָס הייבט ארויס, געוויינלעך, א געוויסע דערשיינונג אָפּגעריסן פון די

ארומיקע באַדינגונגען, פון דער לעבעדיקער ווירקלעכקייט, פון יענע סיבות, וועלכע האָבן זי אַרויסגערופן און געשטאַלטיקט.

אָבער הערש סמאָליאַר אין זיין דראמע „אַ פשוטער זעלנער“, אין וועלכער די דאָזיקע טעמע ווערט אַרויסגעפירט אין דער געשטאַלט פון נפתלי באָטווין, האָט די דאָזיקע געפאַר נישט בלויז אויסגעמיטן. פאַרקערט, ער האָט זי אויפגענומען, ווי דעם וועזנטלעכן הינטערגרונט פון דער גאַנצער האַנדלונג, ווי דעם עיקרדיקן אינערלעכן קאָנפליקט, וועלכער שאַפט פאַקטיש די דראַמאַטישע אָנלאָדונג פון דער הויפּט-געשטאַלט און די אידעישע פאַרטיפונג פון דעם גאַנצן סיוזשעט. ה. סמאָליאַר פירט אַריין דעם דאָזיקן קאָנפליקט אויף א ביז גאָר דיסקרעטן אופן. כמעט ווי עס רעדט זיך נישט וועגן אים אָפן, אויסער אין א פאָר ווערטער, און דאָס אויך ווי פאַרבייגייענדיק, בעתן צוזאַמענטרעף מיט זשדזשאַראַקן אין דער וווינונג פון באָטווינען. און דאָך פילט מען אים אין יעדן וואָרט, וואָס באָטווין זאָגט אַרויס, אין דער אָנגעגליטער און גלייכצייטיק ליריש-פאַרחלומטער אַטמאָספער, וועלכע ער שאַפט אַרום זיך, אין זיין פלאַמיקן יוגנטלעכן באַגער נאָך אַן אויסערגעוויינלעכער טאַט. באָטווין נעגירט נישט די טאָגטעגלעכע גרויע אַרבעט פון דער פאַרטיי, ער אַליין נעמט דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין איר. אָבער וועגן זיין אמתדיקן אינערלעכן צושטאַנד דערציילט אונדז זיין איבערגעטריבענע אונטערשטרייכונג פון דער אינדיווידועלער טאַט, זיין אויפגערודערט פאַטעטישער טאָן, ווען ער רעדט וועגן איר. די גאַנצע באָטווין-געשטאַלט, ווי עס צייכנט זי הערש סמאָליאַר, אַלס אוממיטלבאַרע פאַרחלומטע נאַטור, וואָס איז עמפינדלעך אויף יעדער עוולה און אומגערעכטיקייט און פול מיט יוגנטלעכן ברען און גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַר דער פאַרטיי, איז ביז גאָר צוגעפאַסט זיך דורכצונעמען מיט דער שטימונג, וועלכע האָט זיך געשאַפן נאָך דעם העלדישן טויט פון היבנערן, רוטקאָווסקין און קניעוווסקין און צו דערזען אין איר ספּעציעל דעם העראָישן און ראָמאַנטישן מאָמענט. דער אַלטער אַרבעטער-טוער ביאָטער באַמערקט דאָס גאַנץ גוט און גיט עס איבער אויף זיין אופן מיט פשוטע און וואָכעדיקע ווערטער דעם חבר זשדזשאַראַקן:

„זאָלסט איבערגעבן אין צענטראַל-קאָמיטעט, אז נאָך היבנערן, רוטקאָווסקין, קניעווסקין האָט ביי א סך פון די אונדזעריקע צו שטאַרק גענומען בייסן אין די דלאָניעס. אזא איינעם וועסטו שוין מיט קיין שטעקן נישט אַריינטרייבן אין פאַריין אַריין — — — ער האַלט שוין נישט פון קיין זשמודנע אַרבעט“.

און אַלס באַשטעטיקונג פון פיאָטרס ווערטער קומט טאַקע נפתלים פלוצעמדיקע ווענדונג, ווי ער זאָל גאָרנישט האָבן געהערט פיאָטרס רייד:

„— חבר... חבר זשדזשאַראַק! כ'בין גרייט! אָט שוין, די רגע — — — גלויבט מיר, מיינע הענט וועלן קיינמאָל קיין ציטער נישט טאָן“.

דער האָזיקער אינערלעכער אידעישער קאָנפליקט, וועלכער אַנטוויקלט זיך פּאַראַלעל מיט די אויסערלעכע געשעענישן, קאָנקרעטיזירט די האַנדלונג, פּאַסט זי איין אין איין אָרט און צייט און פאַרוואָרצלט זי אין דעם רעאַלן באָדן פון א לעבעדיקן און ווירקנדיקן קאָלעקטיוו. ער ווירקט אויך מיט צו קאָנקרעטיזירן די געשטאַלט פון באָטווינען, אָנצופילן זי מיט לעבעדיקער פאַרב, אָנשטאָט בלויז אַרויסצוהייבן זי אויף דער פלאַך פון אבסטראַקטן אינדיווידועלן העראָיזם. באָטווין ווערט דורך דעם קאָנפליקט פיל מער אינדיווידואַליזירט, ווערט באַנומען פיל ברייטער און אַלזייטיקער אויף דער פאָן פון א ריזיקער באַוועגונג, וועלכע שאַפט קאָלעקטיוון העראָיזם נישט בלויז אין אן אויסנאַמפאַל, נאָר אין דער גרויער זשמודנער אַרבעט פון יעדן טאָג. אויף דעם האָזיקן פאָן קומט אויך אויף די איידעלע כוונה פון באָטווינען און זיין העלדישע אַן און פאַר זיך טאַט, ווי דער העראָיזם פון א ווירקלעך פשוטן זעלנער, אָבער פון א פשוטן זעלנער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, פאַר וועלכער העלדישקייט און פשוטקייט זענען נישט בלויז קיין צוויי קעגנזעצלעכע באַגריפן, נאָר אפילו נישט קיין צוויי באַזונדערע באַגריפן, ווייל איינס אַנטהאַלט דאָס צווייטע און איינס איז נישט דענקבאַר אָן דעם צווייטן.

דעם ראָזיקן טיפן אמת, וועלכער איז אַזוי וועזנטלעך סיי פאַר דער אויטענטישקייט פון גאַנצן קלימאַט, סיי פאַר דער ריכטיקייט און רעאַלקייט פון די געשטאַלטן און סיי פאַר דער נאַטירלעכקייט פון זייער קינסטלערישן אויסדרוק, האָט הערש סמאָליאַר אַרויסגעפילט און רעאַליזירט אַזוי אין דער קערנדיקער קאָנצענטרירטער צייכענונג פון די העלדן, ווי כמעט אין אַלע זייערע האַנדלונגען. ביי דער גאַנצער אויסערגעוויינלעכקייט פון סיוזשעט, גייען די מענטשן נישט אַרום אויף שטאָלצן און רעדן נישט קיין הויכע ווערטער, נאָר האַלטן זיך האַרט ביי דער ערד און רעדן פּראָסטע און פשוטע רייד. אָבער צוליב דעם ווערט נישט געמינערט די אויסערגעוויינלעכקייט פון די געשעענישן, ווערט נישט קלענער די הויכע אידעישע אָנלאָדונג פון די האַנדלונגען. פאַרקערט, צוליב דעם הייבט אפילו אָן דער סאַמע מינדסטער און סאַמע גרויער פאַקט, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג, מיט דער אַרבעט פאַר דער פאַרטיי, צו לייכטן מיט אַן איידל אינערלעך ליכט פון עכטער מענטשלעכקייט.

האַנט ביי האַנט מיט דער נאַטירלעכקייט און פשטות פון אויסדרוק גייט אויך אויף די בולטע, אין אַלגעמיין גענומען, דיפערענצירונג פון די געשטאַלטן.

שוין אין ערשטן אַקט, אין וועלכן הערש סמאָליאַר שילדערט אונדז מיט פיל פּלאַסטישקייט און געמיט די היים פון נפתלי באָטווין, קומט אויף פאַר אונדז דער יונגער באָטווין מיט אַלע אייגנטימלעכע פאַר אים כאַראַקטעריסטישע שטריכן, וועלכע ווערן מיט דער צייט אַלץ רייפער און סטאַבילער, אָבער וואָס בלייבן אין גרונט גענומען די זעלבע. עס באַקומט זיך א פאַרגאַנצטע, אינדיווידואַ=

ליזירטע געשטאַלט, אַן אויסגעהאַלטענע און קאָנסעקווענטע אין איר אַנטוויקלונג, אָבער גלייכצייטיק אויך אַזאַ, וועלכע פּאַרקערפּערט מיט זיך, ביי אַלע אירע שוואַכקייטן און פעלערן, יענע גרויסע מהנה פון העלדישע קאָמוניסטישע יוגנטלעבע, וואָס גרענעצלאָזע טריישאַפט צו דער פּאַרטיי, דערהויבנקייט פון יעדער טאַט און נשמה־ריינקייט זענען געוואָרן די נאַטירלעכסטע אייגנשאַפטן פון זייער לעבן.

דעריבער טאַקע איז באַטוויין אַזוי באַגלויביק און אויפרודערנדיק, וועקט די סימפּאַטיע פון לייענער אפילו דאָרט, וווּ זיין וואָרט הייבט אָן צו ווערן ווייניקער אייגנאַרטיק און מער אַלגעמיין, וווּ זיין שטילע געהעמטע איבערלעבונג הייבט אָן ווערן פּאַטעטיש, אָדער וווּ אָנשטאָט צו אַרגומענטירן, הייבט ער אָן צו מאָראַליזירן.

נישט אומעטום איז די געשטאַלט פון באַטווינען אין דעם ווערק פריי פון די דאָזיקע בלויזן, פונקט ווי עס זענען פון זיי נישט פריי אַ גאַנצע ריי אַנדערע געשטאַלטן, ווי פּיאָטר, זשדזשאַראַק, טיילווייז אויך פּעליע, ירחמיאל און אַנדערע. אָבער נישט די דאָזיקע בלויזן זענען דעצידירנדיק, נישט פאַר באַטווינען, נישט פאַר די איבעריקע געשטאַלטן. אין אַלגעמיין האָט הערש סמאָליאַר באַוויזן מיט קורצע שטריכן צו געבן בולטע און כאַראַקטעריסטישע פיגורן און סילועטקעס פון פאַרשידענעם טיפּאַזש. שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע הויפּט־פּערזאָנען, ווי באַטווין און פּיאָטר, וועלכע גייען דורך דאָס גאַנצע ווערק, נאָר אפילו אַזעלכע, ווי טשערמאַק און בריטער, ווי קאַץ און שמיל און אויך אַנדערע, בילדן אַרום זיך אַ באַשטימטן קלימאַט, שטעלן פאָר באַשטימטע אויסגעשפּראָכענע שיכטן און אפילו פּאָליטישע שאַטירונגען. אין דער קאָנקרעטער צייכענונג און שילדערונג פון אַ געשטאַלט, וועלכע האָבן אַזאַ ערשטראַנגיקן, וועזנטלעכן באַדייט פאַר דער רעאַלקייט און באַגלויביקייט פון דער גאַנצער אַקציע אַזוי פון קינסטלערישן ווי פון אידעישן שטאַנדפּונקט, האָט הערש סמאָליאַר אויפגעכאַפּט עיקרדיקע מאָמענטן, וועלכע האָבן אַ שייכות נישט בלויז צו די איינגעבוירענע אייגנשאַפטן פון דער געשטאַלט, נאָר אויך צו אירע געזעלשאַפטלעך־דעראָבערטע, וועלכע ווערן אַ צווייטע נאַטור.

אַזוי, למשל, קומען אויף פאַר אונדז בולט דיפערענצירט בריטער און טשערמאַק בלויז, אָדער בעיקר, אויף דעם יסוד פון זייער אין גרונט פאַרשידענעם כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט. דעסגלייכן שמיל, קאַץ און אַלע אַנדערע. אָבער גלייכצייטיק הייבט הערש סמאָליאַר אַרויס אויף אַ נאַטירלעכן אופן אויך די סעקונדערע, געזעלשאַפטלעך־דעראָבערטע אייגנשאַפטן, דורך וועלכע מיר דערזען נישט בלויז דעם איינצלנעם פיזישן מענטש, נאָר אויך דעם געזעלשאַפטלעך-באַשטימטן, דעם מיטגליד און דערציגלינג פון אַ באַשטימטער סביבה. אין לשון פון קרומען שמיל, דעם בונדאָוויעץ, און פון קאַצן, דעם פּועלי־ציוניסט,

אין יעדער זייער האַנדלונג און אַרט רעאַגירן אויף דער אָדער יענער דערשיי־
נונג קומען אויף מיט אויסדריקלעכער קלאָרקייט דער פּאָליטישער, מאָראַלישער
און אפילו שטייגערישער קלימאַט פון די געזעלשאַפטלעכע סביבות, פון וועלכע
יעדער איינער פון זיי קומט און אין וועלכע ער האָט זיך יאָרן־לאַנג דערצויגן.

אָדער לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, אזא פיינע מיניאַטור־געשטאַלט ווי פּריד.
דאָ ווערט אין עטלעכע שורות געגעבן א גאַנצער שיכט; נישט בלויז סטאַטיש,
ווי ער זעט אויס אין דער געשילדערטער קעגנוואַרט, נאָר אין זיין גאַנצער אַנט־
וויקלונג:

„— יאָ, וואָרום דען נישט? איך וואָר אויך געווען איין סאָציאַליסט —
— — — איז וואָס? האָבן מיר געוווּסט, אז אַלע פּרייטיקצונאַכטס טרעפן
מיר זיך ביים געלן עליען אין דער ביר־האַלע — — — (און) וויר האַבן
געשפּראָכן איבער דעם סאָציאַליזמוס, איבער דעם ציוניזמוס, וואָס נישט?
וויר האַבן געזונגען לידער, זייער פיל לידער האַבן מיר געזונגען. ער, וואָרען
עס געזענגע! נישט אַזעלכע, ווי די היינטיקע — וואָרע, קעמפערישע“.

קאָנדענסירט און בולט קומט ארויס די דאָזיקע פיגור פון פרידן. דורך
מכלומרשט מילדער און אפילו גוטמוטיקער סאַטירע, אָבער גלייכצייטיק ביז
אין גרונט אויפגעדעקט.

די דאָזיקע אַלע אידעיש־קינסטלערישע וואַלאָרן אין דער געשטאַלטיקונג פון
גאַנצן סיוזשעט, ווי אויך זיין פּאָליטיש־פּראָבלעמאַטישע פּאַרטיפונג האָבן גע־
שאַפן פון א „פּשוטן זעלנער“ אן עכט בילד פון יענער שווערער צייט, ווען בלויז
די העלדישקייט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און איר יוגנט האָט אויפגע־
לויכטן מיט דער ריינקייט און דערהויבנקייט פון א נפתלי באָמווין און טויזנטער
ענלעכע צו אים, מיט זייער וווּנדערפולער גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַר דעם
שענסטן אידעאַל פון דער מענטשהייט און מיט זייער גרענעצלאָזן גלויבן אין
זיין זיג.

# וועגן די פֿאָלקס־שפּילן פֿון ח. סלאָוועס

די פּורים־שפּילן — אָנהייבנדיק פֿון זייער אַנטשטיין אין 17־טן און 18־טן יאָרהונדערט און נאָך פֿריער, ווען זיי זענען דערשינען אין דער סאַמע פּרימיטיווסטער פֿאָרם פֿון אינסצעניזירטע סאַטירישע זינען־בילדלעך אויף די שול־הייף — זענען געווען עכטע פֿאָלקס־שאַפֿונגען, נישט בלויז מחמת זייער אַלגעמיינער פֿאַרשפּרייטקייט און באַליבטקייט ביים פּשוטן פֿאָלק, נאָר אויך דער עיקר צוליב דעם, וואָס דער פֿאָלקס־מענטש האָט גענומען אַ דירעקטן אָנטייל אין זייער שאַפֿן, באַנייענדיק און אַקטואַליזירנדיק אומאויפֿהערלעך זייער טעקסט. די אַבסאָלוטע באַדינגלעכקייט פֿון די געשטאַלטן, האַנדלונגען און סיטואַציעס האָט געהאַט אַ באַשטימטן לאָגישן זין. עס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אַריינצולייגן אין מויל פֿון די מערסטנטייל היסטאָרישע העלדן פֿיל אייגנס, און במילא כאַראַקטעריסטישעס פֿאַר דער צייט און סביבה, און דער עיקר, עס האָט געגעבן די מעגלעכקייט אויסצודריקן — אויב אַפֿילו אין קרומען שפּיגל פֿון שאַרזשירטע בורלעסקע־פֿאָרמען — די אינערלעכע באַגערן פֿון פֿאָלקס־מענטש, וועלכער איז געווען פֿאַרקלעמט אין די מיטלאַלטערלעכע פּענטעס פֿון דעמלטיקן לעבן. די עראָטיק, וועלכע קומט צום אויסדרוק אין דער שפּראַך פֿון די פּורים־שפּילן, ווי אויך זייער סאַרקאַסטיש אויסחוזקן אַזעלכע העלדן, פֿאַרהייליקטע דורך דער רעליגיעזער טראַדיציע, ווי מרדכי הצדיק, אסתר המלכה און אַנדערע, איז ווייט נישט געווען קיין בלויזער רעזולטאַט פֿון דער דערלויבטער שיכרות אין די דאָזיקע פּורים־ און חנוכה־וואָכן, ווען די שפּילן זענען דורכגעפֿירט געוואָרן. דער מנהג צו זיין בגילופֿנדיק אין די דאָזיקע וואָכן האָט נאָר געשאַפֿן די באַקוועמע לאַגע צו קאָנען אַרויסברענגען דעם טיפֿן דראַנג פֿון פֿאָלקס־מענטש צו עולם־הזהדיקייט און צו אַ פֿול גשמיותדיק אויסלעבן זיך, אין קעגנזאַץ צום אַסקעטיזם, צום אָפּזאָגן זיך פֿון אַלע וועלטלעכע תענוגים אין נאָמען פֿון יענער וועלט, וואָס האָט אויף אים אַרויפֿגעצוווּנגען די רעליגיע און איר פֿאָרשטייער. נאָך מער איז די דאָזיקע בגילופֿנדיקייט געווען אַ גוטער אויסרייד צו קאָנען פֿריי אַרויסזאָגן די אמתע מיינונג וועגן די אַלע צדיקים און שיינע יידן, מיט וועלכע עס האָט גע־

ווימלט און געשוויבלט דאָס דעמלטיקע יידישע לעבן, און וועלכע האָבן, ווי א כמאַרע היישעריקן, זיך געוואָרפן אויף יעדן שטראַל פון ליכט, וואָס האָט זיך דורכגעריסן אין יידישן געטאָ. די זאַפטיקע אויפגעבונדענע שפּראַך, וועלכע האָט זיך נישט געשראָקן פאַר די סאַמע געפּעפּערטע רייד, ווי אויך די דרייסטע שיל־דערונגען פון די פּערזאָנען באַוויזן גאָר, ווי טיף און ווי שטאַרק דער דאָזיקער לעבנס־בונט האָט געגעסטעט אין האַרץ פון פאָלק.

דאָס האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען די רעליגיעזע מנהיגים פון יענער צייט, וועלכע האָבן נישט געקאַרגט קיין קללות און חרמות אויף די דאָזיקע פּורים־שפּילן און זייערע אויספירער און געדראָט מיט אַלע גיהנום־שרעקן פאַר דעם באַזוכן זיי. די דאָזיקע מנהיגים האָבן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט קללות, זיי האָבן אויך אָנגעווענדעט טאַט, ברענענדיק, פון איין זייט, עפנטלעך די כתבֿ־ידן פון די פאָלקס־פּורים־שפּילן (אין פראַנקפורט אָנהייב 18־טן יאָרהונדערט) און, פון דער צווייטער, שאַפנדיק און פאַרשפּרייטנדיק אויף זייער אָרט אַנדערע „מאָראַלישע“ און גאָטספאָרכטיקע, אין גייסט פון דער אמונה און רעליגיעזער טראַדיציע. אָבער די מאָסמיטלען פון יידישן קלער האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן. דער נוסח פון פראַנקפורטער פּורים־שפּיל מיט זיין אויסדריקלעכן לעבנס־לוסט און טיפן סאַטירישן גייסט איז מגולגל געוואָרן אין פיל ענלעכע וואַריאַנטן אין די פאַרשידנסטע יידישע ישובים פון דייטשלאַנד און פון די סלאַווישע לענדער.

קלאָר, אַז דער דאָזיקער שטראָם פון פאָלקס־הומאָר און פאָלקס־סאַטירע, וועלכער איז געקומען צום אויסדרוק אין די פּורים־שפּילן, האָט נישט געקאָנט אין די דעמלטיקע פאַרהעלטענישן פליסן פריי, אַז ער האָט געמוזט זיך דורכשלאָגן דורך הינטערוועגן, מאַסקירנדיק זיך, און, אַנטשפּרעכנדיק דערצו, שאַפן אַן אייגנאַרטיקן באַדינגלעכן נוסח.

עלעמענטן פון באַדינגלעכקייט פאַרמאָגט יעדע טעאַטראַלע פאָרם. זיי קומען צום אויסדרוק אין דער צייט, אין דער דעקאָראַטיווער ראַם, אין די קאָסטיומען און גרים. אָבער שטענדיק איז די אינערלעכע פּראָפּאָרץ באַזירט אויףווירקלעכע פאַרהעלטענישן, און די מעגלעכקייט פון פרייער האַנדלונג איז באַגרענעצט דורך דער רעאַליטעט, אין וועלכער מע קאָן בלויז אונטערשטרייכן באַשטימטע כאַראַקטעריסטישע שטריכן, כדי נאָך בעסער צו דערזען דאָס גאַנצע. דאַקעגן, וואָס שייך דעם אינהאַלט, אויב ער איז נאָר נישט קיין פּראָדוקט פון א קרענקלעכער פאַנטאַזיע אָדער פון א באַוווסטזיניקער באַגריפן־צעמישונג, — איז ער שטענדיק אַן אָפּשפּיגלונג פון לעבן אין זיין העכסטער טיפּישער פאָרם, ד. ה. אַן אָפּקלייב פון די סאַמע עיקרדיקע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן אין זייער לאָגישער נויטווענדיקער פאַרבינדונג. די פאַבולע האָט איר אינערלעכע פאַרבינדונג, די געשעענישן פליסן אַרויס קאָנסעקווענט איינע פון דער אַנדערער. די האַנדלונגען פון די געשטאַלטן, זייער שפּראַך און אויסערלעך פאַרהאַלטן זיך אַנטשפּרעכן זייער

פּראָפעסיע, אינדיווידועלן כאַראַקטער און אויך די אומשטענדן אין יעדן געגעבענעם פאַל.

אויך די פאָלקס־קאָמעדיע איז נישט קיין אויסנאַם אין דער הינזיכט. דאָס איבערגעטריבענע אונטערשטרייכן פון געוויסע פּרטים אין דער סיטואַציע, אין די האַנדלונגען אָדער אין דעם כאַראַקטער און אין אויסערלעכן אויסזען פון די געשטאַלטן איז געצילט בלויז בולטער צו מאַכן די אידעע פון גאַנצן בילד. אויך דאָ האָבן די געשעענישן זייער אינערלעכע לייזונג, און די געשטאַלטן — זייער נויטווענדיקע פּסיכאָלאָגישע קאָנסעקווענץ.

פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער איז די באַדינגלעכקייט פון די פּורים־שפּילן. שוין די לויזע פּאָפּולערע ליניע דערמעגלעכט די פאַרשידנסטע דיגרעסיעס. דער לייפער אָדער כאָר־פירער, וועלכער שטעלט פאָר די שפּילער, פאַרבינדט אין איינפּטריט מיטן צווייטן און גיט אַלערליי אויפקלערונגען, מאַכט דערביי פאַרשיידענע בייסיקע באַמערקונגען, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק נישט בלויז דער לעבנס־שטייגער פון יענער צייט, נאָר אויך די באַציונג פון אויטאָר אָדער פון די אויטאָרן צו די סאַמע אַקטועלסטע ענינים. דאָסגלייכן רעדן אָפטמאָל אויך די אַנטיילנעמער אַזעלכע רייד, וועלכן האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צו דער האַנדלונג, אָבער וועלכע האָבן דערפאַר די אויסדריקלעכע כוונה אַראָפּצורייסן דעם שלייער פון דער פּערזאָן, וועלכע זיי שטעלן פאָר, און דורך דעם אויך פון אַלע ענלעכע הויכגעשטעלטע לייט פון זייער צייט.

אַזוי, למשל, אין דער „אַחשורוש־שפּיל", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1708, ווענדט זיך דער קאָמיקער צו אַחשורושן מיט אַזאַ לשון:

„דו ביסט דער מלך. איך העט דיר איאָר געזען פאַר איין וואַמפּין וואַשער, פאַר איין שטריק־טרעגער, פאַר איין מושב פּגר, פאַר איין הינט־שלעגער, פאַר קאַצן־יעגער" אדג"ל! מרדכי הצדיק רעדט געמיינע רייד, אויפרייסנדיק דערמיט די אייגענע פּערזאָן. דאָסגלייכן ווערט אויסגעלאַכט אסתּר המלכּה. אינטערעסאַנט איז די חוזק־באַציונג צו די דינים און רעליגיעזע מנהגים. מרדכי זאָגט: — — —
„בין איך ווידער היים קומען, און מיר מיין קו אַנטקעגן קומען און האָט מיר שלום לעקאַך (שלום־עליכם) געבן מיט דעם הינטערשטן פוס, און מיט דעם פעדערשטן פוס האָט זי הושענה געקלאַפּט, און מיט דעם עק האָט זי לולב געשיקלט — — —
און דער נאָך האָט מען מיר סעודות פּורים מיט מילכיק פליישׁ קראַפּין געמאַכט און איין פליישיקער פּוטער־מילך־זופּ" * — — —

אין גייסט פון אָט דער סאַטירישער שפּיל זענען געשריבן אַלע שפּעטערדיקע עכט־פאָלקסטימלעכע פּורים־שפּילן. נישטאָ אין זיי קיין שום באַרעכטיקונג פון אָרט און צייט, קיין שום קאָנסעקווענצן אין די האַנדלונגען, קיין שום

* ציטירט לויט ב. גאָרין די געשיכטע פון יידישן טעאַטער.

רעכענען זיך מיט דעם כאַראַקטער פון דער פּערזאָן. דער קאָמיקער און די שפּילער רעדן, וואָס זייער האַרץ גלוסט, נישט פילנדיק זיך געצווימט נישט דורך דער פּאַבוליע און אַלגעמיין, נישט דורך קיין שום האַנדלונג און געגעבענעם מאָמענט, נישט דורך זייער אייגענער געשטאַלט. דערפאַר אָבער איז יעדער אויפטריט פול מיט אויפריים-שטאָף, מיט גאַליקן חוזק און סאַטירע לגבי די דעמלטיקע פאַרהעלטענישן, לגבי אַלערליי הויכגעשטעלטע לייט.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט אַ שייכות בלויז צו די אמתע פאָלקס-שפּילן, וועלכער דער פאָלקס-מענטש האָט געשאַפן און אין וועלכע ער האָט זיך באַטייליקט. דאַקעגן די שפּילן, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף פון קלערלס קעגנווירקונג צו די ערשטע, ווי דאָס זענען די פאַרשידענע שפּילן אויף ביבלישע טעמעס, — זיי האָבן זיך געהאַלטן שטרענג ביים טעקסט, דערלויבנדיק זיך בלויז אַריינצושטעלן פון צייט צו צייט פאַרשידענע רעליגיעז-מאָראַלישע סענטענצן.

אין אָנבליק פון די דאָזיקע צוויי קעגנזעצלעכע שטראָמען אין די פּורים-שפּילן דאַרף באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן דער דאָפּלטער פאַרדינסט פון ח. סלאָוועס אין זיינע צוויי פאָלקס-שפּילן „המגם מפּלה“ און די „יונהס און דער וואַלפיש“. דער פאַרדינסט איז אַ דאָפּלטער דערפאַר, וואָס די דאָזיקע צוויי פאָלקס-שפּילן זענען נישט בלויז קיין באַפרוכפּערנדיקע באַנייונג פון אַ פּאַרוואָרלאָזטן זשאַנר, נאָר אויך אַ באַוווסטזיניק אָנבינדן, סיי אינהאַלטלעך, סיי פאָרמעלעך, צו זיין עכט-פאָלקסטימלעכן טייל. ח. סלאָוועס האָט גוט און ריכטיק אָפּגעשאַצט זייער דערקענטיש-ווערט פאַר אונדזער צייט, האָט קלאָר דערזען אין זיי די אידעישע און קינסטלערישע עלעמענטן, צו וועלכע מיר קאָנען און דאַרפן אָנבינדן, ווי צו אונדזער פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַלער קולטור-ירושה, צואייגנדיק גלייכצייטיק אויף אַ שעפערישן אופן זייער אייגנאַרטיקן נוסח און זייער שפע פון פאָלקס-הומאָר און פאָלקס-אָפּטימיזם. די באַדינגלעכקייט פון צייט און אָרט פון די האַנדלונגען און געשטאַלטן קומט אויף ביי ח. סלאָוועס אין דער ספערע פון פּרימיטיוו-נאַיוון פאָלקס-וויץ, וועלכער איז גלייכצייטיק שפּילעוודיק און פול מיט פאָלקס-חכמה. דאָסגלייכן איז די אַקטואַליזירונג פון די העלדן און סיטואַציעס, געמאַכט אין גייסט פון די עכטע פאָלקס-שפּילן מיט סאַטירישער שאַרפקייט און הומאָר, אַרויסברענגענדיק די סאַמע ערנסטע און אפילו טראַגישע מאָמענטן דורך דעם טיפן גלויבן פון פאָלקס-מענטש אין ענדגילטיקן זיג פון אמת.

די דאָזיקע אייגנשאַפטן זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר ביידע פאָלקס-שפּילן פון ח. סלאָוועס און זיי טאַקע שאַפן עס — ביי דער גאַנצער אַנדערשקייט פון זייער סיוזשעט און פון זייער טעמאַטישער צילגעווענדקייט — דעם געמיינזאַמען עכט-פאָלקסטימלעכן טאָן.

די גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטן אין „המנס מפּלה“, ווי ספּעציעל דער העראָלד, זענען אין זייער צייכענונג און האַנדלונג, אין זייער באַוועגונג און שפּראַך א גוטע שעפּערישע פאַראייגענונג פון די אורשפּרינגלעכע מוסטערן. דאַסגלייכן א גאַנצע ריי סצענעס, ווי דאָס באַזעצן די כלה און אַנדערע. אויסמיידנדיק יעדע אַרט פון פאָרמאַליסטישער סטיליזאַציע, נישט אוועקגייענדיק אין אַלגעמיין פון פאָלקס-פּרימיטיוו, באַווייזט דאָך ה. סלאָוועס, אין אינטימער פאַרשטענדעניש פאַר פאָלקס-הומאָר, פאַר פאָלקסטימלעכער שפּראַך און טעאַטראַלישקייט, אויפצוהייבן די פּורים-שפּיל צו נאַציאָנאַלער אייגנאַרט, וועלכע קאָן און דאַרף פאַר אונדזער דראַמאַטורגיש שאַפן זיין באַלערנדיק און באַפרוכפּערנדיק.

נאָך דייטלעכער און באַזיניקטער קומט דאָס אויף אין די „יונהס און דער וואַלפיש“, ווו די שפע פון שטייגער, פאָלקס-הומאָר און פאָלקס-סאַטירע איז שוין איינגעהאַלטן אין די ראַמען פון מער פיקסירטע כאַראַקטערן און, רעאַליסטיש געגומען, אויך פון מער קאָנסעקווענטע האַנדלונגען. די טעמע איז דאָ א מער ספּעציפישע, איר פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכער כאַראַקטער א מער בולטער. מעגלעך, אז גראָד דערפאַר טאַקע קומט דאָ אויף נאָך דייטלעכער און עיקרדיק שטרייטבאַר פּראָבלעם, וואָס האָט אין גרונט גענומען א שייכות צו ביידע פאָלקס-שפּילן פון ה. סלאָוועס.

וועלכעס איז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם? ה. סלאָוועס אין זיין אריינפיר-וואָרט צו „די יונהס און דער וואַלפיש“ שטעלט זיך אליין א פראַגע:

„פאַרוואָס אָנלייגן אזא שטיק וועג און גיין צום היינט... דווקא דורכן ווייטן נעכטן? וואָלט נישט גלייכער געווען צו קוקן אויפן ארום נישט דורך אן אַלעגאָרישן שלייער, נישט דורך רמזים און אָנצוהערענישן, נאָר פּשוט דירעקט און אוממיטלבאַר? אויך די יונהס זענען היינטצייטיקע יידן — — — טאָ פאַרוואָס פאַרשטעלן זיי אין פאַרצייטיקע תנכישע בגדים?“.

און ווייטער:

„ווי שיקט זיך עס ביי א פּראָגרעסיוון יידישן מחבר דאָס שעפּן טעמאַטיק פון דער ווייטער תנך-לעגענדע, אפילו שוין ווען די לעגענדע ווערט אָרגאַניש פאַרבונדן מיט נאָענטער רעאַליטעט?“

און ער ענטפערט זיך, אז

„געוויסע אמתן דערגייען אָפט צום פּשוטן פאָלקס-מענטש גראָד צום בעסטן, ווען זיי ווערן געבראַכט אויף די פליגל פון א פאָלקס-לעגענדע“.

ה. סלאָוועס אליין האַלט די דאָזיקע תשובה פאַר נישט קיין „אויסשעפּנדיקע“. אָבער מיר דוכט, אז נישט בלויז די תשובה איז נישט קיין אויסשעפּנדיקע, נאָר די פראַגע פאָדערט א געוויסע קאָרעקטור.

צי איז דען בכלל די אַקטועלקייט פון א קינסטלעריש ווערק אָפּהענגיק פון דער טעמע? קלאָר, אז נישט. די אַקטועלקייט פון א קינסטלעריש ווערק איז אָפּ-

הענגיק פון דעם אופן פון אויפנעמען און רעאליזירן די טעמע. יעטווערע פאַר־גאַנגענהייט־טעמע קאָן ווערן פאַרוואַנדלט דורך דעם קינסטלער אין אַ ווירק־דיקן אַקטועלן פאַקטאָר, ווען זי איז דורך אים אויפגענומען און רעאַליזירט אויף אַזאַ אופן, אַז זי הייבט אַרויס די סאַמע וועזנטלעכע מאָמענטן פון איר צייט, ד. ה. די מאָמענטן, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך דעם קערן פון דער צוקונפט, דאָס ניי־אויפשפּראָצנדיקע, דאָס, וואָס אַנטוויקלט זיך פאָרויס, און נישט זי דינט ווי אַ באַהעלטעניש קעגן היינט, אַרויסהייבנדיק אין פאָדערגרונט דאָס אַלץ, וואָס געהער צום אַוועקגייענדיקן און אָפּשטאַרבנדיקן. אָבער דאָס האָט אַ שייכות צו יעדער טעמע, צו דער היינטצייטיקער, פּונקט ווי צו דער פאַרצייטיקער. אויף דער שפּראַך פון קונסט וואָלט עס באַדייט: איינהאַלטן יעדע טעמע — צו וואָס פאַר אַ יאָרהונדערט זי זאָל נישט געהערן, און וואָס פאַר אַן אינהאַלט זי זאָל נישט האָבן — אין איר פולער אָריגינעלקייט, און דאָס היינטצייטיקע נישט אַריינטראָגן אין איר, נאָר, פאַרקערט, אַרויסבאַקומען עס פון איר אייגענעם שטאָף. אַנדערש קאָן עס טיילמאָל ווירקלעך דערפירן דערצו, אַז דער אַריינגעטראָגענער פרעמדער שטאָף, אַרויסשטויסנדיק דעם פריערדיקן אינהאַלט, זאָל אינגאַנצן אויפרייסן די אורשפּרונגלעכע פאָרם, און דער לייענער זאָל שטעלן די זעלבע פראַגע, וועלכע ח. סלאָוועס שטעלט זיך אַליין.

אין דעם פאַל איז דער ענין נאָך האַרבער, ווייל עס האַנדלט זיך נישט בלויז אין אָנקליידן סתם היינטצייטיקן אינהאַלט אין אַ פאַרצייטישן לבוש, נאָר עס גייט אין פאַרבינדן אַ באַשטימטן אינהאַלט פון אומקום פון זעקס מיליאָן יידן מיט דער פאָרם פון אַ פריילעכער פאָלקס־שפּיל.

מיר דוכט, אַז דאָס איז דאָ דאָס וועזנטלעכסטע פּראָבלעם צו דיסקוטירן.

צי לאָזט זיך יעדע טעמע פאַרבינדן מיט יעדער באַליביקער פאָרם?

וואָס איז שייך דער פאָרם גופא, דערגרייכט זי אומבאַדינגט צו אַ הויכער קינסטלערישער מדרגה אין ביידע פאָלקס־שפּילן פון ח. סלאָוועס. די הומאָר־פולע געשטאַלטן און סיטואַציעס, די שפּרודלדיקע פאָלקסטימלעכע שפּראַך, דער קור־צער טרעפלעכער דיאַלאָג און אויך די טעאַטראַלישקייט פון גאַנצן געבוי, ביי דער שעפערישער צואייגענונג פון פּורים־שפּיל־נוסח אַלס אַזאַ אין זיין עכטסטער פאָלקסטימלעכער געשטאַלט — דאָס אַלץ איז נישט בלויז קיין אינדיווידועלע דערגרייכונג פון מחבר. עס עפנט אויף נייע מעגלעכקייטן און פּערספּעקטיוון פאַר דער אויפלעבונג פון דעם אַזוי אייגנאַרטיקן און דאָך אַזוי פאַרלאָזטן זשאַנר.

אָבער צי אַנטשפּרעכט די דאָזיקע פאָרם דעם אינהאַלט, וועלכן דער מחבר האָט אין איר אַריינגעלייגט?

אָן שום ספק, אַז טראַגישע געשעענישן אַנטהאַלטן אין זיך מאָמענטן, וועלכע לאָזן זיך אַרויסהייבן, אָדער אַפילו באַזיניקן דורך הומאָר. אָבער דאָס זענען אויס־שליסלעך אַזעלכע, וועלכע קומען נישט אין דער פאָרם פון פּלוצעמדיקע, צופע־

ליקע אומגליקן, נאָר ווי אַן אומפאַרמיידלעכע געזעצמעסיקייט פון אַנטוויקלונג, פון ענדערן באַשטימטע לעבנס־פאָרמען. דער געראַנגל פון יחידים און גאַנצענע שיכטן פאַר איינהאַלטן אָפּשטאַרבנדיקע אינהאַלטן פאַרמאָגט טראַגי־קאָמישע מאָמענטן, וואָס זייער אָפּשפּיגלונג באַלייכט אָפט פיל בולטער און קאָנקרעטער דעם זין פון גאַנצן פּראָצעס, פאַרטיפט אים געשיכטלעך.

מיר האָבן פיל קלאַסישע ביישפּילן אין דער הינזיכט אין דער וועלט־ליטע־ראַטור און אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז אַ דאָן־קיכאָט, דאָס איז מנחם־מענדל, און פיל אַנדערע.

אָבער צי איז דאָס אויך אין דעם פאַל? צי זענען מיר אימשטאַנד די דאָזיקע גרוילִיקע קאַטאַסטראָפע באַנעמען אין אַזאַ פאָרם? צי קאָן אונדז די פאָרם העלפן זי צו באַזיגן?

לייענענדיק די פאָלקס־שפּילן פון ח. סלאָוועס, האָבן מיר אַן עסטעטישן גענוס פון דעם נאַטירלעכן פאָלקסטימלעכן הומאָר, פון דער געזונטער לעבנס־פרייד, פון דעם אינערלעכן אָפּטימיסטישן גייסט, מיט וועלכן עס איז דורכגע־דרונגען די גאַנצע אַקציע און יעדע געשטאַלט באַזונדער, פון דער קרעפטיקער קערנדיקער שפּראַך — מיט איין וואָרט, פון דעם אַלץ, וואָס ח. סלאָוועס האָט אַזוי ריכטיק און אַזוי שעפעריש איבערגענומען פון דער עכטער פּורים־שפּיל. גלייכצייטיק אָבער קאָן אויפקומען אַ באַשטימט געפיל פון אומצופרידנקייט מחמת דעם פּרוּוו צו פאַרבינדן די דאָזיקע שיינע, לעבנסלוסטיקע קאָמעדיאַלע פאָרם מיט אַ טעמע פון אַזאַ שוידערלעך־טראַגישן אינהאַלט, אַ טעמע, וועלכע פאָרט זיך נישט, ווי מיר דוכט זיך, מיט דעם דאָזיקן זשאַנר, וועלכע פאָדערט אַן אַנדערע קינסטלערישע אויסדרוק־פאָרם.

אַלזאָ, די קאָליזיע איז דאָ, לויט מיר, נישט צווישן דער הייננטצייטיקער טעמע און איר פאַרצייטיקן לבוש, נאָר צווישן דער געגעבענער טעמע און איר פאָרם.

די דאָזיקע קאָליזיע קאָן אָבער נישט פאַרשטעלן די אידעישע און קינסטלע־רישע דערגרייכונגען פון ח. סלאָוועס אין זין פון אויבן דערמאָנטן שעפערישן באַ־לעבן אַ פאַרלאָזטן ווערטפולן זשאַנר, וועלכער טראָגט אין זיך אַזויפיל מעגלעכ־קייטן פון קינסטלערישער אָנווענדונג.

# „הערשעלע אָסטראָפּאָליער" אַלס סצענישע געשטאַלט

צווישן די פאַרשידענע יידישן ווערטל=זאָגער, וויצלער און קאַטאָוועס=טרייבער, איז די געשטאַלט פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער אָן שום ספק די סאַמע באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע. אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט דאָס פאָלק אַרומגעוועבט די דאָזיקע געשטאַלט מיט גאַנצע אוצרות פון עכטן פאָלקס=הומאָר און אַרומגענומען מיט אַ סך וואַרעמקייט און אינטימקייט. שוין דער נאָמען אַליין, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, איז געוואָרן דער סימבאָל פון דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל פון פאָלקס=אָפּטימיזם, פון דער גייסטיקער און מאָראַלישער געזונטקייט פון יידישן פאָלקס=מענטש, פון זיין נישט מיד ווערנדיקן אינערלעכן ווידערשטאַנד קעגן אַלע זיינע באַדריקער. אין די פאַרשידענע ציקלען פון וויצן, ווערטלעך, שפּאַסן, קאַטאָוועסן און שפּיצלעך, וואָס זייער צענטראַלער העלד איז הערשעלע אָסטראָפּאָליער, האָט דאָס פאָלק געבראַכט צום אויסדרוק נישט בלויז זיין פּראָטעסט, שנאה און פאַראַכטונג צו די יידישע גבירים און יידישן קלער, נאָר אויך זיין טיפע ביטול=באַציונג צו זיי און חוזק.

אָבער די הערשעלע=געשטאַלט איז נישט בלויז איינע פון די באַליבסטע און פּאָפּולערסטע. זי איז אויך איינע פון די אָריגינעלסטע, וועלכע האָט באַוויזן אונטער דער אָנהויפּונג פון אומצאָליקע נאָמענלאָזע הומאָר= און סאַטירע=שאַפונגען, צוגעשריבן אויף איר חשבון, איינצוהאַלטן איר אייגנאַרט, אירע אינדיווידועלע שטריכן.

דאָס איז קודם=כל דער אופן פון אַרויסברענגען די באַציונג צו די פאַרשידנסטע דערשיינונגען דורך אַן אָנשוילעך=בילדלעכער פאָרם אָדער געוויסער דראַמאַטישער האַנדלונג.

צווייטנס, דער לירישער הינטערגרונט פון אַלע אירע טואונגען און די זייער אָפטע דיסקרעטע זעלבסט=איראָניע.

די דאָזיקע אייגנשאַפטן הייבן נישט בלויז אַרויס דעם וויץ פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער פון די ענגע ראַמען פון באַגרענעצטער אָנווענדונג אין דעם אָדער יענעם אינדיווידועלן פאַל צו אַ פאַראַלגעמיינערטער הייך, נאָר גיבן אים אויך

צו דעם כאַראַקטער פון נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט. אַ דאַנק זיי הייבן מיר אָן צו דערזען הערשעלע אָסטראָפּאָליער אויף יענער פאָלקסטימלעכער שאַפונגס-ליניע, וואָס פירט ביז שלום-עליכמען מיט זיינע טיפע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פאַראַלגעמיינערונגס-בילדער.

אַרויספירן הערשעלע אָסטראָפּאָליער פון דער ספערע פון פאָלקלאָר — אין דער ליטעראַטור און, נאָך מער, אויף דער סצענע, ווי אַ לעבעדיקע געשטאַלט, הייסט קודם-כל געבן אים קאָנקרעט און אינדיווידואַליזירט, לאָזן אים ווירקן אומאויפהערלעך דורך זיינע כאַראַקטעריסטישע גרונט-שטריכן, נישט ווערן מיטגעריסן מיט דעם אָדער יענעם איינצלנעם וויץ זיינעם און פאַרגעסן אין דעם עיקר, אין הערשעלען אַליין, אין וועלכן דאָס פאָלק האָט דערזען די אָפּשפיגלונג פון זיין אייגענער נשמה, פון זיין באַציונג צום אייגענעם גורל, פון זיין אויסדויער-קראַפט. מיט איין וואָרט, נישט הערשעלע אָסטראָפּאָליער ווי אַ ביילאַגע צו אַזאַ אָדער אַנדערן הומאָרפולן איינפאַל אָדער סאַטירישן שפּאַס, ווי שאַרף עס זאָל נישט זיין זייער סאָציאַלער אויסקלאַנג, נאָר, פאַרקערט, יעדער איינפאַל, אויפטו אָדער שפּאַס געגעבן אויסשליסלעך פון דעם קוקווינקל פון עפּענען און אַנטפּלעקן וואָס אמתער און טיפער די הומאָרפולע, אייגנאַרטיק-סאַטירישע און פאָלקסטימלעכע הערשעלע-געשטאַלט און דורך איר דעם יידישן פאָלקס-מענטש פון זיין צייט.

אין דער פאָלקס-שפּיל „הערשעלע אָסטראָפּאָליער“, אָנגעשריבן פון י ע ק ב זאָנשיין לויט אַ קאָמעדיע מיט דעם זעלביקן נאָמען פון י. גערשענזאָן, איז אָן שום ספק פאַראַן די כוונה צו גיין אין דער דאָזיקער ריכטונג, ד. ה. אין דער ריכטונג פון אַ פאַרטיפערטער פאָלקס-שפּיל, אין וועלכער דורך אַן אינדיווידואַליזירטער, ברייט אַנטוויקלטער צענטראַלער געשטאַלט, און דורך פאַרשידענע פּרטים פון אירע באַזונדערע איינצלנע האַנדלונגען און אַרויסזאָגונגען זעט זיך דאָס אויפקומען פון דעם סאַמע כאַראַקטעריסטישן און טיפּישן פאַר דעם שיכט, וועלכן די געשטאַלט שטעלט מיט זיך פאָר, און פאַר דער צייט, אין וועלכער זי ווירקט. וועגן דעם זאָגט עדות די עכט-פאָלקסטימלעכע קאַנווע פון דער גאַנצער האַנדלונג, ווי דאָס איז דער פּרימיטיוו-נאַיווער, אָבער גלייכצייטיק אויך סימבאָלישער מאָטיוו מיט דער באָבעס קידושין-רינגעלע, און, נאָך מער, דאָס איינפאַסן דעם דאָזיקן מאָטיוו אין דער שיינער פאָלקסטימלעכער ראַם פון אַ פּורים-שפּיל, וועלכע הייבט אויף די גאַנצע אַקציע אין דער ספערע פון יענער פּאָעטישער באַדינגלעכקייט, וואָס גיט אַזויפיל שעפערישע מעגלעכקייטן פאַר יעדער קאָמעדיאַלער שפּיל.

ביי אַזאַ פאָלקסטימלעכן נאַיוו-סימבאָלישן מאָטיוו און פּורימשפּילערישער באַדינגלעכקייט קאָן מען זיך דערלויבן אָן שום ספק אויף שאַרף קאָנטראַסטירטע געשטאַלטן-צייכענונגען און אַפילו אויף איבערטרייבונגען אין סטיל פון פאָלקס-פּרימיטיוו, סיי אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון די פיגורן, סיי אין די האַנדלונגען

גופא. אָפט קאָן דאָס אפילו געבן א באַשטימטע אידעאָלאָגישע אונטערשטרייכונג. אָבער ביי איין באַדינג: נישט פארלירן — ווי שוין געזאָגט — פון אויג דעם טיפערן פאראלגעמיינערטן אינהאַלט פון דער צענטראלער געשטאַלט, די עיקרדיקע טענדענץ פון ווערק און זיין הויפט=אידעע, וועלכע דארף זיך אַנטפלעקן און אויפעפענען אַלץ מער מיט יעדער באַזונדערער האַנדלונג.

באַקומען האָט זיך אָבער אַנדערש. נאָך דעם ערשטן אקט, וועלכער זאָגט צו מיט זיין פאָלקסטימלעכן טעקסט א פולשטענדיק ריכטיקע און אפילו דערהויבענע לעזונג פון דער לעגענדאַרער הערשעלע=געשטאַלט אין דער ריכטונג פון אַן עכט סאָציאלער און נאַציאָנאַלער פאָלקס=קאָמעדיע, — נעמט אָן די גאנצע אַקציע א נייע ווענדונג. דער הערשעלע=וויץ, וועלכער וואָלט באַדאַרפט דינען בלויז אלס מיטל בולטער ארויסצוברענגען דעם יידישן פאָלקס=מענטש פון יענער צייט מיט זיין קלוגן לעבנס=אָפטימיזם און געזונטן הומאָר, — דער דאָזיקער וויץ וואקסט אויס צו א דאָמינירנדיקן פאקטאָר, שאַפנדיק א גאָר נייע אַטמאָספער פון אלערליי באַליביקע פרייקייטן.

די באַדינגלעכקייט פון פאָלקס=פרימיטיווע פאָרשטעלונגען און אויך פון פורימשפילערישע פאָלקס=פאַנטאַסטישע שאַפונגען איז נישט נאָר באַהויכט מיט פאָעטישער דערהויבונג, נאָר אויך איגערלעך געצוימט פון א באַשטימטער קינסטלערישער געזעצמעסיקייט און אידעאָלאָגישער צילגעווענדטקייט. דאקעגן די באַדינגלעכקייט פון וויץ עפנט אויף די ברייטסטע מעגלעכקייטן פאר אלערליי נאַטוראַליסטיש=שאַרזשירטע איבערטרייבונגען, פאַרמינערנדיק, ביי דער בעסטער אידעישער איינשטעלונג און כוונה, דעם ווערט און אָפטמאָל אויך דעם אינהאַלט פון יעדער אידעאָלאָגיש ריכטיקער טענדענץ.

אין דער דאָזיקער אַטמאָספער פארלירט די געשטאַלט פון הערשעלען אירע אינדיווידועלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון געזונטן פאָלקס=הומאָר און דיסקרעטער זעלבסטאיראָניע און במילא אויך איר טיפערן אידעישן אינהאַלט און פאראלגעמיינערונגס=קראפט, פארוואנדלענדיק זיך פון א קלוגן פאָלקס=העלד מיט א ברייטערן אויסבליק אין יעדער האַנדלונג אין א געוויינלעכן וויצלער, און טיילמאָל אפילו שיר נישט אין א מין קונצנמאַכער.

די דאָזיקע פאַרשמעלערונג און איינשרומפונג פון דער הערשעלע=געשטאַלט אין גאנג פון דער אַקציע שטאַמט, מיין איך, אין דער ערשטער ריי פון דער עקלעקטישער קאָנצעפציע אין בוי פון גאנצן ווערק. דער פארקלער פון דער דאָזיקער געשטאַלט דורך י. זאָנשיינען אין ערשטן אקט פאלט זיך אינגאַנצן נישט צונויף מיט דעם הערשעלען פון די ווייטערדיקע אַקטן, וועלכער איז אין תוך איבערגענומען פון י. גערשענזאָנען און האָט גאָר אַן אנדער אינהאַלט און גאָר אַן אַנדער באַשטימונג. די דאָזיקע איינשרומפונג האָט אַ נעגאַטיווע ווירקונג אין אידעאָלאָגישער און קינסטלערישער הינזיכט אויף אַ גאַנצער ריי מאָמענטן, שוין

אָפגערעדט דערפון, וואָס זי באַרייט גלייכצייטיק די איינשרומפונג פון דער הויפט-אידעע פון ווערק, אייניקע מאָטיוון, וועלכע וואָלטן אין גאַנג פון דער אקציע באַדאַרפט ווערן אָפגערוקט אויף א גאָר ווייטן פלאַן, ווי אַן אָנדייטונג בלויז, רוקן זיך ארויס אין אויבנאָן, באַקומען א ספּעציפישע וואָג, ערטערווייז אפילו א געוויסע מיסטישע באַפאַרבונג צוליב זייער ארויספאַלן פון דער גאַנצער קאָמעדיאַלער סיטואַציע, ווי דאָס איז דער רינגעלע-מאָטיוו. אנדערע ווידער, וועלכע פאַרנעמען א ביז גאָר ווינציק אָרט, סיי לויט זייער באַדייטונג פאַר דעם גאַנצן געבוי פון דער פאַבולע, סיי אין אידעאָלאָגישער הינזיכט, ווי דאָס איז די געשיכטע מיט זלמן דעם גביר, וועלכע וואָלט ביי א מער אויפמערקזאַמער און טיפערער קינסטלערישער באַאַרבעטונג זיך געקאָנט דערהייבן צו דער הייך פון א סימבאָלישער אָפשפיגלונג פון א גאַנצן שיכט, — לעזן זיך אויף אין א וויצאַרטיקער איבערטרייבונג, וועלכע דערגייט ביז שאַרזש.

די הויפט-סיבה פון די בלויזן איז אַזוי-אַרום די נישט גענוגנדיקע באַזייניקונג און פאַרטיפונג פון דער הויפט-געשטאַלט, דאָס באַנעמען און פאַרקערפערן זי איבערפלעכלעך, נישט ווי קיין קאָלעקטיווע פיגור, וואָס שפיגלט אָפ מיט זיך אין א באַשטימטער קאָמעדיאַלער פאָרם א גאַנצן שיכט פון האָרעפאַשנע יידן, נאָר ווי א פאַראיינצלטע געשטאַלט פון א בלויזן וויצלער און קאַטאָוועס-טרייבער.

# „מאיר עזאָפאָוויטש" אין דער אינסצעניזאַציע פון אידאַ קאַמינסקאַ

יעדעס פּראָזאַיש ווערק פאַרלירט זייער פיל אין דער אינסצעניזירונג, און דאָס איז א גלייכער פּראָפּאָרץ צו זיין קינסטלערישן ווערט. די דאָזיקע דערשיינונג איז נישט אויסצומיידן. דער דראַמאַטורג פאַרקלערט לכתחילה די געשעענישן אין אן אָפּגעקליבענער קאָנצענטרירטער פאָרם, באַמיט זיך ארויסצוהייבן די געשטאַלטן אין די סאמע כאראַקטעריסטישע סיטואַציעס, אזוי, אז אין זייערע קעגנזייטיקע באַציונגען זאָלן זיי נישט בלויז אויפעפענען זייער אייגענעם מהות, נאָר אויך אַרויסברענגען די אַלגעמיינע אַטמאָספער, דעם קלימאַט פון דער צייט און פונעם אָרט, דאָס בילד פון זייער גאַנצער סביבה. נישט אומזיסט איז די דראַמאַטורגישע פאָרם די סאַמע קאָמפּליצירסטע ליטעראַרישע פאָרם. זי דאַרף זיין אויסגעשטאַנען אין הארץ און אין מוח פון שעפער, זי דארף זיך האָבן אָנגענומען דאָרט מיט אַלע זאַפטן און קאָלירן און דערשיינען פאַר אונדז, ווי א פלאַנץ, וואָס טראָגט שוין אויף זיך זיינע באַשטימטע פרוכטן, וועלכע קאָנען בלויז אָנרייפן אין אונדזערע אויגן. די געשעענישן און געשטאַלטן, וועלכע וואקסן אָן אין דער פּראָזע-שילדערונג שטופנווייז און וועלכע מיר קאָנען נאָכפאָלגן און קאָנטראָלירן נאָך איידער זיי טרעטן אריין אין זייערע קעגנזייטיקע לעבנס-קאָנפליקטן און לעזן זיך אויף אין גאַנג פון זייער אַנטוויקלונג, — קומען אויף אין דעם דראמאַטישן ווערק שוין אין דער אקטיווער פאָרם פון טאַט. שילדערנדיק די סיבות, באַגרינדעט אונדז דער פּראָזע-שרייבער די אקציע, די געשעענישן, די האַנדלונגען פון די העלדן, אין דער צייט ווען דער דראמאַטורג עפנט אויף פאר אונדז די דאָזיקע סיבות דורך דער אקציע, דורך די געשעענישן, דורך די האנדלונגען.

פונדאנען די אומפאַרמיידלעכע שוועריקייטן פון יעדער אינסצעניזירונג, דער נויטווענדיקער פארלוסט פון א סך אידעישן און קינסטלערישן שטאָף, און במילא אויך די פאראָרעמונג פון סיוזשעט אלס גאנצעס.

און דאָך איז זייער פיל אָפּהענגיק פון דעם אינסצעניזאַטאָר, פון זיינע דראַמאַטורגישע פעיקייטן אָפּצוקלייבן אין דעם ווערק די צום מערסטן אָנגעלאָדענע,

דראַמאַטישע מאָמענטן, פון זיין אידעישער אויפנעם־מעגלעכקייט פון דעם עיקר־דיקסטן און כאַראַקטעריסטישן פאַר דער געגעבענער צייט און סביבה, פון זיין פאַרשטענדעניש פאַר דעם אידעישן און קינסטלערישן וועלט־באַנעם פון אוי־טאָר גופא. דער בלויזער אָפּקלייב פון דראַמאַטישע מאָמענטן קאָן געבן א גענוג אויבערפלעכלעך בילד. אָבער אויך די פאַראייניקונג מיט דעם עיקרדיקסטן פאַר דער געגעבענער צייט און סביבה, אָן דעם געמען אין אַכט די אידעישע איינשטע־לונג און קינסטלערישע אייגנאַרטיקייט פון אויטאָר, קאָן דערפירן צו דער סכע־מאַטיזירונג פון די געשעענישן און געשטאַלטן, צו געבן זיי אין א פוסטן לופט־לאָזן רוים.

אין איר אינסצעניזירונג פון „מאיר עזאָפּאָוויטש" האָט אידאַ קאַמינסקאַ גענומען אין אַכט און אין אַלגעמיין רעאַליזירט די דאָזיקע דריי הויפּט־מאָמענטן. שוין דער ערשטער אַקט איז נישט בלויז אַן אריינפיר, וואָס דאַרף העלפן צו פאַרשטיין א גאַנצע ריי פרטים אין דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער אקציע, נאָר אַן אריינפיר אין קלימאַט פון גאַנצן ווערק, וועלכער הייבט ארויס גלייכצייטיק דעם עיקרדיקן קאָנפליקט אין דער דעמלטיקער יידישער סביבה צווישן דעם אָנ־וואקסנדיקן דראַנג נאָך וויסן און מיטלאַלטערלעכן בלינדן פאַנאַטיזם, צווישן דער צוגעבונדנקייט צו דער פוילישער ערד, דערנענטערונג צום פוילישן פאָלק און דער רעליגיעז־רעאַקציאָנערער איינשטעלונג פון יידישער אָפּגעזונדערטקייט און אָפּ־געפרעמדקייט פון אַלע איינוווינער אַרום. ער עפנט אויך אויף די אידעען־איינ־שטעלונג פון דער אוטאָרין גופא, איר טיפע הומאַניטאַרישקייט, עכטע ליבע צום פאָלק און אומדערשיטערלעכן גלויבן אין קראַפט פון וויסן, אָבער גלייכ־צייטיק אויך די סאַמע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון איר נאַיוו־אוטאָפּיס־טישער וועלט־אָנשויונג און אידעאַליסטישן אופן פון באַנעמען סאָציאַלע קעגנ־זאצן, ווי קאָנפליקטן, וואָס קומען מחמת באַשטימטע אידעען־איינשטעלונגען און קאָנען דעריבער געלעזט ווערן אין די ראַמען פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש.

דערביי איז נויטיק אונטערצושטרייכן, אז דאָס ווייזן עליזע אָזשעשקאָווען (פונקט ווי אויך אנדערע אין אַן ענלעכן פאַל) נישט בלויז דורך דעם פּאָזיטיוון און אייביק־ווערטיקן, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אירע קריטיש־רעאַ־ליסטישע קינסטלערישע שילדערונגען פון דער דעמלטיקערווירקלעכקייט, ווי אויך דורך אירע פערזענלעכע טיף־הומאַניטאַרע באַציונגען צו פאַרשידענע דער־שיינונגען פון דעמלטיקן לעבן, נאָר אויך דורך אירע שוואַכע זייטן פון נאַיווער געזעלשאַפטלעכער אָריענטאַציע — איז נישט קיין פראַגע פון פאַרמינערן איר אידעישע און קינסטלערישע באַדייטונג. דאָס פאַרטיפערט נאָר אונדזער דער־קענטעניש, העלפט אונדז צו אונטערצושיידן דאָס אָביעקטיוו־ריכטיקע פון דעם סוביעקטיוו־צופעליקן, לערנט אונדז צו דערקענען דעם גרויסן אמת, וועלכן זי ברענגט ארויס וועגן דעם לעבן פון ארבעטנדיקן מענטש אין יענער צייט, ווי

אויך אירע פערזענלעכע עטישע ווערטן, אין אונטערשייד פון באַשטימטע ציים־מעסיקע, פאַרגרייזטע איינשטעלונגען, וועלכע זענען אויסשליסלעך א רעזולטאַט פון איר סביבה און דערציונג.

די אייגנטלעכע אויפוויקלונג פון דער גאַנצער דראמאטישער אקציע הייבט זיך אָן פון לעצטן בילד אין ערשטן אקט, וועלכע ציט זיך דורך אלע דריי ווייטער־דיקע אקטן מיט אן אלץ וואַקסנדיקער שפּאַנונג. די אידעיש און קינסטלעריש ריכטיקע צייכענונג פון די געשטאַלטן, דער גוט קאָנסטרואירטער געבוי פון די האַנדלונגען, כאַטש אין באַזונדערע אָפּגעשלאָסענע בילדער, זייער קאָנסעקווענטע, שטייגערנדיקע אַנטוויקלונג — אלץ צוזאמען בילדעט אויס אן איינהייטלעכע אַטמאָספער פון דראמאַטישער אָנגעלאָדנקייט.

אין גוטער און ריכטיקער פאַרשטענדעניש פאַר דעם קלימאַט פון יענער צייט זענען אריינגעפירט די בילדער פון מאירס צונויפטרעפן זיך מיט זיינע חברים והינטערן שטעטל. זייער הייליקער גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון וויסן, זייערע בענקשאַפטן צו דער גרויסער וועלט און צו א ניי און שיין לעבן, זייערע האַרציקע לידער, אין וועלכע זיי לעבן אוים זייערע יוגנטלעכע חלומות, שאַפן דעם עמאָציאָנעלן און פּאָעטישן פאָן פון די נייע פאָרגעשריטענע אידעען, וועלכע דרינגען אריין אין שטעטל, — קעגן דער פינצטערער און טרויעריקער וועלט פון די טודרוסעס.

פון גרויסן אידעישן באַדייט איז דאָס בילד פון דער באַגעגעניש צווישן הערש עזאָפּאָוויטש און דעם סיים־דעפּוטאַט בוטרימאָוויטש אין ערשטן אַקט. עס שאַפט שוין פון אָנהייב די אַטמאָספער פון עכטן און איידעלן פּאַטריאָטיזם, פון אויפריכטיקער פאַרברידערונג צווישן די בעסטע זין פון יידישן און פוילישן פאָלק, אן אַטמאָספער, וועלכע איז ווי די לופט פון דער גאַנצער אינסצעניזירונג.

אין סומע: אידא קאַמינסקא האָט אויפגענומען עליזא אָזשעשקאָווען נישט נאַטוראליסטיש און נישט נאַיוו אידעאַליזירנדיק, נאָר מיט גרויס פאַרשטענדע־ניש פאַר דעם וויכטיקסטן, עיקרדיקסטן און כאַראַקטעריסטישן, וואָס די גרויסע הומאַניטאַרע פוילישע שריפטשטעלערין האָט געזען און האָט אונדז געוויזן פון יענער צייט, אויסטיילנדיק דאָס פון דעם צופעליקן, צייטמעסיקן, נישט טיפישן. דערביי האָט קאַמינסקא אויסגעמיטן יעדן שפּור פון מאָדערניזירן אָזשעשקאָ־ווען, פון פאַלשן און איבערפלעכלעכן פארהייליקן זי.

אָפּקלייבנדיק דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם יידישן טיפּאַזש און פאַר דער יידישער סביבה פון יענער צייט אין דעם שילדערונגס־מאַטעריאַל פון „מאיר עזאָפּאָוויטש“, האָט אידאַ קאַמינסקאַ גלייכצייטיק איינגעהיט דאָס כאַ־ראַקטעריסטישע פאַר עליזאַ אָזשעשקאָווען, פאַר איר קינסטלערישן און אידעישן וועלט־באַנעם. באַגרענעצט דורך איר פּאָזיטיוויסטישער איינשטעלונג זעט אָזשעש־קאָווא דעם קאַמף אין דער יידישער סביבה (און נישט בלויז אין דער יידישער)

צווישן פינצטערניש און וויסן, צווישן פאַנאַטיזם און פּראָגרעס, צווישן מענטשלעכער אונטערדריקונג און דער שטרעבונג צו געזעלשאַפטלעכן יושר ג י ש ט ק אָ נ ק ר ע ט, ווי אַן אויסדרוק פון קלאַסנקאַמף, נאָר אַבסטראַקט און פאַרנעפּלט, ווי עפּעס צוויי פּאַראַלעלע דורותדיקע משפּחה־שטראָמען, וועלכע באַקעמפן זיך קעגנזייטיק, אין איין דור מיט מער שפּאַנונג, אין אַ צווייטן מיט ווייניקער, אָפּהענגיק פון דער אָדער יענער פּערזענלעכקייט, פון מיכאל סעניאָר, פון הערש עזאָפּאָוויטש, צי פון מאיר עזאָפּאָוויטש. אָבער גלייכצייטיק הייבט קאַמינסקאַ בולט אַרויס די טיפע לײַדנשאַפטלעכע הומאַניטאַרישקייט פון אָזשעשקאָווען, איר אידעלע ליבע צום פאָלק און איר פּאַטריאָטיזם.

אַזאַ טיפער און עכטער אופן פון געשיכטלעכן באַנעמען אין זין פון גײַסט סכעמאַטיזירן און פאַרהיינטצײַטיקן געשעענישן פון אַמאָל, נאָר פון דערזען זיי קלאָרער און אומפּאַסנדיקער פון דער הויכקייט פון אונדזער צייט, גיט אַלע מעגלעכקייטן פון קינסטלערישער און אידעישער איבערלעבונג.

אויסער דעם, האָט אידאַ קאַמינסקאַ באַוויזן צו מאַכן אומאויפהערלעך שטייגערן די שפּאַנונג פון דער דראַמאַטישער אַקציע גײַסט דורך אַן אויבערפלעכלעכן קאָמבינירן פון פאַבולאַרן שטאָף, נאָר דורך דעם אָנוווקס פון אידעישן קאָנפליקט און פון די כאַראַקטערן.

פונדאַנען די שטייגערנדיקע אידעישע דערהויבנקייט און דער קינסטלערישער אמת, פון איין זייט, און פון דער צווייטער, די איבערצייגעוודיקייט און זעלבשטענדיקייט פון דער מערהייט געשטאַלטן.

* * *

אַ געשיכטלעך־ליטעראַריש ווערק קאָן באַטראַכט ווערן אַלס קונסט־ווערק נאָר דעמלט, ווען עס דערפילט צוויי גרונטיקע אויפגאַבן. ערשטנס, ווען עס הייבט אַרויס דעם אמת פון יענער צייט, ד. ה., ווען אין צענטער פון די געשעענישן, וועלכע ווערן אין דעם געשילדערט, געפינען זיך די פּראָבלעמען און אידעען, וועלכע האָבן באַוויגן די געזעלשאַפט פּאָרויס. צווייטנס, ווען עס היט איין די אַטמאָספער און דעם כאַראַקטער פון יענער צייט דורך אַ גרינטלעכער רעאַליסטישער שילדערונג פון די ווירקנדיקע געשטאַלטן, פון דער סביבה, מיט זייער אייגנאַרטיקן אופן פון דענקען, מיט זייער שפּראַך, מנהגים, הלבשה א.ד.גל. מיר באַקומען דאַן אַ פול און אמתדיק בילד, וואָס פאַרלירט נישט פון זיין אַקטועלקייט, ווייל עס גיט אונדז די מעגלעכקייט נאָכצופאָלגן אויף דעם סאַמע קאָנקרעטסטן און אָנשוילעכסטן אופן דעם אַנטוויקלונגס־וועג פון דער געזעלשאַפט, העלפט אונדז פאַרשטיין די קאָנפליקטן צווישן פאַרשידענע שיכטן אין באַשטימטע

צייטן און אין באַשטימטע באַדינגונגען און דערמיט גופא באַרייטערט עס אויס און פּאַרטיפעפט אונדזער דערקענטעניש אויך פון דער קעגנוואַרט.

און וויהקלער — וויפל צענדליקער יאָרן טיילן אונדז אָפּ פון דער צייט, וועלכע ווערט געשילדערט אין מאיר עזאָפּאָוויטש? און דאָך זענען די כאַראַקטעריסטישע סמנים און אַפילו אייניקע באַגלייט־דערשיינונגען פון דעם קאַמף צווישן די עזאָפּאָוויטשעס און טודרוסעס, וועלכער איז געפירט געוואָרן אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען און אין גאָר אַנדערע פאָרמען, — אַקטועל נאָך ביז היינט.

פאַר דער יונגער אויפקומענדיקער יידישער בורזשואַזיע איז דער אַלטער פעאָדאַלער לעבנס־שטייגער מיט זיין אַבסאָלוטער אָפּגעזונדערטקייט פון גאַנצן אַרום, מיט זיין רעליגיעזן אָבסקוראַנטיזם און פאַרהייליקטער עם־הארצות געווען אַ גרויסער שטער אויפן וועג פון איר אַנטוויקלונג און עקספּאַנסיע. דער קאַמף פון דער דאָזיקער יונגער בורזשואַזיע פאַר בילדונג און, טיילווייז, אויך פאַר הייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער יידישער אָרעמקייט איז אויף יענעם צייט־אָפּשניט געווען אַן אויפריכטיקער, אַ קאַמף אין די אייגענע אינטערעסן, אָבער גלייכצייטיק אַ פּראָגרעסיווער, ווייל אויף דער ליניע פון דער נויטווענדיקער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. די דאָזיקע אויפריכטיקייט פון קאַמף און זיין געשיכטלעכע נויטווענדיקייט האָבן עס געשאַפן אַרום אים די אַטמאָספער פון מענטשלעכער דערהויבנקייט און זיינע דירעקטע אויספירער און באַטייליקטע — אין דעם פאַל די עזאָפּאָוויטשעס — באַשאָנקען מיט געפילן פון אידעלער גרויסמוטיקייט, מאָראַלישן אויסדויער און מענטשן־ליבע, מיט וועלכע עס איז דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע ווערק פון עליזאַ אָזשעשקאָווען, און וועלכע זענען — צום לויב פון דער אינטעליגענציע — נישט בלויז איינגעהיט, נאָר אויך קינסטלעריש אונטערגעשטראָכן געוואָרן.

דאָסגלייכן קעמפן אויך די טודרוסעס אויפריכטיק פאַר זייער זאַך. אָבער פאַרטיידיקנדיק דעם נעכטיקן טאָג, באַמיענדיק זיך איינצוהאַלטן אַ פּאָזיציע, וועלכע איז שוין פון דער געשיכטע פאַרמשפּט אונטערצוגיין, ווילנדיק מיט אַלע כוחות שלעפּן דאָס לעבן אויף צוריק, מוזן זיי אויף אַ נויטווענדיקן אופן זיך באַנוצן מיט די סאַמע אומווירדיקסטע מיטלען פון צביעות, שנאה און פינצטערניש, מיט מיטלען, וואָס זאָלן גייסטיק אָפּטעמפּן דאָס פאָלק, מאַטעריעל דערדריקן און אָפּזונדערן עס פון אַלע פעלקער אַרום.

צי ווערן נישט די זעלבע מיטלען אויך אָנגעווענדט היינט פון דער יידישער רעאַקציע און פון אַלע שונאים פון דער מענטשהייט, פון די אימפּעריאַליסטן און מלחמה־אונטערצינדער — כאָטש אין אַנדערע, נאָך מער ציניש פאָרמען, צוגעפּאַסטע צו די נייע באַדינגונגען?

פונדאַנעט דער דערקענטעניש־ווערט פון דער אינסצעניזירונג, איר סטימול צו באַלערנדיקע פאַרגלייכן, איר אַקטועלע באַדייטונג.

אין דעם דאָזיקן קאַמף פֿאַר פֿאָרשריט, פֿאַר הייבן דעם וווילשטאַנד פֿון פֿאָלק און זיין קולטורעלן ניוואָ בינדן מיר אָן אונדזער היינטיק לעבן. דאָס איז אונדזער רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע, אונדזער געשיכטלעכער יחוס, וועלכער ציט זיך דורך אַלע דורות פֿון קלאַסן־הערשאַפֿט און באַווייזט דעם ווידערשטאַנד פֿון פֿאָלק קעגן זיינע באַדריקער אין אַלע צייטן און אונטער אַלע באַדינגונגען.

די באַדייטונג פֿון „מאיר עזאָפּאָוויטש“ איז נאָך וויכטיקער פֿאַר אונדז דערמיט, וואָס די דאָזיקע אייד־עלע טראַדיציע ווערט דאָ אַרויסגעהויבן אין דירעקטער שייכות מיט דער געשיכטע פֿון די פּוילישע יידן, אין ענגער פֿאַרבינדונג מיט זייער פֿאַרוואָרצלטקייט אויף דער פּוילישער ערד, מיט זייער נאָענטקייט צו דער פּוילישער שפּראַך און מיט זייער עכטן פּאַטריאָטיזם, אַדאַנק וועלכן די בעסטע און איידלסטע צווישן זיי האָבן שוין אויך דעמלט, אין די יאָרן פֿון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג און רעאַקציע, נישט אויפֿגעהערט צו זען אין דעם פּראָגרעסיוון טייל פֿון פּוילישן פֿאָלק די גאַראַנטיע פֿאַר אַ פּוילן פֿון גלייכבאַרעכטיקונג פֿאַר אַלע בירגער פֿון לאַנד, פֿאַר אַ פּוילן פֿון גלייכהייט און פֿרייהייט, פֿאַר אַזאַ פּוילן, ווי מיר פֿאַרווירקלעכן עס איצט.

# דריי אינסצעניזאַציעס פון יעקב ראָטבאַום

## „משפחה בלאַנק"

„סענדער בלאַנק" איז איינס פון די פריסטע ווערק פון שלום=עליכמען, און דאָך איז שוין אין דעם זייער בולט אַרויסגעהויבן דאָס בילד פון פרי=קאַפּיטאַליזם אין דער יידישער סביבה מיט זיין פאַרגרעבטקייט און אויפרייסערישקייט, פון איין זייט, און מיט זיין גיריקייט און ריקזיכטלאָזיקייט, פון דער צווייטער, און ס'איז אָנגעצייכנט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין דער ריכטונג פון מאָראַלישער דעגענערירונג און גייסטיקער פוסטקייט.

די יידישע דראַמאַטישע ליטעראַטור נאָך דער קלאַסיק האָט נישט איינמאָל אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן באַוויזן אויף דער סצענע די שלעכטע מידות, וועלכע האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין יידישע לעבן אונטער דער ווירקונג פון קאַפּיטאַליזם. אָבער דאָס איז געטאָן געוואָרן מערסטנטייל פון שטאַנדפּונקט פון רעאַקציאָנערער ראָמאַנטיק, פון שטאַנדפּונקט פון אידעאַליזירן דעם אַלטן פעאָדאַלן לעבנסשטייגער, ווי אין גאָרדין=רעפּערטואַר („מירעלע אפרת", „גאָט מענטש און טייוול" א. א.), אָדער פון שטאַנדפּונקט פון שלעכט פאַרשטאַנענע קליינבירגערלעכער פאָלקסטימלעכקייט, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאַרהערלעכונג פון פאַרגרעבטע יונגען סתם. אין דער נאַיוו=נאַטוראַליסטישער צייכענונג פון די דאָזיקע העלדן, אין זייער געקינסטלט=מגושמדיק לשון און אויפפירונג איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ געוויסער מאָס דער פּראָטעסט קעגן דעם דעמלטיקן איינגעשרומפּענעם און איינגעטרוקנטן יידישן לעבן, וואָס איז געווען איינגעקלעמט אין הונדערטער רעליגיעזע גזירות און צוימען, אָבער דער דאָזיקער פּראָטעסט איז געווען אַ בונטאַריש=קליינבירגערלעכער, אַ נישט באַזיניקטער און האָט אין ערגעץ נישט געקאָנט פירן. דער קאָנסעקווענטער קאַמף פון די יידישע קלאַסיקער מיטן קלער און תקיף, נישט ווי מיט איינצלנע שלעכטע כאַראַקטערן, נאָר ווי מיט פאָרשטייער פון אַ באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן קלאַס, וואָס פאָלקס=שנאה, מענטשלעכע אונטערדריקונג און מאָראַלישע ירידה זענען דירעקטע און גוטוועודיקע פּועל=יוצאס פון זיין עצם עקזיסטענץ, זייער קינסטלעריש און גע=

זעלשאַפטלעך העלדן דאָס יידישן לעבן פון זייער צייט, זענען נאָך דעם רעוואָלוציאָנערן פינפטן יאָר פאַרשווומען געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור מיט די מוטנע כוואַליעס פון רעזיגנאַציע און יאוש, וועלכע האָבן געשטראָמט פון דער יידישער קליינבירגערלעכער סביבה, און עס זענען צוריק אַרויסגעהויבן געוואָרן אויף דער אויבערפלאַך דאָס אַלץ, וואָס איז געווען פאַרשימלט, צוריקגעשטאַנען און פחדנותדיק.

אויף דער יידישער סצענע, פונקט ווי אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, איז געוואָרן אַ געראַטעניש אויף אַנטוישטע העלדן, וואָס גייען אום אייגזאַמע און צעווייטיקטע אין זייער וועלט־שמערץ און ווייסן אַליין נישט, וואָס זיי ווילן, און אויף פאַרשיידענע חסידישע רביים און בעלי־מופתים, וועלכע זענען דערהויבן געוואָרן צו טרעגער פון דער יידישער פאָלקס־מאָראַל.

די זעלבע העלדן, אַזוי צי אַנדערש פאַרשלייערט, גייען נאָך ביז היינט אַרום אין דער ליטעראַטור און אויף דער בינע פון יידישן קליינבירגערטום, און פון זייער פוילן וועלט־באַנעם און בית־עולמדיקער שיין איז נאָך ביז היינט באַווירקט דאָס „בעסערע“ יידישע קליינבירגערלעכע טעאַטער.

אָבער די יידישע ליטעראַטור האָט אַנדערע טראַדיציעס: דעם בייזן־קלוגן און דורכדרינגלעכן מענדעלע־בליק, דעם אויפרייסערישן שלום־עליכם־געלעכטער און דעם טיף־מענטשלעכן פרציאַנישן דערלייזונגס־חלום. אויפלעבן די דאָזיקע טראַדיציעס, אָפּרייניקן זיי פון דעם שטויב, וועלכער האָט זיך אָנגעקליבן אויף זיי מיט דער צייט, און פון די נעפלען, אין וועלכע מע האָט זיי איינגעהילט בכוונה, באַדייט געפינען דעם וועג צו די קוואַלן פון דער יידישער ליטעראַטור, סיי אידעאָלאָגיש, סיי קינסטלעריש.

„סענדער בלאַנק“ אין דער סצענישער באַאַרבעטונג פון יעקב ראָטבאַום איז אַ קינסטלערישער אויפטו פון דעם כאַראַקטער, איז אַ פרווו — און אַ געלונגענער פרווו — אויסצוטאָן שלום־עליכמען דאָס קאָמיקער־מיצל, וואָס די בירגערלעכע וועלט האָט אים אָנגעטאָן, כדי אָפּצוטעמפּן די שאַרף פון זיין שניידנדיקער סאַטירע, ווי אויך צו באַפרייען אים פון דער רחמנות־ראָל אויף דעם גאַנצן כלל־ישראל, וואָס די זעלבע וועלט קליגלט זיך אים צוצוקלעפּן מיט דעם זעלבן ציל. יעקב ראָטבאַום באַמיט זיך אין „סענדער בלאַנק“, אָדער, ווי עס הייסט אין זיין באַאַרבעטונג, „די משפחה בלאַנק“, צו רעסטאַווירן, אין הסכם מיט דעם גייסט פון שלום־עליכמס שאַפונגען בכלל, דעם שלום־עליכם־געלעכטער אין זיין ריינסטער פאָלקסטימלעכער פאָרם, באַמיט זיך אים אומצוקערן זיין געזעלשאַפטלעך־אויפרייסערישן כאַראַקטער. שוין אין דעם אַליין באַשטייט ראָטבאַומס גרויסער פאַרדינסט אַלס אינסצעניזאַטאָר פון דער דאָזיקער דערציילונג, אָבער נישט בלויז אין דעם. יעקב ראָטבאַום האָט אויך באַוויזן אין גאַנג פון זיין באַאַרבעטונג צו צענטראַליזירן די אַקציע, קאָנצענטרירן די פאַבולע און פאַרגאַנצן די געשטאַלטן,

מאַכן זיי צילגעווענדטער, נישט אָנרירנדיק דערביי — מיטן אויסנאַם פון איינצלנע נישט באַדייטנדיקע פאַלן — קיין שום וועזנטלעכן עלעמענט פון דער כאַראַקטעריסטיק און צייכענונג, וועלכע זענען געגעבן די האַנדלונגען און געשטאַלטן דורך שלום-עליכמען.

פון די דאָזיקע אויסנאַמען איז צוממערסטן נישט געלונגען די מעטאַמאָרפאָזע פון מאַרקוסן, וועלכע ווערט פון אַ זייער כאַראַקטעריסטישער פאַר יענער צייט, הגם זייער שוואַך געצייכנטער געשטאַלט פון אַ משכיל, פאַרוואַנדלט אין ראָטבאַומס באַאַרבעטונג אין אַן אַמאַנט, וועלכער עקזיסטירט אויף דער סצענע בלויז אַדאַנק זיין ליבע. דערצו פירט נאָך די דאָזיקע ענדערונג צו דעם אַריינפירן אַ נייע געשטאַלט, ליזעטשקע גינגאָלד, וועלכע איז אַן און פאַר זיך גענוג חנוודיק, אָבער וועלכע איז אינגאַנצן נישט נייטיק. די זעלבע ענדערונג פאַראורזאַכט אויך אַ געוויסע אומנאַטירלעכע האַנדלונג פון רב זיאַמקען בעת זיין טרעפן זיך מיט סענדערן. אָבער אויף דעם פאָן פון דעם עכטן, אָפּגערייניקטן און גרויסאַרטיקן בילד, וואָס יעקב ראָטבאַום הייבט אַרויס אין זיין גרינטלעכער באַאַרבעטונג פון „סענדער בלאַנק“, מינערט נישט דער דאָזיקער בלויז אין תוך גענומען די עיקרדיקע באַדייטונג פון גאַנצן.

מאַכנדיק, ווי געזאָגט, געפרעסטער און צילגעווענדטער די געשטאַלטן, איינסדרנדיק די האַנדלונגען און קאָנצענטרירנדיק די אַקציע, האָט ראָטבאַום נישט בלויז אַרויסגעהויבן נאָך מער דעם קעגנזאַץ צווישן דעם אָנשטעל פון די ניי-אויפגעקומענע גבירים אַלס שטאָט-פאַרזאָרגער און בעלי-טובות און צווישן זייער געלט-גיריקייט, עגאָיזם און עם-הארצות, און נישט בלויז אונטערגעשטראָכן די באַציונג פון שלום-עליכמען צו זיי, נאָר אויך אָנגעוויזן אויף דעם נויטווענדיקן פראָצעס פון זייער ווייטערדיקער דעגענערירונג. דערפון איז אויך דאָס אַנעקדאָטיש-מעסיקע געוואָרן אַ סך פאַרטיפטער און שלאָגפערטיקער, פאַרוואַנדלדיק זיך אין אַ פאָלקסטימלעכער סאַטירע אויף דעם בורזשואַזן לעבנס-שטייגער בכלל.

די פיזישע קראַפט און פרעסערישער אַפעטיט פון ניי-אויפגעקומענעם סענדער בלאַנק זענען סימבאָליש פאַר זיין קלאַס אויף דעם עטאַפ. דער שפאַס מיט זיין פלוצעמדיקער קראַנקהייט — איז דער צייכן פון זיין אינערלעכער פוסטקייט און פחדנות. דער מאָגן איז זיין כוח, דער מאָגן איז זיין שוואַכקייט. דאָס פראָגרעסיווע פון די בלאַנקס פאַר יענער צייט איז זייער אַנטקעגנשטעלן זיך און חוזקבאַציונג צו די רב זיאַמקעס און אַלע „חברה-יידעלעך“, ווי צום דעם רעשט פון דער אַלטער וועלט פון פעאָדאַלע פאָרשטעלונגען און מנהגים, דאָס רעאַקציאָנערע, וואָס צייכנט זיך אָן שוין ביי זייער אויפקום — זייער געלט-גיריקייט און מאָראַלישער ציניזם, זייער פאַראַכטונג און שנאה צום אַרבעטנדיקן מענטש. אָבער אַנטקעגן דעם דאָזיקן נייעם אויפקומענדיקן קלאַס, וואָס זיין גאָט איז די גאָלדענע קאַלב און זיין מאָראַל דאָס רעכט צו האַנדלען מיט אַלץ, שטייען די פשוטע פאָלקס-

כיענטשן מיט זייער געזונטן שכל-הישר און נאַטירלעכן געפיל פאַר יושר, שטייען די פּרויקעס. זיי זענען עס די נעגאַציע פון די בלאַנקס שוין אין אָנהייב פון זייער אויפקום, דער אָנזאָג פון זייער אונטערגאַנג ביי זייער סאַמע געבורט. ביי דער גאַנצער נאַיווקייט און פּרימיטיווקייט פון די פּרויקעס אויף דעם דאָזיקן עטאַפּ שטייען זיי דאָך אומפאַרגלייכלעך העכער פון די בלאַנקס מיט זייערע משפּחות נישט בלויז מאָראַליש, דורך דעם פאַקט פון זייער ערלעכער פּראַצע, נאָר אויך גייסטיק. אַדאַנק זייער נאַטירלעכן פאָלקס-פאַרשטאַנד, זעען זיי אויסגעצייכנט נישט בלויז די גאווה און גיריקייט פון די בלאַנקס, די פּוסטקייט און מאָראַלישע געפאַלנקייט פון די אַסיפס, די עם-הארצות און צביעות פון די רעוועקאַס און זייער קעגנזייטיק באַשווינדלען זיך, נאָר אויך די קאָמישקייט פון די אַלע פערזאָגען, וועלכע באַשטייט אין זייער בלאָזן זיך און געמאַכטער חשיבות נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען אַליין רייך אָדער, וואָס זיי געהערן צו אַ רייכער משפּחה. עס האָבן זיך קעגנזייטיק פיינט די רב זיאמקעס און סענדער בלאַנקס, עס פאַרטראָגן זיך נישט די אָסיפס און די אַלע באַלעבאַטישע פּאַראַזיטן פון די פּאַרשידענע חברה-קדישאס, חברה-הכנסת-כלה, הכנסת-אורחים, עזרת-יתומים א. א., אָבער אַלע צוזאַמען דערגענצן זיך אויסגעצייכנט. פּרויקע דער משרת באַציט זיך מיט פאַראַכטונג צו דער גאַנצער באַנדע פאָלקס-פאַרפירער און פאָלקס-אונטערדריקער, ווייל ער זעט זיי אַלעמען דורך און דורך: זייער אינערלעכע אויסגעהוילטקייט, פאַלשקייט און בלוט-דורשטיקייט.

אַזוי אַרום איז אין דער „משפּחה בלאַנק" געגעבן אַ גלענצנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון אַ בורזשואַזער משפּחה אין דער ערשטער צייט פון איר אַנטשטיין, איר ענערגיש רייסן זיך פאָרויס צו באַזיץ און מאַכט און איר יונגע פּרעסערישע קראַפט, אָבער גלייכצייטיק אויך די ערשטע שטריכן, וועלכע וועלן זי דערפירן צום אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג. עס איז אויך געגעבן דאָ אַ כאַראַקטעריסטישע, אויב אַפילו נאָך אַ ביסל סכעמאַטישע, צייכענונג פון איר געשיכטלעכן יורש. דאָס אַלץ אויפן פאָן און דורך דעם געזונטן פאָלקסטימלעכן שלום-עליכם-געלעכטער, וועלכער פאַרקערפּערט אין דעם פאַל נישט בלויז די באַציונג פון געניאַלן פאָלקס-שרייבער צו דער באַהאַנדלטער סביבה, נאָר הייבט אַרויס דאָס גאַנצע פּראָבלעם אין דער ספערע פון עכטן פאָלקסטימלעכן אָפּטימיזם.

## „צוויי הונדערט טויזנט"

פון דעם גאַנצן שלל טיפּן און פאַרשוינען, וועלכע שלום-עליכם שילדערט אין זיינע ווערק, הייבן זיך אַרויס דריי סינטעטישע געשטאַלטן: מנחם-מענדל, טוביה דער מילכיקער און די שעפערישע פאָלקס-פּערזענלעכקייט, דער פאָלקס-קינסטלער, וועלכער האָט נישט קיין מעגלעכקייט אין די באַדינגונגען פון תחום-

המושב זיך צו אַנטוויקלען, און ער בלאָנדזשעט אַרום מיט אַ חלום און בענקשאַפט אין האַרץ נאָך אַ שענערער און פרייערער וועלט.

די דאָזיקע געשטאַלטן, ביי זייער גאַנצער אינדיווידואַליזירטער שילדערונג, שטעלן פאָר מיט זיך סאָציאַל=פאַראַלגעמיינערטע טיפּן, וואָס זייער אַרט דענקען און געמיט=צושטאַנד איז אַ רעזולטאַט און אָפּשפּיגלונג פון די לעבנס=באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די יידישע מאַסן פאַר יענע צייט.

מנחם מענדל מיט זיין נאַיווען גלויבן אין דער מעגלעכקייט רייך צו ווערן מיטאַמאָל, מיט זיינע קרענקלעכע משונהדיקע פאַנטאַזיעס און אומאויפהערלעכע שלימזלדיקע דורכפאַלן, איז נישט בלויז אַ פּראָדוקט פון שטייגנדיקן קאַפּיטאַליזם אין דער יידישער סביבה, פון זיין אַריינדרינגען אין יידישן שטעטל, נאָר אויך פון די אומנאָרמאַלע, שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע די מנחם=מענדלס האָבן דעמאָלט געלעבט.

אונטער דער לאַסט פון דאָפּלטער אונטערדריקונג, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער, האָבן דעמאָלט בלויז די איינציקע פּעפּערלעך ערשט דערזען דעם ריכטיקן וועג פון באַפרייונג. פיל פאָלקס=מענטשן האָבן זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט אין חלומות און ניסים, וועלכע זענען געווען פולשטענדיק אין גייסט פון אַלטן פאַטריאַרכאַלן לעבנס=שטייגער און אויך אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון נייעם בורזשואַזן סדר. דעסגלייכן האָט אויך טוביה מיט זיין גאַנצן געזונטן פאָלקס=פאַרשטאַנדיק און טיפן געפיל פאַר יושר, ווי דער סימבאָל פון אויפוואַכנדיקן יידישן האָרעפּאַשניק, אויפגעדעקט די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען פון דעמאָלטיקן יידישן לעבן. זיינע אומאויפהערלעכע חקירות און טראַכטענישן זענען אין תוך גענומען געווען אומאויפהערלעכע געראַנגלען מיט די צוימען, מיט וועלכע די אינערלעכע און אויסערלעכע וועלט האָט אַרומגעשטעלט דעם יידישן פאָלקס=מענטש. שוין אָפּגערעדט פון די סטעמפּעניוס, סאָלאָוויס און אַלע אַנדערע „בלאָנדזשענדיקע שטערן“, וועלכע האָבן זיך אַזוי געריסן פון געטאָ=קלעם, כדי צו געפינען אַן אויסדרוק פאַר זייערע שעפערישע כוחות.

די דאָזיקע סינטעטישע געשטאַלטן טרעטן אויף, ווי געזאָגט, אין אַ גאַנצער ריי פון שלום=עליכמס ווערק, ווי באַזונדערע פאַרגאַנצטע טיפּן, שאַפנדיק קינסטלערישע פאַראַלגעמיינערונגען, וועלכע שפּיגלען אָפּ צוליב זייער טיפן אינערלעכן אמת און כאַראַקטעריסטישער צייטמעסיקייט נישט בלויז די סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן אין דער יידישער סביבה, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער, הייבן אַרויס געמיינזאַמע שטריכן פאַרן יידישן און נישט=יידישן קליינבירגער, פאַרן יידישן און נישט=יידישן פאָלקס=מענטש.

אָבער אין פיל פאַלן ברענגט אַרויס שלום=עליכם מנחם=מענדלשע און טוביהשע מאָטיוון, ווי אויך געמיט=צושטאַנדן פון פאַרחלומטע הערצער, נישט באַזונדער, נאָר צוזאַמען, פאַרקערפּערט אין איין און דעם זעלבן העלד. די דעמאָלטיקע

יידישע ווירקלעכקייט מיט איר שווערן געראַנגל פֿאַרן טרוקן שטיקל ברויט, מיט אירע פֿיינפֿולע איבערלעבונגען און שייַנבאַרער אויסוועגלאָזיקייט און מיט איר פֿינצטערן מיטאַלטערלעכן לעבנס-שטייגער האָט געגעבן שטאָף פֿאַר טוביהשע ניכטערע, בונטאַרישע געדאַנקען, געשטויסן צו זוכן אַ רעטונג אין דער וועלט פֿון מנחם-מענדלשע חלומות און פֿאַנטאַזיעס און גלייכצייטיק געוועקט טיפֿע בענקשאַפֿטן צו אַ ליכטיקער און שענער לעבן. די קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג פֿון די דאָזיקע קעגנזעצלעכע עלעמענטן אין שלום-עליכמס שאַפֿן האָט געגעבן דעם אייגנאַרטיקן שלום-עליכמדיקן הומאָר, אין וועלכן דאָס קאָמישע און טראַגישע זענען אַזוי ענג געבונדן צווישן זיך, אַז אין דער ווירקלעכקייט שטעלן זיי מיט זיך פֿאַר איינס און דאָס זעלבע, נאָר געזען פֿון פֿאַרשידענע קוקווינקלען.

נאָר שלום-עליכם האָט נישט בלויז געשילדערט די דאָזיקע ווירקלעכקייט אין אירע סאַמע כאַראַקטעריסטישע שטריכן און פֿאָרמען, נישט בלויז אַרויסגעהויבן טיפּישע געשטאַלטן, נאָר אויך זיי געזעלשאַפֿטלעך אינטערפּרעטירט דורך זיין אַנדערשדיקער באַציונג צו די אָדער יענע דערשיינונגען און העלדן, דורך זיין פֿאַרשידנאַרטיקן אופֿן פֿון שילדערן זיי. דער פֿאָלקס-מענטש, דער מענטש פֿון פּראַצע, איז כּמעט שטענדיק אַרומגענומען ביי שלום-עליכמען מיט אַ וואַרעמער אַטמאָספֿער פֿון האַרציקער צוטרוילעכקייט, און אַפֿילו דאַן, ווען ער געפֿינט זיך אין א קאָמישער סיטואַציע, שטראַלט אויך אַרויס פֿון אים דאָס געפֿיל פֿון גוטער ערלעכקייט. און דאָס קאָמישע אין אים איז איינגעפּאַסט אין אַ טיף ליריש געמיט. דאַקעגן דעם אַלטן אָפּגעקומענעם מיוחס און נייעם אויפֿגעקומענעם גביר לאַכט שלום-עליכם אויס מיטן פֿולן מויל, אָן שום רחמנות, אויפֿדעקנדיק זיין גיריקייט, פּוסטע גאווה און פֿולשטענדיקן מאַנגל פֿון יעדן אינערלעכן מאָראַלישן געפֿיל.

דאָס פֿאַרקערפּערן שלום-עליכמען אויף דער סצענע, נישט האָבנדיק אין הינטערגרונט גלייכצייטיק די דאָזיקע צוויי עיקרדיקע מאָמענט פֿאַר זיין גאַנצן שאַפֿן, — דעם מאָמענט פֿון אינטימער באַהעפֿטונג פֿון דעם רעאַל-בונטאַרישן מיט דעם טרוימעריש-גלויביקן, און דעם מאָמענט פֿון זיין גרונטפֿאַרשידענער באַציונג צום פֿאָלקס-מענטש און צו זיינע באַדריקער — פּירט געוויינלעך צו פֿאַרפֿלאַכונג, צום אידעענלאָזן, שטייגערישן קאָמיזם אָדער ביליקן נאַטוראַליזם.

שוין אין דעם זין איז די אינסצעניזירונג פֿון שלום-עליכמס „200.000“ דורך יעקב ראָטבאַום ווירקלעך אַ „גרויס געווינס“. די הויפּט-ליניע איז פֿון סאַמע אָנהייב נישט געצייכנט אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג פֿון דאָגמאַטישער טרייַהייט צום „טויטן בוכשטאַב“, אויפֿן וועג פֿון בלויזע קאָמישע געשטאַלטן און סיטואַציעס, איינגעפּאַסטע אין אַ ראַם פֿון ביליקע סענטימענטן פֿאַר דעם „פּראָסטן פֿאָלק“, נאָר אין דער ריכטונג פֿון אַ מער שעפֿערישן, סינטעטישן באַנעם פֿון די שלום-עליכם-געשטאַלטן און פֿון דער גאַנצער שלום-עליכמדיקער אַטמאָספֿער. די דאָזיקע איינשטעלונג האָט געשאַפֿן די מעגלעכקייט פֿון גאָר אַנדערש רעאַלי-

זירן די הויפּט=העלדן, פון געבן זיי אויף אַ פּיל ברייטערער און טיפערער פלאַך פון שלום=עליכמס אַלגעמיינער קינסטלערישער וועלט=אָנשויונג, פון אַרויסהייבן פולשטענדיק אין זיין גייסט דאָס שיינע און איידעלע ביי דעם פאָלקס=מענטש און גלייכצייטיק אונטערשטרייכן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט די פּוסטע אָנגעבלאָזנקייט און האַרצלאָזיקייט פון יידישן גביר און זיין דעגענערירטער סביבה. דערפון האָט געוווּנען די אינסצעניזירונג נישט בלויז אידעיש, האָט אויך באַקומען אַן אינערלעך קינסטלערישע באַגרינדונג סיי אלס גאַנצעס, סיי יעדע געשטאַלט באַזונדער.

## „גאָלדפאַדען־חלום"

דורך דעם „גאָלדפאַדען=חלום" האָט יעקב ראָטבאַום, וועלכער איז דער אינצעניזאַטאָר און גלייכצייטיק אויך דער אויטאָר פון אייניקע טעקסטן פון דער דאָזיקער שיינער און אָריגינעלער פאָלקס=שפּיל, געוואָלט צואייגענען דעם יידישן צושויער דאָס פּראָבלעם פון ירושהדיקייט אויפן געביט פון טעאַטער אין אַ קאָנקרעטער טעאַטראַלער אָנקליידונג. צו דעם צוועק האָט ער אַרויסגעהויבן אין איין פּאַבולאַרער גאַנצקייט אַ ריי מוסטער=געשטאַלטן פון גאָלדפאַדען=רעפּערטואַר.

דער סיפור=המעשה איז מער ווייניקער אַזוי: דער אַלטער סופליאָר עוזר, וועלכער האָט נאָך מיטגעאַרבעט מיט גאָלדפאַדענען אַליין, לעבט אין געדאַנק נאָך אַלץ מיט די האַרציקע פאַרשוינגען און מיט דער שיינער טראַדיציע פון גאָלדפאַדען=טעאַטער. אָבער אין די אַמעריקאַנער באַדינגונגען, ווו אַלע גייסטיקע ווערטן ווערן אויסגעטוישט אויף דאָלאַרן, מוז אזא טראַדיציע באַטראַכט ווערן ווי בטלנות. און אַזוי באַטראַכט זי טאַקע מיסטער האָפּקע, דער דירעקטאָר פון טעאַטער, ביי וועלכן עוזר אַרבעט איצט. האָפּקע באַפעלט עוזרן אַרויסצושליידערן אַלע קליידער פון די גאָלדפאַדען=העלדן, וועלכע זענען ביי עוזרן ווי לעבעדיקע עדות פון אַ שיינער פאַרגאַנגענהייט. פאַר די האָפּקעס איז נאַציאָנאַלע ירושה אויף אַזוי פיל די ווערט, אויף וויפל זי ברענגט אַריין הכנסה. אין איצטיקן מאָמענט זענען נאַקעטע גירלס מער הכנסהדיק. פון פאַרצווייפלונג און ווייטיק כאַפּט עוזר אַ שטאַרקערן טרונק, דרימלט איין און עס חלומט זיך אים אַ גרויסער און שיינער חלום, אין וועלכן עס קומט אויף אַ גאַנצע ריי גאָלדפאַדען=געשטאַלטן. ווי געוויינלעך אין אַ חלום, ענדערן די דאָזיקע געשטאַלטן זייער אָפּט זייער אָרט, גייען פריי אַריבער פון איין פּיעסע אין דער צווייטער און אייניקע פון זיי ענדערן אַפילו זייער כאַראַקטער, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דער כשופמאַכערין. אָבער אין גאַנצן גענומען איז איינגעהאַלטן די גאָלדפאַדען=אַטמאָספער פון פאָלקסטימלעכער האַרציקייט און פּשטות.

פון אַלע טעקסטן, וועלכע ווערן אויסגענוצט דורך ראָטבאַומען אין דעם „גאָלדפאַדען=חלום", צייכנט זיך באַזונדערס אוים דער טעקסט פון מאַנגערס

„כשופמאַכערין“, וועלכער איז פול מיט אייגנאַרטיקער פּאָעטישער פאַנטאַסטיק, שלום=עליכמדיקן האַרציק=טרויעריקן הומאָר און טיפער קינסטלערישער פאַר־אַלגעמיינערונג. די מנחם=מענדלשע, טייל מאָל אויך טוביהשע האַצמאַכס זענען דער סינטעז פון דעקלאַסירטן יידישן מענטש אין יענער צייט מיט זיין שטענדיקער נויט און אייביקע לופט=פּרנסות, אָבער אויך מיט זיינע שטענדיקע חלומות און אייביקן בטחון. דאָס געלעכטער, וואָס זיי רופן אַרויס מיט זייער צעפּלאָנטערטן טומלדיקן גאַנג, וועלכער ווערט אַזוי אָפט געשטרויכלט, מישט זיך אויס מיט זייער בייסיקער זעלבסט=איראָניע, וועלכע קומט אויף פון אַ טיף=טרויעריק געמיט. דאָס זענען שלום=עליכמדיקע געשטאַלטן, וועלכע באַוועגן זיך צווישן חלום און וואָר. מאַנגער האָט די דאָזיקע געשטאַלטן אַריינגעפירט אין דער „כשופמאַכערין“, צוגעבנדיק זיי אַ מער פאַנטאַסטישן קאָלאָריט, גענומען פון זיין אייגענער מאַנגערישער וועלט.

אין זיין טעאַטראַלער רעאַליזירונג האָט דער „גאָלדפאַדען=חלום“ זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רייכן, פילפאַרביקן און פאָלקסטימלעכן ספּעקטאַקל, פול מיט שיינע סטיליזירטע יידישע טענץ און וווּנדערלעכע גאָלדפאַדען=מעלאָדיעס, צו וועלכע עס איז נאָך צוגעקומען די שיינע יידישלעכע מוזיק פון הענעך קאָן. די שעפערישע רעזשיסערישע איינפאַלערישקייט און פאַנטאַזיע פון יעקב ראָטבאַומען האָט די אין תוך גענומען נאַאיווע פאַבולע אויסגענוצט בלויז ווי אַ קאַנווע פאַר אַ פילקאָליריק פאָלקסטימלעך=גראָטעסק בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אָבער די עיקרדיקע אידעע פון „גאָלדפאַדען=חלום“, וועלכע דאַרף זיין דאָס פּראָבלעם פון ירושהדיקייט, איז נישט אומעטום ווי געהעריק אינטערפּרעטירט. וואָרעם עס גייט נישט אין דעם, אַז מע זאָל די פאַרשונדעוועטע און פאַרקויפּטע האָפּקע=טעאַטערס אַנטקעגנשטעלן די ירושה פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט אַלס גאַנצעס, אַזוי ווי זי גייט און שטייט. עס גייט גראָד אין דעם, אַז מע זאָל די דאָזיקע ירושה דיפערענצירן אינערלעך און באַווייזן, אַז די האָפּקעס נעמען פון איר דאָס סאַמע ערגסטע און צוריקגעשטאַנענע, אין דער צייט וועָן דאָס סאַמע ווערטפולע און פּראָגרעסיווע ווערט דאָס אייגנטום פון דער נייער סאָציאַליסטישער קולטור.

צי איז אין „גאָלדפאַדען=חלום“ אַזאַ אינערלעכע דיפערענצירונג לגבי אונדזער גאָלדפאַדען=ירושה סיי קינסטלעריש, סיי אידעאָלאָגיש געמאַכט געוואָרן? שוין די דעקלאַראַטיוו=פּאַטעטישע פאַרהערלעכונג פון גאָלדפאַדענען אַלס גאַנצן זאָגט עדות דערויף, אַז אַזאַ דיפערענצירונג איז נישט געמאַכט געוואָרן.

גאָלדפאַדען אַלס דראַמאַטורג האָט זיך געשטעלט קאָנקרעטע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן. ער האָט באַקעמפט די פינצטערניש און צביעות פון די פרומאַקעס און סטימולירט צו בילדונג און וויסן. די דאָזיקע משכילישע עלעמענטן אין גאָלדפאַדענס שאַפונג צוזאַמען מיט זיין וואַרעמער באַציונג צו דעם דראַנג פון פּשוטן פאָלקס=מענטש צו געזונטער און נאַטירלעכער אויסלעבונג זענען דער פּראָ־

גרעסיווער קערן פון זיינע ווערק, ספּעציעל אין ערשטן פּעריאָד פון זיין ליטעראַ=
רישער טעטיקייט. אָבער אין „גאָלדפאַדען=חלום“ ווערט אָפּט דער קאַמף קעגן
צבועקיש=פרומען אויפגעלייזט אין אַ נאַטוראַליסטישן גראָטעסק און קעגן אַבער=
גלויבעריש=פאַנאַטישן — אין א צווייפלהאפטער צוריקגעשטאַנענער ראָמאַנטיק.
דער טרויעריקער חלום פון ערשטן האָצמאַך, וועלכער עפנט אויף דאָס אויפגע=
צווונגענע לעבן פון יידישן לופט=מענטש אין יענער צייט, געבנדיק אַ דערשיטערנ=
דיק בילד פון מענטשלעכער טראַגיק, ווערט נישט דער גרונטיקער פאָן פון גאַנצן
ספּעקטאַקל מחמת אַ געווויסער עקלעקטישער און טיילווייז אויך נאַטוראַליסטישער
אויפפאַסונג פון פאָלקסטימלעכן עלעמענט, וועלכע איז אין אַלגעמיין אַזוי רייך
און פאַרביק פאַרטראָטן.

דאָך, ווי אַז ערשטער פרווו צו געבן אַ סינטעטישע פאַראַלגעמיינערטע, אויב
אַפילו עטוואָס אידעאַליזירטע, פאָרשטעלונג פון גאָלדפאַדען=טעאַטער אין זיין
אייגנטימלעכן קלימאַט און כאַראַקטעריסטישער אַטמאָספער, איז דער „גאָלד=
פאַדען=חלום“ ביי אַלע באַוואָרענישן זייער אינטערעסאַנט און באַלערנדיק, שוין
אָפּגערעדט פון זיינע סצענישע וואלאָרן און רייכע מעגלעכקייטן פאר דער אויס=
פורעמונג פון אַ גרויסער פילקאָליריקער פאָלקס=שפּיל.

# „אַמאָל איז געווען"

„צוויי וועגן, — זאָגט י. ל. פּרץ, — האָט דער מענטש:
דעם שפּאַציר־גאַנג און דעם טוריסטן־וועג!

באַקוועמלעך און אָנגענעם איז דער שפּאַציר־גאַנג; ביים ברעג פון זיס־שטיל מורמלדיק טייכל, אין שאָטן פון אַלייען, פון גלייך געשווירענע ביימלעך, אויף וויזן צווישן בלומען.

געפערלעך אין דער טוריסטן־וועג.

געטריבן פון אַ ברענענדיקער בענקשאַפט צו דער הייך, זוכט ער, דער טוריסט, זיין וועג צווישן פעלדזן און בערג־שפּיצן, אויף גלעטשער צווישן אָפּגרונטן" — — —

„איך וועל אייך רופן, — זאָגט י. ל. פּרץ, — צוריק צום טוריסטן־וועג אין דער הייך, איך וועל מיט אייך ריידן וועגן דיכטער, ביכער און לעזער פון דער הייך.."

אין גייסט פון אָט דעם רוף, האָבן יצחק טורקאָוו און נתן מייסלער געשאַפן זייער אָריגינעלע סצענישע קאָמפּאָזיציע לויט י. ל. פּרצן אונטער דעם נאָמען „אַמאָל איז געווען", וועלכע נעמט אַרום אין אַן עכט פּרצישער אַטמאָספער אַ גאַנצע ריי הויפּט־געשטאַלטן, גרונט־פּראָבלעמען און גרונט־טעמעס פון פּרצעס שאַפן אין איין פאַבולאַרער גאַנצקייט. די אויטאָרן האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש און פּיעטעט פאַר דעם וועזנטלעכן און כאַראַקטעריסטישן ביי פּרצן, פאַר דעם, וואָס האָט אין פּרצעס קלוגן און קאָנדענסירטן וואָרט געהערט צום היינט און צום מאָרגן און נישט צום נעכטן. זיי זענען טראָט ביי טראָט נאָכגעגאַנגען דעם „שטאָלצן מאַן" אויף זיינע וואַנדערונגען צווישן „הויכע בערג, צווישן אָדער־נעסטן, רואינען פון אַלטע שלעסער" און דיסקרעט זיך פאַרהאַלטן יעדעס מאָל אויף דעם אָרט, ווו דער דאָזיקער „שטאָלצער מאַן", פאַרלאָקט פון די „פאַרבענקטע זיפצן פון דער נאַכט", לאָזט זיך אַראָפּ פון שטייניקן טוריסטן־וועג, פון גאָלן באַרג, פון אָפּגרונטן, וואָס עטעמען מיט שרעק, וואַנזין און פאַרצווייפלונג, אין טאָל פון דער נאַכט, צום שווימענדיק־רווישנדיקן שפּאַציר־גאַנג, וואָס פירט

אויף וועגן אויסגעטראָטענע פון דורות דורך טאַטעס און זיידעס, דורך אַלע די, וואָס היטן זייער אַלטן איינגעשטעלטן סדר און ציטערן פאַר יעדער נייעס, פאַר יעדע ענדערונג.

פאַר זייער קאָמפּאָזיציע, וועלכע איז געבויט אויף פרצעס אויטענטיש וואָרט, אויף זיינע אויטענטישע אידעען און געשטאַלטן, האָבן די מחברים גענומען אויסשליסלעך דאָס גרויסע, דאָס אומפאַרגעגלעכע, די מאָמענטן, ווו פרצעס קלאָרער געדאַנק זעט צוגלייך מיט דער פיין און מיט די ליידן פון פאָלק אויך די שפּיצן פון באַרג, די לויטערע שיין פון מאָרגנדיקן טאָג, דאָס בילד פון דער צוקונפט, און זיין שטורעמדיק האַרץ פילט אויס די דאָזיקע זעונג מיט ליידנשאַפטלעכן באַגער, מיט הייסער געוואַגטקייט, מיט דעצידירטן גלויבן, און נישט די רגעס, ווען, געצויגן פון דער פאַרגאַנגענהייט מיט אַלע אירע פיינפולע און פינצטערע איבערלעבונגען, מיט אַלע אירע פאַרגליווערטע געוווינהייטן און מנהגים, עס וואַקסט אַז אין זיין געמיט א נעפּל און אומרו, און זיין וואָרט ווערט טונקל, וואַקלנדיק און סקעפּטיש.

שוין ביים סאַמע אָנהייב פלאַטערט אויף דאָס פאַרבענקטע און פאַרחלומטע ליד פון פאַרקלעמטער און דאָך האָפנונגספולער יוגנט, דאָס ליד פון יונגע הערצער, וועלכע זענען אַזוי זשעדנע נאָך א ביסל גליק, און עס נעמט אַרום מיט א מילדער, נאָר אומעטיקער שיין די שאַרפע קאָנטראַסטן פון פאַרשידענע מענטשלעכע לעבנס, וואָס שיילן זיך אויס פון די באַזונדערע ווינקעלעך אין דער נאַכטיקער קעלער-שטוב. אין יעדן ווינקעלע זענען פאַראַן די סימנים פון א טיפער מענטשלעכער טראַגעדיע, וואָס וואַקסן אָן און אַנטוויקלען זיך אין גאַנג פון דער אַקציע צו א מעכטיקן באַשולדיקונגס-אַקט קעגן דער דעמאָלטיקער אָרדענונג. אין דעם דאָזיקן באַשולדיקונגס-אַקט פילט זיך נישט קיין שום בכיוונדיקע טענדענץ, קיין שום אָנשטעל פון פאָרויס. ער קומט פון זיך אַליין, פון דעם נויטווענדיקן גאַנג פון די געשעענישן, פון די באַדינגונגען פון דעמאָלטיקן לעבן, וואָס רייסט אויף, פון איין זייט, די שטרענגע פון דורות איינגעשטעלטע וועלט-אָנשויונג פון גרונען, צעשטערט אכזריותדיק די איידעלע ליבע פון לאהן מיט יאָסלען, שענדט די הייליקסטע געפילן פון חנה-רויזען, און, פון דער צווייטער זייט, העלפט עס צו די רב שמריהס אויסצוזויגן דעם לעצטן טראָפּן בלוט פון אַרבעטנדיקן מענטשן.

דער פאַרדינסט פון די אויטאָרן איז אַזוי אַרום א דאָפּלטער. ער קומט צום אויסדרוק אין דער גוטער און ריכטיקער פאַרשטענדעניש פאַר דעם עיקרדיקן אין פרצעס שאַפן ביי דעם אויסוואַל פון די טעקסטן, ווי אויך אין גוט דורכגעטראַכטן און עכט איבערגעלעבטן פאַבולאַרן געבוי, וועלכער פירט אַרויס די אַלע פריי-געשטאַלטן מיט זייערע איבערלעבונגען און האַנדלונגען אין דער נאַטירלעכסטער פאַרבינדונג צווישן זיך און אין זייער נויטווענדיקן בהדרגהדיקן וווקס. דאָס גיט אין רעזולטאַט א רעאַל און פאַרגאַנצט בילד פון דעמאָלטיקן לעבן,

ארומגענומען פון יענער ספּעציפֿישער פּרצישער אַטמאָספֿער, וועלכע איז פֿול מיט אינערלעכן אומרו פֿון נייע אַנוואַקסנדיקע שטימונגען, ווי פֿאַרטאָגיקע טונקל־קייט מיט אנונגען פֿון א נײַ אויפֿגייענדיק ליכט.

דער דאָזיקער אויפֿרודערנדיקער הייסער אומרו, וועלכער איז אַזוי כאַראַק־טעריסטיש פֿאַר פּרצן, סיי אַלס שרייבער, סיי אַלס פּערזענלעכקייט, און וועלכער איז אויך אזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם גאַנצן לעבן פֿון יענער צייַט, שלאָגט ארויס, ווי א לעבעדיקער קוואַל, פֿון הינטער אלע געשעענישן, סיטואַציעס און געשטאַלטן און מאַכט זיי אונדז ביז גאָר נאָענט און אינטים.

מיר פֿילן אים אין דער ערשטער סצענע, ווי א פֿאַרבאָרגענעם ציטער אין דער ענגער און טונקעלער קעלער־שטוב, אין די צעפּלאַטערטע רייד פֿון דער האַר־ציקער באַיוועער נחמהן, אין דעם שטילן פֿריידיקן סוד פֿון חנה־רויזען, אין דעם ליכטיקן ווינקעלע פֿון לאה מיט יאָסלען, וואָס איז פֿול מיט פּאָעזיע און גליק, ווי אויך אין די מוטערלעך־קלוגע רייד פֿון דער מיושבדיקער און באַדאַכטער גרונען, וועלכע זענען דורכגעדרונגען מיט זאָרג און אומקלאָרן פֿאָרגעפֿיל. עס שטרייכט אים נאָך מער אונטער די וואָכעדיקע און פּעטע פּראָזע פֿון פֿריידען דער מאַרק־הענדלערין.

אין דער צווייטער סצענע נעמט דער דאָזיקער אומרו אָן שוין א פֿיל מער קאָנקרעטע פֿאָרם. אין דער ענגער לופֿט פֿון בוידעם־שטיבל, וווּ עס געפֿינט זיך דער ביי־וואַרשטאַט, האָט זיך אַריינגעריסן אַ פֿרישער שטראָם פֿון־דרויסן, פֿון גאַס. די יונגע הערצער זענען אויפֿגערודערט, זיי דערוואַרטן עפּעס נייַס, אַנדער־שדיקס. אָבער זיי ווייסן שוין, וואָס זיי ווילן, וואָס זיי דערוואַרטן. עס ווייסט עס דוד דער צושניידער, עס ווייסט עס אויך רחלע „לוסטיק לעבן“ און אלע אי־בעריקע. דער „עס איז פֿרילינג אין דרויסן“, וואָס זיינגוול דער שדכן פֿאַרוואַרפֿט אַלעמאָל אזוי כיטרע אין דער טונקלקייט פֿון גרונעס קעלער־שטוב, ווי א יצר־הרע־ווערעמל, כדי צו פֿאַנגען אין זיין נעץ די פֿאַרהאָרעוועטע שיינע חנה־רויזע פֿאַר דעם אלטן רייכן תבואה־סוחר שמריהו, — דער דאָזיקער „עס איז פֿרילינג אין דרויסן“, פֿילט זיך דאָ אַרויס פֿון יעדער באַוועגונג, פֿון יעדן וואָרט און פֿון יעדן ליד פֿון די יונגע בחורים און מיידלעך.

דאָס זענען צוויי באַזונדערע אַרטן אומרו, וועלכע שאַפֿן דעם הינטערגרונט פֿון פֿארשידענע און אָפֿטמאָל אפילו קעגנזעצלעכע געמיט־צושטאַנדן און איינ־שטעלונגען ביי פּרצן. דער אומרו פֿון בונט און שטומען פּראָטעסט, וועלכער פֿלא־קערט אויף אומגעריכט און לעשט זיך אויך אויס אומגעריכט מחמת מאַנגל אין פּערספּעקטיוו און קלאָרן וויסן, ווי דאָס געשעט ביי יאָסלען, ביי חנה־רויזען, און דער אומרו פֿון צילגעווענדטן פּראָטעסט, וועלכער וואַקסט אָן אַלץ שטאַרקער און טראָגט אין זיך גלייכצייטיק דעם ליכטיקן גלויבן פֿון זיג און די פֿריידיקע

האָפענונג פון שענערע טעג. אזא איז דער פּראָטעסט פון גבריאלן, פון דורן און אלע איבעריקע, וואָס שטייען צו צו זיי.

די דאָזיקע צוויי באַזונדערע אַרטן פון פּראָטעסט, וועלכע געפינען זייער פאַרקערפּערונג אין פּרצעס שאַפונגען אין פאַרשידענע סיטואַציעס און גע־שטאַלטן, זענען נישט בלויז קיין סוביעקטיווע אָפּשפּיגלונג פון פּרצעס אינער־לעכער צעשפּאָלטנקייט, נאָר דריקן אויס מיט זיך דעם רעאַגיר־אופן קעגן דעם פינצטערן און שווערן לעבן פון יענער צייט דורך פאַרשידענע שיכטן אָדער אַפילו דורך פאַרשידענע גרופּן אין דעם זעלבן שיכט, אָפּהענגיק פון דעם גראד פון זייער באַוווסטזיין, פון זייער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער דערציונג און דאָס־גלייכן.

אין גאנג פון דער אקציע, אזוי ווי עס האָבן זי אויסגעבויט די מחברים פון דער פּרין־קאָמפּאָזיציע אין טיפער פאַרשטענדעניש פאַר דעם גייסט פון פּרצעס שאַפונגען און פון פּרצעס עיקרדיקער פּערזענלעכער איינשטעלונג אין דער צייט פון זיין העכסטן שעפערישן אויפבלי, — קומען זיך צונויף די דאָזיקע צוויי ליניעס אין א געוויסער מאָס אין בערל כאַנטשעס. די דאָזיקע געשטאַלט, וועלכע איז ערשטקלאַסיק אינדיווידואַליזירט און פּסיכאָלאָגיש ריכטיק אַוועקגעשטעלט סיי לויט אירע אינערלעכע האַנדלונגען, סיי לויט איר אויסערלעכער צייכענונג, איז א פאַראַלגעמיינערטע פאַרקערפּערונג פון דעם פּראָטעסט און פון דער שנאה פון פּראָסטן ליידיקגדיקן מענטש צו זיינע אונטערדריקער, פון זיין געפיל פאַר יושר, מענטשלעכער גוטסקייט און ערלעכקייט, ווי אויך פון זיין חלום וועגן ליכ־טיקערע גערעכטערע צייטן.

בערל כאַנטשעס, אַזוי ווי מ י ר זעען אים און נישט ווי עס זעען אים די אָר־טיקע שמריהס, איז אַ סימבאָל פון יידישן אונטערדריקטן פאָלקס־מענטש, וואָס זיינע ליידן און זיין לעבנס־דערפאַרונג האָבן אים אויסגעלערנט צו דערזען אין זיין גורל דעם גורל פון א סך ענלעכע צו אים. דער דאָזיקער באַוווסטזיין פון קאָלעקטיווער גורל־געמיינזאַמקייט, זאָל זיין דערווייל נאָך אויף דעם פּרימיטיוון אופן פון א בערל כאַנטשעס, העלפט צו דעם פאָלקס־מענטש קלאָרער און דייט־לעכער צו דערזען, אויב נישט נאָך די סיבה, איז יעדנפאַלס די טרעגער פון אונ־טערדריקונג און קנעכטשאַפט, ווי אויך דעם וועג צו רעטונג. אוודאי ווארט נאָך בערל כאַנטשעס אויף א בת־קול, אויף א קראַפט פון דרויסן, וועלכע זאָל אים לערנען ווי אזוי אָנצוהייבן דעם קאַמף מיט די שמריהס, אָבער דער ווילן פון קאַמף איז אין אים שוין פאַראַן, און עס איז אין אים אויך שוין פאַראַן דער פאָרגע־פיל, ווו די דאָזיקע קראַפט געפינט זיך. דעריבער הערט ער די שטים פון גבריאלן ווי די שטים פון מלכות, און אין דער רויטער פאָן זעט ער דעם צייכן פון אויס־לייזונג. בערל כאַנטשעס איז אַ בילדלעכער אויסדרוק פון דעם אינטואיטיוון באַהעפט פון דער נאָך נישט באַוווסטזיניקער, נישט דערצויגענער, נאָר אינער־

לער צעשטורעמטער און אויפגערודערטער אָרעמער פאָלקס־מאַסע מיט דעם אַרבעטער־קלאַס. זיין אומבאַוווּסטזיניקע, נאָר עקשנותדיקע סימפּאַטיע צו גבֿרי־אלן, צו דורן און צו אַלע איבעריקע, וואָס גייען מיט זיי, איז די סימפּאַטיע פון פאָלק, וועלכע גיט נישט בלויז די גאַראַנטיע פון זיג פון דער אָנגרייפנדיקער רע־וואָלוציע, נאָר זאָגט אויך עדות וועגן איר פאָלקישן און נאַציאָנאַלן כאַראַק־טער. זיינע געוואַגטע אומדערשראָקענע רייד קעגן די שמריהס און שענקערס, וואָס „צעגיסן זיך ווי א ראַשטשיגע איבער דעם גאַנצן שטעטל", קעגן די פרומע גבאים און צבֿועקעס, רייד, וועלכע קלינגען אַזוי משונהדיק און דער עיקר נישט אָנגענעם אין די אויערן פון די שמריהס, אַנטשפּרעכן אין תוך די טיפסטע גע־פילן פון דער שטעטלדיקער אָרעמקייט און זענען פולשטענדיק אין גייסט פון עכטן פּרצישן הומאַניזם, פון פּרצעס פאַרשטעלונג וועגן פאָלק און פון זיין ווירק־לעכן אופן פון טראַכטן.

אוודאי קאָן ווער קומען און זאָגן: אזא בערל כאַנטשע איז ביי פּרצן גאָר־נישט פאַראַן, פונקט ווי אייניקע אנדערע געשטאַלטן פון דער קאָמפּאָזיציע זענען איינגאַנצן נישט אַזוי, ווי ביי פּרצן. אָבער דאָס וואָלט געווען דער סאַמע אויס־בערפלעכלעכסטער צוגאַנג צו דער פּרץ־ירושה. די געשטאַלט פון בערל כאַנ־טשעס, פונקט ווי אייניקע אנדערע, קומען אויף נישט פון איינצלנע באַזונדערע פּרץ־נאָוועלן, נאָר וואַקסן ארויס שטופנווייז פון צענדליקער פּרצעס שאַפונגען, וועלכע דערגענצן זיך קעגנזייטיק. די דאָזיקע געשטאַלטן, קאָמפּאָנירט פון פּראַג־מענטאַרישע צייכענונגען, כאַראַקטעריסטישע פּרטים און אָפּגעריסענע געדאַנקען, וועלכע זענען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע ווערק פון פּרצן, לעבן אויף אין דער סצענישער קאָמפּאָזיציע מיט א פול לעבן, בלייבנדיק פולשטענדיק פּרציש מיט זייער שטענדיק הייסן אומרו און בלאָנדזשעניש, מיט זייער עקשנותדיקן אינער־לעכן דראַנג צו שלימות און גערעכטיקייט און אויסערלעכער אומבאַהאָלפנקייט, מיט דער גאַנצקייט פון זייער געדאַנק און האַלבקייט פון זייער טאַט.

פּרצעס נאָוועלן, דראַמען, פּאָעמעס און פּובליציסטישע שאַפונגען זענען איינצלנע קאַפּיטלען פון א גרויס און אומרואיק לעבן, וואָס איז שוין דעמלט, פון איין זייט — פון דער זייט פון די באַזיצנדיקע קלאַסן — געווען דורכגעפרעסן פון צבֿיעות, פון שימל, פון געלט־ און מאַכט־גיריקייט, און פון דער צווייטער — פון דער זייט פון דער פאַרפאָלגטער און אונטערדריקטער פאָלקס־מאַסע — אינערלעך אויפגעלויכטן פון נייע האָפענונגען, פון נייע שטרעבונגען, פון איידעלע מענטשלעכע קאַמפן פאר א בעסערער און שענערער וועלט.

די מחברים האָבן קאָנסעקווענט דורכגעפירט די פּרצישע העלדן איבער די באַדינגלעכע גרענעצן צווישן איין שאַפונג און דער צווייטער און ריכטיק אָנגעבונדן די האַנדלונגען צו זייער נויטווענדיקן המשך.

צי האָט דאָס ליכטיקע און גליקלעכע ווינקעלע פון יאָסלען מיט לאהן פון „קעלער־שטוב“ זיך נישט אויפגעלייזט ביי פּרצן גופא אין פאַרשידענע אַנדערע נאָוועלן אין זיין נויטווענדיקן טראַגישן סוף? צי האָט פּרץ אליין נישט אויפגעבונדן די מיילער פון די גרונעס און נחמהס קעגן דער גאַנצער וועלט פון פאַלשער פרומקייט, אונטערדריקונג און רויב? צי האָט ער אליין אין זייער פיל פון זיינע קינסטלערישע און פובליציסטישע שאַפונגען נישט פאַרגעזעצט מיט היץ און שטורעם די רייד פון גבריאלס און הודס קעגן דער אָרדענונג פון די שמריהס?

די אויטאָרן פון דער פּרץ־קאָמפּאָזיציע האָבן ריכטיק דערזען פּרצן אין זיין סינטעטישער גרויס, און אויסמיידנדיק דאָס צופעליקע, די אָנוווקסן פון צייטיקע, מאָמענטאַלע באַווירקונגען, אָפּגעקליבן דאָס עיקרדיקע, דאָס אייגנטימלעך־פּרצישע, דאָס באַנייערישע, וואָס איז פאַרבונדן מיטן יונגן און אויפקומענדיקן.

אין דעם באַשטייט דער אידעאָלאָגישער און קינסטלערישער אמת פון דער דאָזיקער קאָמפּאָזיציע, אין דעם באַשטייט איר ערלעכקייט אין זין פון באַציונג צו פּרצן און במילא אויך צו דער ווירקלעכקייט, וועלכע פּרץ האָט געשילדערט, אין דעם באַשטייט איר פּראָגרעסיווער ווערט.

נאַטירלעך און אָן שום געקינסטלקייט טוען אויס די מחברים פּרצן פון די מיסטישע נעפּלען, אין וועלכע די יידישע רעאַקציע באַמיט זיך איינצוהילן זיין ליכטיקע געשטאַלט, כדי זי אויסצונוצן פאַר אירע טונקעלע צילן פון מענטשלעכער פאַרקנעכטשאַפט, אַרויסהייבנדיק אים אין זיין אמתדיקער שיין, ווי אַן עכטן פריינד פון אַרבעטנדיקן מענטשן און פאַרביסענעם שונא פון זיינע אונטערדריקער, ווי א טיף גלויביקן אין זיג פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער גערעכטיקייט און אין דער פריינדשאַפט צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאָלק און פאָלק.

דערגרייכנדיק דאָס, האָבן די אויטאָרן דערגרייכט צום אמתן פּרץ און צו דעם אמתן זין פון זיינע שאַפונגען.

# „יוליוס און עטל" פון לעאָן קרוטשקאָווסקי

ווער האָט עס געגעבן אַזאַ איבערמענטשלעכע קראַפט די פּשוטע מענטשן יוליוס און עטל איבערצוטראָגן דעם־שווערסטן נסיון, וואָס קאָן נאָר ווען־עס־איז טרעפן אַ מענטשן, דעם נסיון פון פרייוויליקן אויסוואַל צווישן לעבן און טויט?

אויפן וועג פון דאָזיקן אויסוואַל האָט זיך געפונען א גרויסע און איידעלע ליבע, וואָס איר דערהויבן געזאַנג האָט דורכגעדרונגען די דיקע ווענט פון טויטן-הויז, אַן אומגעהייער־טיפע מוטערלעכע און פאָטערלעכע בענקשאַפט צו צוויי ליבע קינדער, אַן אומגעשטילטער דורשט נאָך לעבן פון צוויי יונגע הייסע הערצער. און דאָך האָבן זיי דעם דאָזיקן אויסוואַל געמאכט, און דאָס נישט אין רעזולטאַט פון א וועלכן ס'איז שנעלן און צופעליקן באשלוס, נאָר דורך לאַנגע וואָכן און חדשים פון ווייטיקלעכע באטראכטונגען און שווערע איבערלעבונגען.

דאָס לעבן פון די דאָזיקע צוויי פּשוטע מענטשן האָט קיינעם נישט באַדראָט. ווי מיליאָנען פּשוטע פאָלקס־מענטשן ענלעכע צו זיי, האָבן זיי געחלומט וועגן א פרידלעך לעבן פאַר זיך און פאַר זייערע קינדער, וועגן פריינדשאַפט פון זייער אַמעריקאַנער פאָלק מיט אַנדערע פרידלעכע פעלקער, וועגן שלום. אָבער צי קאָן נאָך זיין א מער דראָענדיק וואָרט פאַר די גענגסטער פון וואָל־סטריט? שלום איז פאַר זיי ווי לופט פאַר געווויסע באַקצילן, — עס גראָבט אונטער זייער עצם עקזיסטענץ.

דאָס האָבן די ראָזענבערגס באַנומען דורך זייער אייגענער פּיין און פאַרשטאַנען, אַז וואָס גרעסער זייער אומשולד, אַלץ גרעסער די געפאַר, ווייל נישט אין זיי גייט עס דעם הייפל מלחמה־אונטערצינדער, נאָר אין די מיליאָנען, וועלכע וואגן צו חלומען וועגן דעם זעלבן אזוי ווי זיי, זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס גייט אין דער זיכערקייט און צוקונפט פון גאַנצן אמעריקאַנישן פאָלק, פון דער גאַנצער מענטשהייט.

וועגן דעם האָט יוליוס געשריבן צו עטלען דעם 11־טן נאָוועמבער 1951: „לייענענדיק די וואָך אין „גאַרדיען" די בריוו פון די לייענער צום אַרויסגעבער, האָב איך זיך געפילט גאָר שעמעוודיק אין אָנבליק פון די אַלע באַנוצטע סופּערלאַ-

טיוון. כ'מיין, אַז אין דער אמתן זענען מיר דאָך גאָר פּשוטע מענטשן, וואָס זענען איינגאַנצן ענלעך צו אָט די שרייבער פון די בריוו און צו טויזנטער אַנדערע מיט־בירגער. אין אונדזער ענין זענען זיי זיך גופא און זיי פאַרשטייען, אַז אויך זיי זענען באַדראָט דורך אַ קאַטאַסטראָפע פון זעלבן מין".

דעם דאָזיקן וויכטיקסטן מאָמענט האָט לעאָן קרושקאָווסקי גענומען ווי דעם יסוד פאַר דער צייכענונג פון די הויפּט־געשטאַלטן יוליוס און עטל אין זיין גוט קאָנסטרואירטער און מענטשלעך־דערהויבענער פּיעסע, אין וועלכער ער פּאַסט איין אויף אַ מייסטערישן אופן די גאַנצע טראַגישע געשעעניש פון די ראָזענבערגס מיט אַלע אירע הינטערקוליסן און דעם קורצן אָפּשניט פון די לעצטע זעקס שעה פון זייער לעבן.

נישט געקוקט אויף דער צייטלעכער באַגרענעצונג, ברענגט אַרויס קרושקאָווסקי ביז גאָר בולט די אַנטוויקלונג פון די פּסיכישע איבערלעבונגען פון יוליוסן און עטלען, זייערע אינערלעכע געראַנגלען מיט דער נאַטירלעכער מענטשלעכער שרעק, מיט דער אַלעמאָל אָנפלייצנדיקער ליבע צו זייערע קינדער, וואָס דעם וווקס פון זייער מאָראַלישן ווידערשטאַנד, פון דעם באַוווסטזיין פון זייער גרויסער אחריות לגבי זייער פאָטערלאַנד, לגבי אַלע שלום־ליבנדיקע מענטשן.

„די שווערע סכנה, וועלכע באַדראָט אונדז — שרייבט יוליוס צו עטלען דעם 31־טן מאַי 1953 — פאַרלאַנגט פון אונדז אָנצווועגדן אַלע כוחות, כדי אויסצו־מיידן סיי דעם נערוון־קריזיס, סיי די העלדישע פּאָזע. רואיק און זעלבסטבאַהערשט דאַרפן מיר אויפנעמען דעם סאַמע שווערסטן פון אַלע אונדזערע נסיונות".

דאָס געפיל פון נאָענטער קרובהשאַפט און גורל־געמיינזאַמקייט מיט אַלע פּשוטע מענטשן פון זייער לאַנד, דער באַוווסטזיין פון דעם אַלגעמיינעם באַדייט פון זייער ענין, זענען אָן שום ספק טאַקע געווען דער עיקרדיקסטער קוואַל פון זייער מוט און אויסדויער, פון זייער גייסטיקער פעסטקייט און דערהויבנקייט קעגנאיבער דער גאַנצער נעץ פון נידערטרעכטיקע רכילותן און ליגנס. אָבער אויסער דעם, קומען אויף אין די בריוו צווישן יוליוסן און עטלען אַ גאַנצע ריי מאָמענטן, וועלכע ווייזן די דאָזיקע צוויי פאָלקס־מענטשן אין דער ספערע פון זייער אינטימסטער געפילס־וועלט, ווען זיי טראָגן זיך אַריבער אין זייערע זכרונות אין קרייז פון זייער פאַמיליע, דערמאָנען זיך אין דעם שווערן וועג פון זייער אייגן לעבן, אין דעם קאַמף פאַר אַ שטיקל ברויט, וועלכן עס האָט נאָך געפירט יוליוסעס טאַטע, דער אָרעמער יידישער שניידער פון איסט־סאַיד, בינדן אָן אַזוי נאַטירלעך און פאָלקסטימלעך אין די פאַרגעשריטענע יידישע טראַדיציעס און מנהגים, אין די שיינע יידישע מעלאָדיעס, וועגן וועלכע עטל שרייבט: „די דראַמאַטישע קראַפט און די שיינקייט פון די געזאַנגען, וואָס דריקן אויס דעם געוואַלדיקן שאַפונגס־כוח פון יידישן פאָלק און זיין פעיקייט צו קעמפן פאַר דער פרייהייט, האָבן מיר אָנגעפילט מיט פרייד און שטאָלץ".

דאָס אַלץ קומט אויף ביי זיי אַזוי נאַטירלעך, אַזוי צוגעפּאַסט צו זייער גאַנ־צער האַלטונג פון פּשוטע פאָלקס־מענטשן און אַזוי אין כאַראַקטער פון פּשוטע פאָלקס־מענטשן, אַז עס שטעלט נישט פאַר מיט זיך עפּעס קיין שום באַזונדער עלעמענט אין זייער אַלגעמיינעם וועלט־באַנעם, נאָר אַז אָרגאַנישע וועזנטלעכע טייל פון זייער לעבן.

וועגן דעם שרייבט יוליוס צו עטלען אין זיין בריוו פון 10־טן אַפּריל 1951: „ס'איז זייער שווער פאַר נישט אינפאָרמירטע מענטשן — — — צו פאַרשטיין אונדזער כוח. אונדזער דערציונג, די טיפע ווערטן פון אונדזערע לעבנס, באַזירט אויף אַ רעאַלער פאַרשמעלצונג פון אונדזער אַמעריקאַנער ירושה מיט אונדזער יידישער ירושה, וועלכע באַדייטן פאַר אונדז פרייהייט, קולטור און מענטשלעכע ווירדע, האָבן געמאַכט פון אונדז דאָס, וואָס מיר זענען".

די דאָזיקע „רעאַלע פאַרשמעלצונג" איז נאָך איין אויסבליק אויף דעם קוואַל פון זייער איבער־מענטשלעכן מוט, אָבער אין אַ געוויסער הינזיכט אַ ביז גאָר וויכ־טיקער אויסבליק. כ'מיין אין דער הינזיכט פון דערזען נישט בלויז זייערע אַלגע־מיין־מענטשלעכע איבערצייגונגען, נאָר אויך זייער אוממיטלבאַרן קאָנקרעטן לעבנס־געפיל.

אין זיין איידעלער וויזיע ביים איבערלעבן די געשיכטע פון יוליוס און עטל האָט לעאָן קרושקאָווסקי דערזען אין די ראָזענבערגס נאָר דאָס אַלגעמיין־מענטש־לעכע, דאָס, וואָס פאַרבינדט זיי מיט מיליאָנען ענלעכע צו זיי אין גרויסן קאַמף פאַר דער זיכערקייט און ווירדיקייט פון מענטש.

אַזאַ איז דער אינהאַלט פון דער פּיעסע „יוליוס און עטל" און אַזעלכע זענען אירע הויפּט־העלדן. זיי שטעלן אונדז פאָר די איבערלעבונגען פון צוויי מענטשן פאַרן טויט ווי אַ פּראָצעס פון כסדרדיקן שטייגן צו אַן אַלץ קלאָרערער באַזיניקונג פון זייער אויסגעוויילטן וועג. דאָס פאַרוואַנדלט זייער טויט אין דעם זיג פון זייער גרויסער אידעע פון שלום איבער דער טייוולאָנישער באַנדע פון דעגענערירטע פאַר־ברעכער, וועלכע האָבן זיי דערמאָרדעט אין שרעק פאַרן אמת.

וואָס איז שייך דער דאָזיקער באַנדע, האָט זי לעאָן קרושקאָווסקי אַרויסגע־בראַכט זייער דיפערענצירט דורך פאַרשידענע געשטאַלטן, אָבער נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער פאַרשידנאַרטיקייט, אַנטפּלעקן זיי פאַר אונדז דעם זעלבן מאָ־ראַלישן אינהאַלט: ציניזם פון היטלערישן שניט, פּחדנות און פּראַאם, כאָטש דער דאָזיקער אינהאַלט נעמט אָן ביי יעדן איינעם פון זיי אַן אנדער פאָרם. דייוויד גרינגלאַס איז נישט בלויז דאָס געצייג פון דער דאָזיקער געמער געזעלשאַפט, נאָר אויך איר קאַריקאַטור.

עס איז אָן שום ספק פאַראַן געוואַגטקייט און דעם פּרווו אַרויסצופירן אויף דער בינע אַזאַ לעגענדע וועגן זיג פון מענטשלעכער ליבע איבער געוואַלד, וועלכע גייט נאָך אַרום צווישן אונדז אַזוי לעבעדיק און פּריש, אַזוי נאָענט און ענלעך

צו צוויי וואָרהאפטע געשטאַלטן. פארן צושויער איז דער אָריגינאַל נישט בלויז דער טעקסט פון אויטאָר, נאָר אויך די רעאלע ווירקלעכקייט מיט אירע קאָנקרעטע העלדן, וועלכע יעדער איינער טראָגט ארום ביי זיך אין הארצן אזוי, ווי ער האָט זיי זיך פאָרגעשטעלט און איבערגעלעבט.

אָבער די דאָזיקע געוואַגטקייט, דאַרף מען זאָגן, איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

קרוטשקאָווסקי האָט געפונען די נאַטירלעכע און באַגלויביקע שפּראַך אָנצוצייכענען דעם אינערלעכן קאָנפליקט, וועלכן די פייניקער פון יוליוס און עטל האָבן זיך באַמיט מיט אַלע געמיינסטע מיטלען זיי אויפצוצווינגען. די געשפּרעכן פון יוליוסן און עטלען אויף דער דאָזיקער טעמע זענען פול מיט איידעלער דערהויבנקייט, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט פּשטות, מיט דערפארענער קלוגשאפט. עס איז נישט פאראן אין זיי קיין שום פאלשע פּאטעטיק, קיין שום אָנדייט אויף העלדישקייט. זיי זענען פּשוט און מענטשלעך און הייבן ארויס בולט, כאָטש מיט דיסקרעטע שטריכן, די דורכגעטראַכטע און באַזיניקטע אנטשלאָסנקייט פון יוליוסן און די טיפע וויטיקלעכע איבערלעבונגען פון עטלען, דער עמפּינדלעכער פּאָעטישער נאַטור, וועלכע איז ביז איר לעצטער מינוט פארבליבן די פארקערפּערונג פון ליבע און לעבן.

אמת, מיר זעען נישט אין דעם ווערק, ווי אַזוי די גרויסע און דערהויבענע אידעע פון שלום און פעלקער=פאַרברידערונג איז אַרויסגעוואַקסן אויך פון דעם לעבנס=שטייגער און פון דער טראַדיציע פון זייער אינטימסטער סביבה, ווי מיר זעען דאָס אין זייערע בריוו. דאָס אויפהייבן די דאָזיקע צוויי געשטאַלטן, ווי שוין געזאָגט, איבער דער דאָזיקער סביבה, איבער דעם באָדן, אין וועלכן עס האָבן געשטעקט זייערע וואָרצלען און פון וועלכן זיי האָבן געצויגן זייער וווּנדערלעכע קראַפט, מינערט אומבאַדינגט עטוואָס פון זייער קאָנקרעטקייט, גיט זיי צו טיילווייז אַ סימבאָלישן, צי פאַראַלגעמיינערטן כאַראַקטער. דערפאַר אָבער האָט קרוטשקאָווסקי באַוויזן דאָס אַלגעמיין=מענטשלעכע פון זייער האַנדלונג אָנצופולן מיט אַזאַ שטאַרקער פּאָעטישער קראַפט, אײַנפאַסן עס אין אַזאַ מייסטערישער סצענישער פאָרם און איבערגעבן עס מיט אַזאַ נאַטירלעכער פּשטות און אמתדיקייט, אַז זיין קינסטלערישע באַווירקונג איז אוממיטלבאַר און פארטיפערט אונדזער איבערלעבונג און דערקענטעניש פון דער ווירקלעכער געשעעניש, ווי די באַווירקונג פון יעדער עכטער גרויסער קונסט.

# לאָמיר זיך לערנען פון לענינען

די רעוואָלוציאָנערע באַדייטונג פון לענינס לערע וועגן ליטעראַטור נישט בלויז פאר דעם ריכטיקסטן מעטאָדאָלאָגישן צוגאנג אין דער קריטיק, נאָר אויך פאר דעם דירעקטן קינסטלערישן שאַפן אין אלע זיינע זשאַנרען, איז נאָך ביז איצט אויסשעפלעך נישט דערגרונטעוועט געוואָרן, ספעציעל אין דער פראקטיק פון דעם אזוי גערופענעם ליטעראַרישן ווארשטאַט.

די גרויסע כמעט אומבאַקאַנטע פאראלגעמיינערונגס-מעגלעכקייטן, וועלכע עס אַנטהאַלטן אין זיך די ארויסזאָגונגען פון לענינען וועגן די פארשידנסטע געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, זענען אימשטאַנד דורך א פארטיפערטער און שעפערישער אַנאַלאָגיע ארייננצוטראָגן די העכסטע קלאָרקייט און באַזיניקייט אין יעדן אַרט שאַפונגס-פּראָצעס, מיטווירקנדיק אויסצועלימינירן פון אים אַלץ, וואָס איז צופעליק און נישט וועזנטלעך, וואָס באַשווערט דעם קינסטלערישן אמת צו דערשיינען מיט דער קראַפט פון נויטווענדיקייט און עכטער זעלבשטענדיקער איבערלעבונג.

די געניאלע שעפערישקייט, וועלכע איז אזוי רייך צעזייט איבער אלע ווערק פון לענינען, באַלייכט געוויינלעך נישט בלויז דאָס באַהאַנדלטע פּראָבלעם, נאָר ווארפט א בליצאַרטיקן שיין אויף די סאמע וועזנטלעכסטע און טיפסטע לעבנספראגן, ווי דאָס זענען די באַציונגען צווישן מענטש און מענטש, צווישן מענטש און געזעלשאַפט, צווישן היינט און אַמאָל און ענלעכע, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר די צענטראַלע טעמע פון יעדן קינסטלערישן ווערק. אָבער לענין האָט זיך ארויסגעזאָגט דירעקט וועגן ליטעראַטור אין זיינע ארבעטן איבער טאָלסטאָיען, סאַלטיקאָוו-שטשעדרין, הערצען, ביעלינסקין, טשערנישעווסקין א. א.

אויסברייטערנדיק און פארטיפערנדיק די אָנשויונגען פון מאַרקסן און ענגעלסן איבער ליטעראַטור, וועלכע זענען געקומען צום אויסדרוק אין זייערע אָפּשאַצונגען פון באַלזאקן, אין דער דיסקוסיע מיט לאַסאַלן וועגן זיין דראמע „פראנץ פאָן זיקינגען“ און אין פיל אנדערע, האָט לענין ארויסגענומען דאָס ליטעראַרישע שאַפן פון דער ספערע פון ווילקירלעכן, פון דעם אונטער- אָדער אויבערבאַוווסט-

זיניקן, און עס דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ באַוווּסטזיניקער אָרגאַניזירטער מענטשלעכער טאַט, אונטערשטרייכנדיק דערביי מיט דער גאַנצער קראַפט די ספּעציפישע אייגנאַרטיקייט פון דער ליטעראַטור, איר אינדיווידועלן כאַראַקטער און פּערזענלעכע סוביעקטיווע ראָל פון שעפער.

„עס אונטערליגט נישט קיין שום דיסקוסיע, — שרייבט לענין אין זיין אַרטיקל „די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע און די פּאַרטייאישע ליטעראַטור“, — דאָס געביט פון ליטעראַטור גיט זיך צום ווייניקסטנס אונטער דעם מעכאַנישן פאַרגלייך, דער ניווועלירונג, דער הערשאַפט פון דער מערהייט איבער דער מינדערהייט. עס אונטערליגט נישט קיין שום דיסקוסיע, אַז אין דעם געביט איז אומבאַדינגט נייטיק צו פאַרזיכערן אַ גרעסערן שטח פאַר פּערזענלעכער איניציאַטיוו, פאַר אינדיווידועלע נייגונגען, אַ שטח פאַרן געדאַנק און פאַנטאַזיע, פאַר פאָרם און אינהאַלט“. — — — „דאָס אַלץ אָבער וואַרפט לחלוטין נישט אָפּ די הנחה, וועלכע איז אַזוי פרעמד און אויסטערליש פאַר דער בורזשואַזיע און בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אַז דאָס געביט פון ליטעראַטור דאַרף ווערן אומבאַדינגט און אַנטשידן אַ טייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטייאישער אַרבעט, אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיט די אַנדערע טיילן“.

די ליטעראַטור, לויט לענינען, דאַרף זיין די אָביעקטיווע אָפּשפּיגלונג פון דערווירקלעכקייט. עס וואָלט אָבער געווען פולשטענדיק געפעלשט לענינס געדאַנק, ווען מע זאָל אונטער דער דאָזיקער באַצייכענונג פאַרשטיין אַ מין סטאַטישע אָפּשפּיגלונג, וועלכע פירט געוויינלעך צו נאַטוראַליזם. אין זיינע אַרטיקלען וועגן די רוסישע קלאַסיקער, ווי אויך אין זיינע אַרויסזאָגונגען וועגן דער ירושה פון די רוסישע אויפקלערער, וועגן דעם סוביעקטיוון סטיל פון קינסטלער און ענלעכע ווערט ביז גאָר בולט און קלאָר דער טיפער זין פון דער דאָזיקער באַצייכענונג און איר אַלזייטיקער אינהאַלט. נעמלעך: די אָביעקטיווע אָפּשפּיגלונג פון דער ווירקלעכקייט באַדייט די קאָנקרעטע אָפּשפּיגלונג, וועלכע אַנטשפּרעכט דער ריכטונג פון דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג אויף דעם געגעבענעם עטאַפּ, אַנטשפּרעכט דעם נויטווענדיקן אָנוווּקס און אויפקום פון דעם נייעם כוח אין דער געזעלשאַפט. דער דאָזיקער נייער כוח, וואָס זיין וווּקס און אַנטוויקלונג אַנטשפּרעכט דער נויטווענדיקער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, — דאָס איז דער פּראָלעטאַריאַט. דעריבער קאָן די ליטעראַטור „בכלל נישט זיין קיין אינדיווידועלער ענין, וועלכער איז אומאָפּהענגיק פון דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַרישער זאַך“, נאָר ווערן אַ טייל פון איר.

וואָס פאַר אַ גרויסע פּערספּעקטיוו לענין עפנט אויף פאַר דעם שרייבער, וועלכער אָנשטאָט זיך צו גריבלען אין זיין באַגרענעצט וועלטל פון יחידישע פרייד און ליידן, אָנשטאָט אָנצוטאָן די נאַרישע און לעכערלעכע מאַסקע פון אַן

„איבערמענטש“, אָנשטאָט צו זיין שטענדיק דער אָביעקט און דער מעדיום פון דרויסנדיקע באַווירקונגען, שפּילנדיק בלויז די ראָל פון א „זעלבשטענדיקן“, — אָנשטאָט דעם אלעמען, ווערט ער איינגעשלאָסן אין א מעכטיקן כוח, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט ארומצונעמען די ווייטסטע האָריזאָנטן, אַנטוויקלען די ברייטסטע פאַנטאַזיעס, באווירקן גרויסע מאסן און פאָרויסזאָגן דעם געבורט פון נייע לעבנס־פאָרמען.

פאַרטיפנדיק זיך אין דער לעגינישער לערע וועגן דער געזעלשאַפט בכלל, און אין דעם פאל ספּעציעל אין זיינע ארויסזאָגונגען וועגן ליטעראַטור, ווערט ערשט קלאָר, ווי באַגרענעצט, פלאַך און אילוזאָריש עס איז אין דער ווירקלעכ־קייט די אזוי רעקלאַמירטע קליינבירגערלעכע „פרייהייט“ פון קינסטלער, און וואָס פאר א גייסטיקע רחבותן, טיפקייטן און אמתע פרייהייט עס שאַפט פאר דעם קינסטלער די דערקענטע נויטווענדיקייט פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, וואָס פאר א רייכקייט און פארשידנאַרטיקייט פון טעמאַטיק און וואָס פאר א מעגלעכקייטן פון אינדיווידועלער אויסלעבונג, פון אינדיווידועלער דיפערענ־צירונג.

בילדלעך וואָלט זיך דאָס געלאָזט פארגלייכן: אין ערשטן פאל — צו א מענטשן, וואָס מע האָט פארשפּארט אין א קעמערל פיר אײלן אויף פיר און דערביי אים געגעבן די פולע פרייהייט צו טאָן דאָרט, וואָס זיין האַרץ גלוסט.

אין צווייטן פאל — צו א מענטשן, וואָס אין זיין רשות האָט מען איבער־געגעבן די גאַנצע וועלט, אָבער גלייכצייטיק אויך מיט דעם זעלבסטפארשטענד־לעכן אמת, אז כדי די דאָזיקע וועלט צו דערזען, כדי זי באַקענען און דערקענען, און דער עיקר, כדי זי צו באַווירקן און ענדערן פאר זיין טובה וועגן, מוז ער קודם־כל וויסן איר נאַטור, איר אנטוויקלונגס־וועג, ווי אויך די ריכטונג, אין וועל־כער זי באַוועגט זיך פאָרויס.

קלאָר, אז די דאָזיקע ווירקלעכע, באַזיניקטע און וויסנשאַפטלעך־דערקענטע פרייהייט, וועלכע עס אַנטהאַלט אין זיך דער דאָזיקער מוז, איז גאָרנישט צו פארגלייכן מיט יענער „פרייהייט פון נאַראָנים“, וועלכע איז נישט מער ווי דער אדעקוואַטער אויסדרוק פאר דער היסטעריע פון דעם בורזשואַזי־אינטעליגענטישן אינדיווידואַליזם.

אָבער יעדער שרייבער, פּונקט ווי יעדער געזעלשאַפטלעכער טוער, ווייסט פון זיין פּראַקטיק, אז ס'איז נישט גענוג די דאָזיקע ווירקלעכע פרייהייט צו אָנער־קענען בלויז אבסטראַקט, אָדער אפילו צו פארשטיין איר ריכטיקייט אין אלגע־מיין, נאָר דער עיקר איז נייטיק צו קאָנען זי אָנווענדן אין יעדן קאָנקרעטן פאַל. ־ערצו איז דאָס בעסטע מיטל — שטודירן און נאָכאַמאָל שטודירן לענינען, וועל־כער האָט אַזוי געניאַל און גלייכצייטיק אזוי פּשוט אויף טויזנטער ביישפּילן פון לעבן אונדז געלערנט דעם נויטווענדיקן אנטוויקלונגס־גאַנג פון דער געשיכטע,

דעם איינציק מעגלעכן אנטוויקלונגס־וועג פון דער געזעלשאפט און די אמתע פרייהייט פון מענטש. פון לעגינס פשרהלאָזיקייט לגבי יעדן אידעאָלאָגישן אָפּ־נייג, פון זיין עקשנותדיקן דעפינירן יעדן מינדסטן אונטערשיד צווישן דעם אמתן מאַרקסיזם און זיינע פארשידנאַרטיק־מאַסקירנדיקע זיך פעלשונגען, פון זיין ריק־זיכטלאָזער קאָנסעקווענטקייט אין קאמף און אפילו פון זיין לייִדנשאַפטלעכן ליטעראַרישן סטיל — פון דעם אלעם האָבן מיר זיך צו לערנען נישט בלויז די קלאָרע דערקענטעניש פון עכטער, מענטשלעכער פרייהייט, נאָר אויך וויאַזוי די דאָזיקע פרייהייט צו פאַרווענדן, וויאַזוי מיט איר הילף זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די פארפלאָנטערסטע וועגן פון לעבן.

קענען לעגינען — הייסט קלאָרער פארשטיין דעם תוך פון די לעבנס־קעגנ־זאַצן, דעם עיקר פון די געזעלשאַפטלעכע קאָנפליקטן, הייסט — טיפער באַנעמען דאָס וועזן פון טיפישן, דעם זין פון אינדיווידועלן, ווי אויך די שייכותן צווישן די ביידע. עס הייסט אויך, במילא, האָבן פאַר זיך די ווייטסטע אַנטוויקלונג פון גע־שעענישן, פערסאָנאַזשן, און דורך דעם, נישט בלויז געשיכטלעך־אמתדיק און אָביעקטיוו זיי שילדערן אויף יעדן באַזונדערן אָפּשניט, נאָר אויך סוביעקטיוו־קינסטלעריש באַווירקן דעם לייענער אין דער געהעריקער ריכטונג. מיט איין וואָרט: עס הייסט — דערנענטערן זיך צו דעם הויכן באַרוף פון אַ שרייבער, וועלכן דער חבר סטאַלין האָט באַצייכנט אלס אינזשיניער פון דער מענטשלעכער נשמה.

# אין שיין פון סטאַלינס לערע

די קראפט פון חבר סטאַלינס וואָרט באַשטייט נישט בלויז אין זיין אַבסאָלוטער קלאָרקייט, ארעקוואַטקייט און נישט אָפּווענדבאַר לאָגישער קאָנסעקווענץ, נאָר אויך אין זיינע אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון פאראַלגעמיינערונג.

לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל אייניקע ארויסזאָגונגען פון חבר סטאַלין אין זיין לעצטער דערשיינענער אַרבעט פון גרויסער געשיכטלעכער באַדייטונג: „די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם אין פססר".

אין אָנהייב פון דער דאָזיקער ארבעט טרעט ארויס דער חבר סטאַלין קעגן דער פאַלשער איינשטעלונג פון די, וואָס נעגירן „אַז די געזעצן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע שפּיגלען אָפּ די געזעצמעסיקייט פון די פּראָצעסן, וואָס קומען פאָר אומאָפּהענגיק פון דעם ווילן פון מענטשן", וואָס „האַלטן, אַז צוליב דער באַזונדערער ראָל, וואָס איז דורך דער געשיכטע געגעבן געוואָרן דער סאָוויעטישער מלוכה, קאָן די סאָוויעטישע מלוכה, אירע פירער, אָפּשאַפן די עקזיסטירנדיקע געזעצן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, קאָן אויספאָרמירן נייע געזעצן, באַשאַפן נייע געזעצן".

> „דער מאַרקסיזם, — זאָגט חבר סטאַלין, — פאַרשטייט די געזעצן פון דער וויסנשאַפט — אַלציינס צי עס האַנדלט זיך וועגן די געזעצן פון דער נאַטור־וויסנשאַפט, אָדער וועגן די געזעצן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע — אַלס אָפּשפּיגלונג פון די אָביעקטיווע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אומאָפּהענגיק פון דעם מענטשלעכן ווילן. די מענטשן קאָנען אַנטדעקן די דאָזיקע געזעצן, דערקענען זיי, דערלערנען זיי, דיסקאָנטירן זיי אין זייער טעטיקייט, אויסנוצן זיי אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט, אָבער זיי קאָנען זיי נישט ענדערן אָדער אָפּשאַפן. אוודאי קאָנען זיי נישט אויספאָרמירן אָדער באַשאַפן נייע געזעצן פון דער וויסנשאַפט".

גלייכצייטיק אָבער טרעט ארויס סטאַלין אויך קעגן די, וואָס האַלטן, אַז די עקאָנאָמישע געזעצן האָבן א „סטיכישן כאַראַקטער", אַז ס'איז אוממעגלעך צו

באַרלויפן די רעזולטאַטן פון זייער ווירקונג און, „אַז די געזעלשאַפט איז קעגן זיי אומבאַהאָלפן“.

„דאָס איז נישט ריכטיק, — זאָגט סטאַלין, — דאָס איז אַ פעטישיזירונג פון די געזעצן, דאָס באַדייט פאַרשקלאַפן זיך אַליין צו די געזעצן. עס איז דערוויזן געוואָרן, אַז די געזעלשאַפט איז נישט מאַכטלאָז לגבי די געזעצן, אַז די געזעלשאַפט קאָן, דערקענענדיק די עקאָנאָמישע געזעצן און שטיצנדיק זיך אויף זיי, באַגרענעצן די ספערע פון זייער ווירקונג, אויסנוצן זיי אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט...“

אויף אַ קאָנקרעט באַהאַנדלט פּראָבלעם דעקט דאָ אויף דער חבר סטאַלין דעם מהות פון יעדן סוביעקטיוויזם, וועלכער גרענעצט זיך מיט אידעאַליסטישער אומאָפּישקייט, ווי אויך יעדן אויבערפלעכלעכן אָביעקטיוויזם, וועלכער איז אין תוך גענומען אַ צודעק פאַר פאַטאַליסטישער און קנעכטישער באַציונג צו דער ווירקלעכקייט. ביידע פאַלן פירן צו דער באַגרענעצונג און פאַראָרעמונג פון מענטשלעכן פאָרשערישן געדאַנק, און צו דער פאַרמינערונג פון זיינע מעגלעכקייטן צו באַהערשן פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע און נאַטור־דערשיינונגען לטובת דער מענטשהייט, נישט מער, וואָס אין ערשטן פאַל, איז די סיבה דערפון די אַבסטראַקטקייט און אָפּגעריסנקייט פון דער ווירקלעכקייט און אירע אָביעקטיווע געזעצן, אין צווייטן דאַקעגן — די פאַרקנעכטשאַפט צו איר, דאָס פולשטענדיקע אונטערואָרדענען זיך דעם פאַקט.

די קאָנקרעטע פּראָבלעמען, וועלכע דער חבר סטאַלין באַהאַנדלט אין דער אויבנדערמאָנטער אַרבעט, זענען פון עקאָנאָמישן און געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. אָבער גלייכצייטיק — וואָס פאַר אַן אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייט פון פאַראַלגעמיינערונג איז אין זיי אַנטהאַלטן! וואָס פאַר אַן עשירות פון פּרינציפּיעלע און מעטאָדאָלאָגישע אויספירן און פאַרגלייכן קומען אויף פון זיי אויך פאַר פאַרשידענע אַנדערע געביטן פון מענטשלעכן וויסן און טאָן! די דאָזיקע אויסערגעווײנלעכער פאַרשיפטע באַטראַכטונגען, וועלכע זענען אָנגעקליידט אין אַזאַ פשוטער, דורכזיכטיק־קלאָרער פאָרם, זענען פאַקטיש אַ וועזנטלעכער יסוד פון יעדער ווינשאַפטלעכער דיסציפּלין, פון יעדער קינסטלערישער טעטיקייט. אָן דעם דאָזיקן יסוד פאַרלירט יעדע ווינשאַפט דעם באָדן אונטער זיך, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ווילקירלעכע אידעאַליסטישע הקירה, און יעדע קונסט — אין אַן אַבסטראַקטער שיינרעדעריי, וועלכע איז אויסגעטאָן פון אָרט און צייט, נישט פאַרבונדן מיט קיין שום פאַרגאַנגענהייט און מיט קיין שום צוקונפט און איז במילא אויך נישט אימשטאַנד אָפּצושפּיגלען קיין שום ווירקלעכקייט.

מיר וועלן זיך אָפּשטעלן ספּעציעל אויף דער לעצטער, אויף דער קונסט. די אויספירן, וועלכע דער חבר סטאַלין מאַכט אין באַצוג צו די געזעצן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, קאָנען האָבן אויך די סאַמע טיפסטע שייכות און אָנווענדונג

צו די פאַרשידנסטע צווייגן פון דער קונסט און זייערע שעפער. דער שרייבער,
למשל, וועלכער שילדערט געשעענישן ווי אויך פסיכישע צושטאַנדן און איבערלע=
בענישן פון מענטשן, קאָן אין זיינע שילדערונגען נישט נעגירן די אָביעקטיווע
געזעצן, וועלכע רופן אַרויס די דאָזיקע געשעענישן אָדער וועלכע זענען גורם
צו די דאָזיקע פסיכישע צושטאַנדן און איבערלעבענישן, און זיך ריכטן אויס=
שליסלעך מיט זיינע סוביעקטיווע איינשטעלונגען. ער קאָן די דאָזיקע אָביעקטיווע
געזעצן אויספאָרשן, גרינטלעך דערלערנען, און ער דאַרף דאָס טאָן, כדי אין זיינע
שילדערונגען זיי אויסנוצן אין אינטערעס פון דער געזעלשאַפט און פון איר ווײ=
טערדיקער אַנטוויקלונג. ער קאָן זיי אָבער נישט פאַרלייקענען, כדי זיך צו שאַפן
אַ ווילקירלעך בילד, וואָס ער וואָלט זיך געוואונטשן, מעגן זיינע ווונטשן זיין די
בעסטע און די איידלסטע. די אויסגעדאַכטע „קינסטלערישע פרייהייט“, וועלכע
דער שרייבער רעדט זיך איין אין דעם פאַל, איז פונקט אַזאַ שיינבאַרע און פיקטי=
ווע, ווי די „דערהייבונג“ פון דער ווירקלעכקייט, וועלכע ער מיינט דורך אַזאַ
אַרט אויבערפלעכלעכן סוביעקטיוויזם צו דערגרייכן. אין דער אמתן, אויסקלייבנ=
דיק באַוווסטזיניק דעם דאָזיקן וועג פון סאמע לייכטסטן ווידערשטאנד דורך נע=
גירן די אָביעקטיווע פּראָצעסן און אויסמיידן אַלע פאַרפלאָנטערטע לעבנס=קאָנ=
פליקטן, ווייטיקלעכע זיגזאַגן און וואַקלעגישן, מיידט ער פּאַקטיש אויס די ווירק=
לעכקייט גופא, פאַרלירט ער איר סאַמע וועזנטלעכסטן שטריך, די קראַפט פון אָב=
יעקטיווער נויטווענדיקייט, פאַרוואַנדלענדיק זיין קונסט אין הוילער דעקלאַראַציע,
דאָס הייסט אין דעם היפוך פון קונסט.

ווען מיר זאָלן אָבער דעם טיפן און אַבסאָלוטן אמת פון סטאַלינס ווערטער
אַריבערטראָגן אויף דעם געביט פון קונסט, און אין דעם פאַל ספּעציעל פון ליטע=
ראַטור, נאָר אין שייכות מיט די אָביעקטיווע געזעצן, וועלכע קומען פאָר אומאָפּ=
הענגיק פון דעם ווילן פון קינסטלער און וועלכע דער קינסטלער טאָר אין זיין
ארבעט נישט נעגירן, דאן וואָלטן מיר נישט בלויז אָפּגעטאָן א האלבע ארבעט
נאָר אין אַ היפּשער מאָס פאַרקריפּלט די גאַנצע פראַגע. דער וועזנטלעכער אמת
פון דער טעאָרעטישער הנהה, אַז די געזעצן פון דער וויסנשאַפט זענען אַן „אָפּ=
שפּיגלונג פון די אָביעקטיווע פּראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אומאָפּהענגיק פון
דעם ווילן פון מענטשן“, באַקומט זיין פאַרגאַנצטן, קאָנקרעטן און רעאַלן אויס=
דרוק אין דער פּעסימשטעלונג פון אויסערגעוויינלעכן פּראַקטישן באַדייט, אין ווע=
כער סטאַלין שלאָגט יעגעם אויבערפלעכלעכן מעכאַנישן אָביעקטיוויזם, וואָס פאַר=
וואַנדלט זיך אין אַ פעטישיזירונג פון די געזעצן, אין אַ קנעכטיקן אונטעראָרדענען
זיך דער ווירקלעכקייט. דאָס אָנערקענען די אָביעקטיווע עקזיסטענץ פון די געזעצן
באַדייט בכלל נישט, ווי דאָס איז שוין אויבן ציטירט, אַז „די מענטשלעכע געזעל=
שאַפט איז אומבאַהאָלפן קעגן זיי“. פאַרקערט, דאָס פאַרלייקענען די געזעצן פירט
אין דער פּראַקטיק צו אומבאַהאָלפנקייט. דאַקעגן דאָס אָנערקענען זיי פאַרפליכ=

מעט נאָר זיי אויסצופאָרשן, דערלערנען, און במילא מיט פיל מער דערפאָלג אויסמיידן זייער עווענטועל שעדלעכע ווירקונג, אָדער זיי גאָר אויסנוצן לטובה. אין דער פארטיפטער דיאַלעקטיק פון סטאַלינס באטראכטונגען, וועלכע זענען אַזוי קלאַסיש לויט דער לאָגישער שטרענגקייט פון זייער אינהאַלט און לויט דער אַבסאָלוטער קלאָרקייט פון זייער פאָרמלעכן אויסדרוק, איז די דאָזיקע פעסטשטעלונג, וועלכע האָט אַזאַ אומגעהייערן פראַקטישן באַדייט, נישט בלויז אַ מעטאָדאָלאָגישע ליניע פון האַנדלונג, נאָר אַן אָרגאַנישער עלעמענט פון אַ פאַרגאַנצטן סיסטעם, אַ קאָנקרעטע אָנווענדונג פון אַ וועזנטלעכן מאַרקסיסטישן פרינציפ אויף אַ באַשטימטן אָפשניט, אַ טיפע רעאַליזירונג פון דער איינהייט פון טעאָריע און פראַקטיק. אין דעם דערלערנען די אָביעקטיווע געזעצן פון דער נאַטור און פון דער געזעלשאַפט און דורך דעם באַקומען די מעגלעכקייט צו באַגרענעצן אָדער אויסברייטערן זייער ווירקונג אין אינטערעס פון דער געזעלשאַפט — באַשטייט דער קאָנקרעטער, דורכויס וויסנשאַפטלעכער כאַראַקטער פון דער מאַרקסיסטישער לערע. דערביי איז די פראָפאָרץ אין באַצוג צו די פראַקטישע רעזולטאַטן אַ פונקט פאַרקערטע: וואָס מער דאָס דערלערנען באַרייכערט אונדזער וויסן וועגן די געזעצן אַלס אָפשפיגלונג פון אָביעקטיווע פראָצעסן, וואָס מער עס איבערצייגט אונדז אין זייער רעאַלער נויטווענדיקער עקזיסטענץ, אַלץ לייכטער איז אונדז צו פאַרלויפן און באַגרענעצן זייער שעדלעכע ווירקונג, ווי דאָס איז דער פאַל אינעם ביישפיל מיט דער פאַרפלייצונג, וועלכן עס ברענגט דער חבר סטאַלין.

די דאָזיקע לערע פון חבר סטאַלין שאַפט אַ זיכערן יסוד פון פינקטלעכער און ריכטיקער האַנדלונג, עפנט אויף נייע ברייטע האָריזאָנטן פון אינהאַלטלעכן און מעטאָדאָלאָגישן כאַראַקטער אויף פאַרשידענע געביטן. אויך אין דער קונסט ווערט קלאָר, אַז דאָס אָנערקענען, דערלערנען און שילדערן דורכן קינסטלער די אָביעקטיווע פראָצעסן, וועלכע קומען פאָר אין אַרומיקן לעבן אָדער אין דער פסיכיק פון מענטשן, איז מסוגל ארויסצוהייבן דעם רעאַלן אמת בלויז דאַן, ווען דאָס דאָזיקע דערלערנען און שילדערן זענען נישט אין גייסט פון אויבערפלעכלעכן אָביעקטיוויזם. אין דער קונסט קליידט אָן דער דאָזיקער אָביעקטיוויזם די פאָרם פון נאַטוראַליסטישער פאַרפלאַכונג און דעטאַלער, קנעכטיש-פאַסיווער אָפשפיגלונג פון פאַקטן, אין דער צייט, ווען דער רעאַלער אָביעקטיווער אמת פון לעבן ליגט גראָד אויף דער ליניע פון אַקטיווער באַגרענעצונג פון די יעניקע פראָצעסן, וועלכע זענען אַ שטערונג אויף דעם וועג פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, און גלייכצייטיק אויף דער ליניע פון אַרויסהייבן און העלפן אַנטוויקלען די פראָצעסן, וואָס טראָגן אין זיך די קערנער פון דער צוקונפט.

דאָס איז פאַקטיש דער וועזנטלעכער יסוד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, וועלכער באַקומט אין דער דאָזיקער לערע פון חבר סטאַלין אַ לאָגישע גרונטפעסטיקונג און וויסנשאַפטלעכע באַשטעטיקונג און וועלכער באַשטייט אין באַנעמען

און שילדערן די ווירקלעכקייט נישט ווי אַ סומע פון סוביעקטיווע איינדרוקן און אויך נישט ווי אַ סומע פון איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינגעשטעלטע פאַרגליווער-טע פאַקטן און נאָרמעס, נאָר ווי אַ דינאַמיש-לעבעדיקן פּראָצעס, וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך, טווישנדיק אומאויפהערלעך אַלטע אויסגעלעבטע אינהאַלטן און פאָרמען אויף אַנדערע, נייע, וועלכע קומען אויף אין אנדערע, נייע באַדינ-גונגען.

אָבער דער דאָזיקער טויש קומט נישט פאָר דורך קיין שפּרוד, נאָר אין פּראָ-צעס פון אַ טיפן און שווערן געראַנגל, אַזוי אין דער געזעלשאַפט, ווי אין דער פּסיכיק פון איינצלנע מענטשן.

„איינע פון די אייגנשאַפטן פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, — זאָגט סטאַלין, – באַשטייט אין דעם, וואָס אירע געזעצן, אין אונטערשיד פון די געזעצן פון דער נאַטור-וויסנשאַפט, זענען נישט קיין לאַנגדויערנדיקע, וואָס זיי ווירקן, יעדנפאַלס די מערהייט פון צווישן זיי, אויסשליסלעך אין משך פון אַ באַשטימטן היסטאָרישן פּעריאָד, און נאָך דעם טרעטן זיי אָפּ דאָס אָרט פאַר נייע געזעצן. אָבער זיי, די דאָזיקע געזעצן, ווערן נישט פאַרניכטעט, נאָר זיי פאַרלירן זייער קראַפט צוליב די נייע עקאָנאָמישע באַדינגונגען און גייען אַראָפּ פון דער סצענע, כדי אָפּצוטרעטן דאָס אָרט פאַר נייע געזעצן, וועלכע ווערן נישט געשאַפן דורכן מענטשלעכן ווילן, נאָר אַנטשטייען אויף דער באַזע פון נייע עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

מע פאַררופט זיך, — זאָגט ווייטער דער חבר סטאַלין, — אויף „אַנ-טי-דירינג“ פון ענגעלסן, אויף זיין פאָרמול וועגן דעם, אַז צוזאַמען מיט דער ליקווידאַציע פון קאַפּיטאַליזם און דעם פאַרגעזעלשאַפטלעכן די פּראָ-דוציר-מיטלען, וועלן די מענטשן באַקומען די מאַכט איבער זייערע פּראָ-דוציר-מיטלען, אַז זיי וועלן באַפרייט ווערן פונעם דרוק פון די געזעלשאַפט-לעך-עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און ווערן די „באַלעבאַטים“ פון זייער גע-זעלשאַפטלעך לעבן. ענגעלס רופט אָן די דאָזיקע פרייהייט „דערקענטע נויטווענדיקייט“. און וואָס קאָן באַדייטן „דערקענטע נויטווענדיקייט?“ דאָס באַדייט, אַז דערקענענדיק די אָביעקטיווע געזעצן („די נויטווענדיקייט“), וועלן די מענטשן זיי אָנווענדן פולשטענדיק באַוווסטזיניק אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט. טאַקע דערפאַר זאָגט דאָרט ענגעלס, אַז

»די געזעצן פון זייער אייגענער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וועלכע האָבן זיך ביז איצט זיי אנטקעגנגעשטעלט ווי פרעמדע, הערשנדיקע איבער זיי געזעצן פון דער נאַטור, וועלן פון איצט אָנגעווענדעט ווערן דורך די מענטשן מיט דער פולער קענטעניש פון דער זאַך, און דורך דעם גופא — ווערן פון זיי באַהערשט«.

ווי ס'איז צו זען, רעדט ענגעלס פאָרמול לגמרי נישט למובֿת די יעניקע, וועלכע מיינען, אַז מע קאָן ביים סאָציאַליזם פאַרניכטן די עקזיסטירנדיקע עקאָנאָמישע געזעצן און באַשאַפן נייע. פאַרקערט, זי פאָדערט נישט צו פאַרניכטן, נאָר צו דערקענען די עקאָנאָמישע געזעצן און ווי געהעריק זיי אָנווענדן".

דערקענען און דערנאָך אָנווענדן — דאָס הייסט האַנדלען אין גייסט פון דער „דערקענטער נויטווענדיקייט", וועלכע שטעלט פאָר מיט זיך נישט בלויז ד פרייהייט פון קינסטלער אין סאַמע טיפסטן זין פון וואָרט, נאָר דער עיקר, וואָס גיט אים די מעגלעכקייט צו געבן דעם סאַמע קאָנקרעטן, סאַמע רעאַלן און סאַמע פולבלוטיקן אמת פון לעבן, וועלכער אַנטשפּרעכט צום בעסטן דעם דיאַלעקטישן אַנטוויקלונגס־גאַנג פון יעדער דערשיינונג און דעקט אויף פאַר אונדז אין דער פאַרגאַנגענהייט די שפּראָצן פון היינט און אין היינט די שפּראָצן פון דער צוקונפט.

וואָרעם, צי הייסט דאָס נישט איבערענטפערן זיך אין קנעכטשאַפט פון פאַקטן, ווען אַ שרייבער, למשל, שילדערנדיק די פאַרגאַנגענהייט, בלייבט אַליין שטעקן פאַרקלעמט אין דער באַגריפן־וועלט פון דער דאָזיקער פאַרגאַנגענהייט, און טיילמאָל נאָך ערגער — אין דער באַגריפן־וועלט פון באַשטימטע שיכטן אין דער דאָזיקער פאַרגאַנגענהייט?

אָדער צי הייסט דאָס נישט נעגירן די געזעצמעסיקייט פון די אָביעקטיווע און פון אונדז אומאָפּהענגיקע פּראָצעסן, ווען אַ קינסטלער, גייענדיק אויפן וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד, שאַפט זיך בילדער און סיטואַציעס אָדער בויט זיך אויס געשטאַלטן און באַציונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן זיין סוביעקטיוון ווילן, אָבער וועלכע אַנטשפּרעכן נישט דערווירקלעכקייט?

דאָס פאַרסקליפּן זיך אין דער ראַם פון אַ באַשטימטער געשעעניש אָדער אַפילו פון באַשטימטע געשעענישן, נישט בלויז לויט דער שילדערונגס־ליניע, נאָר אויך לויטן באַנעם און צוגאַנג, דעסגלייכן, דאָס לייכטע גליטשן זיך אויף דער אויבערפלאַך פון געשעענישן, כדי וואָס שנעלער צוקומען צום ציל אויף אַלעם גרייטן, — ביידע פאַלן מיידן אויס דעם אמת, פאַרקרימען די ווירקלעכקייט. בלויז דאָס אינטימע צואייגענען זיך די לערע פון מאַרקס־לענין־סטאַלין, וועלכע דעקט אויף דעם אינערלעכן נויטווענדיקן צוזאַמענהאַנג פון אַלע דערשיינונגען און געשעענישן און אויך דעם גראַנגל צווישן זיי, גיט די מעגלעכקייט יעדן שעפער צו דערזען און אַרויסברענגען דאָס לעבן אין זיין גאַנצער טיף.

# וועגן דער היינטצייטיקער טעמע

דער הויפּט=שטראָם פון ליטעראַרישן שאַפן האָט אומעטום און שטענדיק אָפּגעשפּיגלט דאָס אַקטועלע און צייטמעסיקע. מיר זעען דאָס ביי די גרויסע מייסטער פון דער אַנטיקער גריכישער ליטעראַטור, פּונקט ווי ביי די קלאַסיקער פון דער מאָדערנער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור.

פאַרוואָס זשע איז ביי אונדז די היינטצייטיקע טעמע, דאָס אָפּשפּיגלען קינסטלעריש אונדזער לעבעדיקע ווירקלעכקייט, — געוואָרן א פּראָבלעם פאר דיסקוסיע?

דערויף ענטפערן אייניקע אויף פאָלגנדיקן אופן:

אמת, ס'איז נישטאָ אַזאַ צייט=אָפּשניט אין דער געשיכטע, ווען דאָס לעבן זאָל בלייבן שטיין אויף איין אָרט. אַלץ ענדערט זיך אומאויפהערלעך. אָבער נאָך קיינמאָל נישט האָבן די ענדערונגען געגרייכט אַזוי טיף. שוין אָפּגערעדט פון דעם נאָרמאַלן אַנטוויקלונגס=פּראָצעס פון יעדער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער סיסטעם ביז איצט, ווען די ענדערונגען זענען ווירקלעך פאָרגעקומען אַזוי פּאַמעלעך, אַז דער שרייבער האָט צייט געהאַט זיך צוצוקוקן צו יעדער דערשיינונג, ווי צו אַן אומבאַוועגלעכער און סטאַבילער, — צי די דאָזיקע דערשיינונג איז געווען אַ גאַנצער קאָמפּלעקס פון געזעלשאַפטלעכע באַציונגען, צי בלויז אַ לעבן פון אַ יחיד. נאָר אַפילו אין די צייטן פון איבערגאַנג פון איין אָרדענונג צו אַ צווייטער האָט נאָך ביזאיצט קיין שום ענדערונג נישט געגרייכט צו די וואָרצלען פון דער געזעלשאַפט, האָט נאָך נישט איבערגעביטן אין תוך דעם מענטש.

אָבער אונדזער היינטיקע ווירקלעכקייט אין פּוילן, פּונקט ווי די ווירקלעכקייט אין יעדער אַנדער סאָציאַליסטיש לאַנד, איז נישט בלויז לויט איר אינהאַלט אין גרונט פאַרשידן פון דעם אַלעמען, וואָס איז געווען ביז איצט, נאָר אויך לויט דער פאָרם, וועלכע איז אַזוי דינאַמיש און שנעל=פאַרענדערלעך, אַז זי יאָגט אַריבער יעדע קינסטלערישע פאַנטאַזיע.

צי איז ריכטיק די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פון אונדזער היינטצייטיקן לעבן? אָן שום ספק ריכטיק. אָבער צי איז די דאָזיקע ריכטיקע כאַראַקטעריסטיק

אַ גענוגנדיקע אויפקלערינג פאַר אַ שוואַכער אָפּשפּיגלונג פון דעם דאָזיקן לעבן אין אונדזער ליטעראַטור? צי זענען די שנעלע ענדערונגען אין אונדזער מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור, דער שנעלער וווקס פון אונדזער באַוווסטזיין, פון אונדזער עטישער און עסטעטישער דערקענטעניש — גורם דערצו, אַז מיר זאָלן די דאָזיקע דערשיינונגען אויפנעמען אויבערפלעכלעך, סכעמאַטיש, נישט גענוג דורכגעלעבט, אָדער גאָר רעזיגנירן פון זיי און אַוועק אין דער פאַרגאַנגענהייט?

אַ גאַנצע ריי ווערק אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור באַווייזן, אַז נישט אין דער טעמע ליגן די שוועריקייטן און אויך די שטרויכלונגען אויף דעם געביט, גאָר אין דער נישט גענוגנדיקער באַהערשונג פון דער טעמע, אין דעם אויבערפלעכלעכן באַקענען זיך מיט איר, ווי אויך אין דער נישט גענוגנדיקער פאַרטייקייט פון מעטאָד, וועלכער איז דער איינציקער באַרופן די דאָזיקע טעמע קינסטלעריש צו רעאַליזירן.

עס איז אַלגעמיין באַקאַנט די גרינגשעצנדיקע פּרווון צו דעראָבערן די היינטצייטיקע טעמע דירעקט... „פון פּאַפּיר אָדער פון שפּאַציר“ — דורך אַרויסלייענען זי פון פאַרשידענע דעקרעטן און פאַראָרדענונגען און זי צוריק רעקאָנסטרואירן מער ווייניקער אין דעם זעלבן לשון, אָדער דורך „אויספלוגן אין געביט“. אָבער פון בלויז באַשרייבונגען און באַטראַכטונגען איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן קיין קינסטלעריש ווערק. די קונסט איז אַ קינד פון דער אוממיטלבארער און דירעקטער באַרירונג צווישן קינסטלער און דער ווירקלעכקייט, פון זיין אינטימען איבערלעבן זי, פון זיין צונויפטרעפן זיך מיט איר נישט בלויז אַלס באַאָבאַכטער, גאָר אויך אַלס אָנטיילנעמער, ווייניקסטנס גייסטיק, געפילמעסיק, פון דערזען זי נישט ווי קיין פרעמדע און דרויסנדיקע, נאָר דורך זיך און אין זיך. דאָס באַדייט קודם־כל קענען די ווירקלעכקייט, האָבן אַ שטעלונג צו איר, אָן וועלכן עס קאָן בכלל נישט זיין קיין שום רייד וועגן אַ וועלכער ס'איז קינסטלערישער פאַראַלגעמיינערונג.

וואָס איז שייך דעם מעטאָד און דער פאָרם, זענען זיי אין דער קונסט, ווי אין דעם סאַמע קאָנקרעטסטן אופן פון מענטשלעכן אויסדרוק, ענג פאַרבונדן מיט דער טעמע.

די אונטערגייענדיקע פעאָדאַלע וועלט איז דערשינען אין דער ליטעראַטור אין דער אָנקליידונג פון רעאַקציאָנערן ראָמאַנטיזם מיט זיין פאַרנעפּלטער מיסטיק און פאַרהערלעכונג פון פאַרצייטישן לעבן. דעסגלייכן די אָפּשטאַרבנדיקע קאַפּיטאַליסטישע וועלט, אין הסכם מיט איר אַבסאָלוטער פאַרווילדונג און דעגענערירונג, געפינט איר פולן אויסדרוק אין די אַלערליי פאַרקריפּלטע טעאָריעס און מעטאָדן פון דער היינטצייטיקער בורזשואַזער קונסט, וועלכע שליסן איין אַלע מיסטישע שאַטירונגען, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער געזעלשאַפטלעכער ירידה, און די מאָראַלישע אויסגעלאַסנקייט און דעם ציניזם, וועלכע זענען אייגן ספּעציעל דעם קאַפּיטאַליזם אויף דער לעצטער סטאַדיע פון זיין אימ-

פּעריאַליסטישער צעפּאַלונג. דאַקעגן האָט דער קריטישער רעאַליזם געבראַכט צום
אויסדרוק דעם פּראָטעסט פון פּשוטן מענטש קעגן זיין אונטערדריקער אין די
פּאַרשידנסטע פאָרמען פון קלאַסן=הערשאַפט, ווען ס׳איז שוין געווען קלאָר דער
מקור פון בייז, נאָר נישט דער אויסוועג, די לעזונג.

די פאָרם איז די קאָנקרעטע אויסערונג פון אינהאַלט, דער אינהאַלט אין
מאַט, אין באַוועגונג, אין פּראָצעס פון רעאַליזירן זיך. דער מעטאָד — דער גאַנצער
סיסטעם פון אויסדרוק=מיטלען, מיט דער הילף פון וועלכע דער קינסטלער ברענגט
אַרויס די פאָרם וואָס בולטער און קלאָרער.

עס קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן וועלכער ס׳איז ווילקירלעכער אָנווענדונג
פון דער פאָרם, צי פון מעטאָד. יעדער קאָנקרעטער אינהאַלט, אָדער, וואָס איז
איינס און דאָס זעלבע, יעדע טעמע, וואָס פליסט אַרויס נויטווענדיק פון לעבן,
האָט זיך איר נויטווענדיקע פאָרם און אירע נויטווענדיקע מיטלען פון אויסדרוק.
אפילו די אזוי גערופענע „אייביקע טעמעס“ בייטן זייער פאָרם און זייערע אויס=
דרוק=מיטלען אָפּהענגיק פון דער צייט. אַזוי, למשל, דרינגען מיר פון דער פאָרם
און פון די אויסדרוק=מיטלען פון ליבע=ליד נישט בלויז וועגן דער שטאַרקייט
פון פּאָעטישן געפיל און וועגן דער גרויסקייט פון פּאָעטישן טאַלאַנט, נאָר אויך
וועגן די זיטן, וועלכע האָבן געהערשט אין דיכטערס סביבה, וועגן זיין וועלט=
באַנעם. אָפּהענגיק פון דער גרויס פון שרייבערישן טאַלאַנט און פון דער פּאַראַל=
געמיינערונגס=קראַפט פון זיין בילד, עפענען זיך אויף פאַר אונדז אַלץ ברייטערע
האָריזאָנטן אויף דער גאַנצער עפּאָכע.

דאָס האָט אַ שייכות צו אַלע טעמעס פון אַלע צייטן, אָבער נאָך מער האָט
עס אַ שייכות צו דער טעמע פון אונדזער היינטיקן לעבן, וואָס איז, ווי שוין אויבן
געזאָגט, אַזוי וועזנטלעך אַנדערשדיק אין זיין אינהאַלט און אַזוי ראַשיק פאַרענ=
דערלעך און דינאַמיש אין זיין אַנטוויקלונג.

וואָס איז דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פון דעם דאָזיקן לעבן? דאָס, וואָס
יעדער באַזונדערער עטאַפּ פון זיין אומאויפהערלעכער שעפערישער באַוועגונג
פאָרוים איז אַ סינטעז פון די עיקרדיקע, דויערהאַפטיקע מאָמענטן אין דער גע=
שיכטע פון פאָלק ביז איצט, און גלייכצייטיק אַ יונגער און פרישער אָנהייב פון
אַ נייער צייט. עס פּאַראייניקט אַזויאַרום אין זיך דורות=לאַנגע רעאַלע דערפאַ=
רונג און יוגנטלעכן ענטוזיאַזם און טרוים.

די אומגעהייערע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע בויונגען, די ריזיקע ענ=
דערונגען אין שטאָט און אויפן דאָרף, די גרינטלעכע מאָראַלישע איבערגעשטאַל=
טיקונג פון מענטש זענען דער אָנהייב פון אַ פּראָצעס, וואָס זיין קרוינונג, ווי
דער שפּיץ פון אַ באַרג, וואָס איז איינגעטונקען אין זון, דאַרפן מיר ערשט דערגאָ=
בערן. ווי ביי אַ באַרג=גייער איז דער וועג פול מיט שטרויכלונגען, מיט שוועריג=
קייטן, מיט געפאַרן, אָבער אויך פול מיט פרייד, מיט יוגנטלעכער געוואַגטקייט,

מיט אויפדעקן אַלץ ברייטערע און גרעסערע האָריזאָנטן, מיט אַנטפּלעקן אַלץ מער־און מער די שיינקייט פון דער וועלט. צו אַזאַ גאַנג דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, זיין צוגעגרייט, האָבן דערפאַרונג, שטודירן, אויספאָרשן אַלע קרומע סטעזשקעס, וואָס פירן ביי דער זייט פון די אָפּגרונטן, אָבער מע דאַרף אויך האָבן פאַנטאַזיע, מע דאַרף אויך קאָנען טרוימען, נישט פאַרלירן טיילמאָל אין דער גרויקייט פון וואָכעדיקע טעג די וויזיע פון דער מאָרגנדיקער שיין, פון דעם זון־ליכט אין דער הייך.

צי איז, אויב אַזוי, נישט דער ראָמאַנטישער מעטאָד צומאָל דער סאַמע־פּאַסיקסטער פאַר ארומנעמען דאָס דאָזיקע לעבן און אויסשעפּן זיין פולע קאָמ־פּליצירטע טיף? אָן שום ספק נישט, ווייל די ראָמאַנטיק, וועלכע איז אין דעם לעבן אומבאַדינגט פאַראַן, איז פון גאָר אַן אַנדער מין. זי וואַקסט אַרויס פון אַ קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, אָן וועלכער זי האָט נישט קיין שום עקזיסטענץ.

אָבער אויך די קריטיש־רעאַליסטישע פאָרם איז נישט אימשטאַנד צו געבן אַ פול און אויסשעפּלעך בילד פון דעם דאָזיקן לעבן, צו אַנטפּלעקן פאַר אונדז נישט בלויז דעם אמת פון זיין אויסערלעכן פאַרלויף, נאָר אויך זיינע אינערלעכע טרייב־כוחות, די שיין פון דעם גרויסן חלום, וואָס באַלייכט און סטימולירט זיין וועג פאָרויס. די קריטיש־רעאַליסטישע פאָרם, וועלכע איז געוויינלעך פאַרקוקט אויף דער קעגנוואַרט, ווען אַפילו אויף די סאַמע כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן אירע, אָן דער וויזיע וועגן דער צוקונפט,אָן דעם דערזען אין יעדער בליעכץ פון היינט די פּרוכט פון מאָרגן, — איז נישט אימשטאַנד צו געבן דאָס דאָזיקע לעבן אין זיין עיקרדיקן תוך.

דער איינציקער מעטאָד, וועלכער קאָן געבן דעם פולן אויסדרוק פון אונ־דזער היינטיקער ווירקלעכקייט אין איר ראַשער אַנטוויקלונג פאָרויס, וועלכער איז בכוח צו באַהערשן אונדזער היינצייטיקע טעמע און זי קינסטלעריש אַרויסברענ־גען אין איר גאַנצער דינאַמיק, — דאָס איז דער מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

ער איז דער איינציקער דערפאַר, ווייל ער איז פונקט ווי דער נייער אינהאַלט גיפּאַ אַרויסגעוואַקסן אָרגאַניש און נאַטירלעך פון דער זעלבער פאַזע אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, ווען די דאָמינירנדיקע געזעלשאַפטלעכע באַ־וועגונג פון דער צייט, די אַרבעטער־באַוועגונג, האָט זיך פולשטענדיק באַוווסט־זיניק און קאָנסעקווענט באַהאָפטן מיט דער גרויסער אידעע פון סאָציאַליזם און דורך דעם געוואָרן צילבאַוווסט פון איר אייגענעם נויטווענדיקן גאַנג און פון איר אַלגעמיינער באַדייטונג. דאָס הייסט, ווען צוגלייך מיט דעם אָביעקטיוון און נויט־ווענדיקן גאַנג פון דער געשיכטע, האָט אָנגעהויבן ווירקן דער סוביעקטיווער פאַק־טאָר פון מענטשלעכן וויסנשאַפטלעכן געדאַנק און פון עטישער דערקענטעניש, וועלכער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט ענדערן דעם דאָזיקן גאַנג, דערפאַר־

אָבער באַוויזן אָנצופירן מיט אים דורך דעם אַריינטראָגן אין זיין בלינדער סטיכישקייט דאָס ליכט פון פאָרויסזען און דורך אויפהייבן זיין מכלומרשט פאַטאַליסטישע גורלדיקייט צו דערקענטער נויטווענדיקייט, וואָס איז די העכסטע פאָרם פון מענטשלעכער פרייהייט.

די דאָזיקע פרייהייט האָט עס אַראָפּגענומען אַלע פענטעס, וועלכע האָבן געהאַמעוועט די אַנטוויקלונג פון מענטשן ביז איצט, צוגערויבט פון אים זיין זעלבשטענדיקייט, געמאַכט אים אונטערטעניק צו דרויסנדיקע ווילקירלעכע כוחות, געהאלטן אים אין געפענגעניש פון אומוויסנקייט און שרעק, — און אזויארום געעפנט פאַר אים דעם וועג פון גרענעצלאָזן וווקס.

די באַוועגונג, די אומאויפהערלעכע ענדערונג פאָרויס, איז געוואָרן די כאַמע כאַראַקטעריסטישע פאָרם פון דער נייער ווירקלעכקייט, און די דאָזיקע נייע פאָרם האָט אויך געשאַפן איר מעטאָד, וואָס זיינע הויפּט־אייגנשאַפטן זענען:

דאָס אַרויסהייבן אַלע דערשיינונגען פון לעבן אין זייער נויטווענדיקייט,
אין זייער פאַרבונדנקייט מיט דער צייט און מיטן אָרט,
און אין זייער אומאויפהערלעכער באַוועגונג.

דאָס שאַפט דעם אָביעקטיוון כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן מעטאָד, זיין קאָנקרעטן אופן פון אויפנעמען און, דער עיקר, זיין פאָרויסזעעודיקע קראַפט, מיט וועלכער ער דרינגט אַדורך יעדן שטאָף, אומאָפּהענגיק פון זיין אינהאַלט, מיט אַ טיפער אָפּטימיסטישער טענדענץ.

דער דאָזיקער מעטאָד גיט אַלע מעגלעכקייטן פון אינדיווידועלער שעפערישער איניציאַטיוו צו רעאַליזירן אויסשעפנדיק און פאַרטיפט פון שטאַנדפונקט פון אונדזער היינטיקן וויסן און באַוווסטזיין יעדע טעמע, ווי אויך אַרויסצוהייבן יעדע געשעעניש און געשטאַלט דורך זייערע סאַמע טיפישע מאָמענטן, דאָס הייסט אין פערספּעקטיוו פון זייער נויטווענדיקער אַנטוויקלונג.

אין אויספיר — נישט אין דער טעמע גופא ליגט די הויפּט שוועריקייט פון איר קינסטלערישער פאַרקערפּערונג, נאָר, ווי שוין אויבן געזאָגט, אין דעם נישט גרינטלעכן אויפנעמען און באַנעמען זי, אין דעם נישט אונטערשיידן אין איר דאָס נויטווענדיקע פון צופעליקן, דאָס דויערהאַפטע פון פאַרגענגלעכן, ווי אויך אין דער נישט־גענוגנדיקער דערקענטעניש פון איר אָרגאַנישער און אינטימער פאַרבונדנקייט מיט דער נייער פאָרם, וועלכע איז געבוירן געוואָרן פון דער זעלבער געשיכטלעכער פאַליע און איז איינאונאיינציק באַרופן צו געבן איר דעם פולסטן אויסדרוק, — דאָס הייסט מיט דער פאָרם פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

# וועגן קינסטלערישן אמת

אונטערן באַגריף פון רעאַליזם אין דער ליטעראַטור פאַרשטייען מיר געוויינ־לעך די שטרעמונג, וועלכע האַלט, אַז די אויפגאַבע פון דער ליטעראַטור איז אָפּ־צושפּיגלען דעם אמת פון לעבן. אָבער די דאָזיקע דעפיניציע פאָדערט אַן אויפ־קלערונג, ווייל נישט דאָס אַלץ, וואָס איז אמת אין לעבן, איז אויך אמת אין דער קונסט.

למשל, דאָס לעבן פון יעדן מענטשן באַשטייט פון אַן אַ שיעור קליינע און צופעליקע האַנדלונגען, וואָס יעדע פון זיי איז אמת, אויף וויפל זי איז ווירקלעך געשען. אָבער ווען מיר וואָלטן געפּרווט געבן אַ קינסטלעריש בילד פון אַ וועלכן ס׳איז מענטשן אויפן סמך פון אַזעלכע קליינע און צופעליקע האַנדלונגען, דעמלט וואָלטן מיר באַקומען אַן אויסגעקרומט און פאַלש בילד.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

דאָס איז דערפאַר, ווייל נישט אַלע פאַקטן און האַנדלונגען, וועלכע געשען ווירקלעך אין לעבן, אַנטשפּרעכן דעם כאַראַקטער פון דער סביבה, אין וועלכער זיי קומען פאָר, אָדער דער כאראקטער פון דער געשטאַלט, וועלכע איז זיי גורם. זייער אמת איז אָפט אַ באַגרענעצטער אין דעם זין, וואָס ער באַציט זיך נישט צו זייער עצם וועזן, נאָר צום בלויזן פאַקט פון זייער עקזיסטענץ, פון זייער האָבן געשען.

נישט זעלטן טרעפט — אויף קריטישע באַמערקונגען לגבי אַ ליטעראַריש ווערק, אַז דער אָדער יענער פאַקט, צי די אָדער יענע האַנדלונג איז נישט וואָר־שיינלעך, אָדער אַז ס׳זענען אָנגעהויפט אין דעם צו פיל נישט וועזנטלעכע פּרטים, — קומט אַן ענטפער:

— ווי קאָן זיין נישט וואַרשיינלעך, אַז אַלץ איז גענומען דירעקט פון לעבן. אָדער:

— וואָס מער פּרטים, אַלץ אָביעקטיווער, אַלץ אמתדיקער, אַלץ ווייניקער טענדענציעז.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ ענטפֿער באַדייט דאָס גישט באַנעמען דעם עצם תוך פֿון קונסט, וועלכע איז נישט קיין פּאַסיווע אָפּשפּיגלונג פֿון דער ווירקלעכקייט, נאָר די ווירקלעכקייט געזען דורך אַן אַקטיווער שעפֿערישער פּערזענלעכקייט. דאָס הייסט, אַז די קונסט שליסט איין אין זיך די טענדענץ נישט בלויז ווי אַ סוביעקטיוון עלעמענט, וועלכע עפֿנט אויף די אינערלעכע וועלט־אָנשויונג פֿון קינסטלער, נאָר העלפֿט אויך צו דורך דעם געהעריקן אָפּקלייב פֿון צווישן די געשעענע פֿאַקטן און האַנדלונגען די סאַמע וועזנטלעכע — אויפֿצושטעלן אַ טיפּיש און נויטווענדיק בילד פֿון דער ווירקלעכקייט.

די טיפּישקייט און נויטווענדיקייט פֿון בילד זענען די ערשטע און וויכטיקסטע קען־צייכנס פֿון יעדן קינסטלערישן אמת.

אָבער ווי יעדער באַגריף, איז אויך דער באַגריף פֿון קינסטלערישן אמת היסטאָריש באַדינגט, אַפֿילו אין די ראַמען פֿון רעאַליזם גופֿא.

פֿאַר דעם קריטישן רעאַליזם, וועלכער האָט דאָס לעבן געזען און אויך געשילדערט ווי אַ פּראָצעס, וואָס אַנטוויקלט זיך עוואָלוציאָנער, האָט טיפּישקייט באַדייט כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפֿטן פֿון אַ באַשטימטער סביבה אָדער געשטאַלט, וועלכע זענען אין דורכשניט געמיינזאַם פֿיל ענלעכע אַזעלכע סביבות און געשטאַלטן, און נויטווענדיקייט — דאָס, וואָס פֿליסט אַרויס קאָנסעקווענט פֿון באַשטימטע עקזיסטירנדיקע סיבות.

למשל, שילדערנדיק געטריי דאָס לעבן אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפֿט, דעקט אויף דער קריטישער רעאַליזם אמתדיקע בילדער פֿון מאַטעריעלער און גייסטיקער אונטערדריקונג, פֿון רעליגיעזער צביעות און מאָראַלישער אויסגעלאַסנקייט, וועלכע זענען געמיינזאַם און כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יעדער קאַפּיטאַליסטישער סביבה, ווי אויך בילדער פֿון אָרעמקייט און נויט צווישן די פֿאָלקס־מאַסן, וועלכע זענען אַ קאָנסעקווענטער רעזולטאַט פֿון די ערשטע.

דער קריטישער רעאַליזם זעט אָבער נישט, אין אַלגעמיין גענומען, אין די ראָזיקע דערשיינונגען דעם אָנוווקס פֿון נייע ווערטן, וועלכע פֿירן צו אַזעלכע קוואַליטאַטיווע ענדערונגען, וואָס געפֿינען זייער אויסדרוק אין אַ רעוואָלוציאָנערן איבערברוך. זיין רעאַליזם, און במילא אויך זיין קינסטלערישער אמת, איז דערווייל נאָך באַגרענעצט בלויז צו דער קעגנוואַרט. וועגן דער צוקונפֿט איז זיין פֿאָרשטעלונג אין בעסטן פֿאַל אַ ריין אוטאָפּיסטישע, ד. ה. אַן אידעאַליסטישע.

דאַקעגן פֿאַר דעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם, וועלכער באַנעמט די קעגנוואַרט ווי אַ פֿראַגמענט פֿון אַן אומאויפֿהערלעכן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, פֿול מיט רעוואָלוציאָנערע איבערשפּרונגען, איז טיפּישקייט נישט בלויז דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר באַשטימטע דערשיינונגען אין דער קעגנוואַרט, נאָר דאָס, וואָס שטעלט פֿאָר מיט זיך אין די ראָזיקע דערשיינונגען די ערשטע שפּראָצן פֿון דער צוקונפֿט. דעסגלייכן איז אויך די נויטווענדיקייט נישט בלויז דאָס, וואָס

פליסט אַרויס קאָנסעקווענט פון באַשטימטע סיבות, נאָר דער עיקר דאָס, וואָס אַנטשפּרעכט דעם אָנוווקס פון נייע כוחות.

אין דער פּראַקטיק פון קינסטלערישן שאַפן באַדייט דאָס נישט די פאַרלייקענונג פון קריטיש־רעאַליסטישן אמת, נאָר זיין פאַרטיפונג אין דעם זין, וואָס ער ווערט אַריבערגעטראָגן אין הינטערגרונט, ווי דער באָדן, פון וועלכן עס וואַקסן אַרויס גויטווענדיק נייע, קוואַליטאַטיוו אַנדערשדיקע דערשיינונגען. דאָס הייסט, אַז דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם — אויב מיר זאָלן זיך שוין האַלטן ביי דעם ערשטן ביישפּיל — שטעלט נישט בלויז פעסט די אונטערדריקונג, צביעות, אויסגעלאַסנקייט אדג״ל אין דער קאַפּיטאַליסטישער סביבה, נאָר רוקט אַרויס אויפן ערשטן פּלאַן די עלעמענטן פון איר אינערלעכער נויטווענדיקער צעפאַלונג; דעמגלייכן שילדערט ער נישט סתם די אָרעמקייט, נויט אדג״ל צווישן די פאָלקסמאַסן, נאָר אויסשליסלעך פון שטאַנדפּונקט פון די רעזולטאַטן, וועלכע זיי געבוירן און וועלכע נעמען אָן די פאַרשידנאַרטיקע פאָרמען פון קאַמף פאַר אַ בעסער, שענער און גערעכטער לעבן.

דער אונטערשיד צווישן דיביידע קינסטלערישע אמתן שפּיגלט אָפּ דעם אָביעקטיוון וווקס פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג און גלייכצייטיק אויך דעם וווקס פון אונדזער באַוווסטזיין און פון אונדזער עסטעטישער דערקענטעניש. דער קינסטלערישער אמת הערט אויף צו זיין א סטאַטיש, ווען אפילו כאַראַקטעריסטיש, בילד פון דער ווירקלעכקייט און פאַרוואַנדלט זיך אין א דינאַמישן פּראָצעס, וואָס כאַפּט אויף יעדן מיגדסטן שטריך פון לעבן אין זיין באַוועגונג, שוין נישט בלויז קאָנסטאַטירנדיק געוויסע דערשיינונגען, נאָר זיי פּאָרויסזאָגנדיק. דערמיט דערגרייכט די קונסט איר העכסטע באַשטימונג, ווייל איר וויכטיקסטע אויפגאַבע פון באַזיניקן דאָס לעבן פון מענטשן הערט אויף צו זיין בלויז א פּאַסיוו־אויסטייטשערישע, נאָר ווערט אַן אקטיוו־סטימולירנדיקע, דאָס הייסט א דורכויס שעפערישע.

אַזאַ איז דער קינסטלערישער אמת פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

פאַר אונדזער היינטיקער ווירקלעכקייט, וואָס יעדע קעגנווערטיקע, צייטלעכע אויסערונג אירע איז גלייכצייטיק דער סך־הכל פון מיפולע אָנשטרענגונגען ביז איצט אין דער אָנהייב פון נייע, דער אויספיר און די לערע פון באַשטימטע דערפאַרונגען און דער סטימול פאַר ווייטערדיקע, דער רעזולטאַט פון ביז־איצטיקע נצחונות און דער גלויבן אין קומענדיקע, — פאַר דער ווירקלעכקייט אונדזערער איז דער קינסטלערישער אמת פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם דער סאַמע אַדעקוואַטער אויסדרוק פון איר וועזנטלעכן תוך.

# די אייניקייט פון פאָרם און אינהאַלט

די אייניקייט פון פאָרם און אינהאַלט איז שטענדיק געווען איינער פון די גרונטיקע יסודות פון מאַרקסיזם. איר אַלגעמיינער קלאַסישער אויסדרוק איז די אייניקייט פון טעאָריע און פראַקטיק, פון געדאַנק און זיין רעאַליזירונג. די פאָרם איז די פראַקטיק פון קינסטלערישן געדאַנק, זיין קאָנקרעטע פאַרקערפּערונג.

„אין דער פראַקטיק, — זאָגט מאַרקס אין זיינע טעזן וועגן פייערבאַכן, — מוז דער מענטש באַווייזן די אמתדיקייט, ד. ה. די ווירקלעכקייט, די קראַפט, די ערדישקייט פון זיין טראַכטן“.

דאָס האָט אַ טיפע שייכות צו אַלע געביטן פון מענטשלעכער טעטיקייט.

דורך דער פאָרם, וועלכע איז די קינסטלערישע פראַקטיק, מוז דער קינסטלער באַווייזן די אמתדיקייט, ד. ה. די ווירקלעכקייט און די קראַפט פון זיין קינסטלערישן געדאַנק.

און קינסטלערישער געדאַנק, קינסטלערישער אינהאַלט, איז נישט קיין לאָגישע קאָנסטרוקציע בלויז פון אינדיפערענטע אַבסטראַקטע באַגריפן, נאָר אַ טיף אינטימע פאַרבינדונג פון קאָנקרעטע בילדלעכע פאָרשטעלונגען, אין וועלכע אָביעקטיווע אָבסערוואַציע פון דרויסנדיקע קעגנשטאַנדן איז ענג פאַרבונדן מיט אינדיווידועלער איבערלעבונג — אין אייניקע פאַלן פון לירישע צושטאַנדן אפילו ביז אידענטיפיצירונג — אָדער פאַרקערט, סוביעקטיווע צושטאַנדן ווערן אָביעקטיווירט, פאַראַלגעמיינערט, שמעלצן זיך צונויף מיט דער דרויסנדיקער וועלט.

אין ביידע פאַלן קומט פאָר די דאָזיקע פאַרשמעלצונג ביי אַ באַשטימטער טעמפּעראַטור, וועלכע איז אינדיווידועל פאַר יעדן קינסטלער באַזונדער און איז איינער פון די וויכטיקסטע עלעמענטן פון זיין אייגנאַרטיקן סטיל.

דער גאַנצער פּראָצעס פון שאַפן באַשטייט אייגנטלעך אין דעם געראַנגל פון קינסטלער צו געפינען דעם אָביעקטיוון אויסדרוק פאַר זיין סוביעקטיוון אופן פון באַנעמען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג, אָדער, וואָס איז איינס און דאָס זעלבע, צו געפינען די אַדעקוואַטע פאָרם פאַר דער אָדער יענער טעמע, נישט אין איר

אַלגעמיינקייט, נאָר אַזוי, ווי ער האָט זי דערזען, ווי ער האָט זי איבערגעלעבט, ווי אויך אין דער טעמפּעראַטור, אין וועלכער ער האָט זיך מיט איר באַהאָפטן.

די פאָרם איז אַזוי אַרום נישט קיין זאַך, וואָס קומט פון דרויסן, ווערט אָפּגעריסן פון אינהאַלט, נאָר, פאַרקערט, וואַקסט אַרויס פון אינהאַלט, איז דירך אים באַדינגט און פון אים אָפּהענגיק.

יעדער איבערוווּקס פון פאָרם, יעדער פּרווו זי צו פאַרזעלבשטענדיקן, ווי אַן אויטאָנאָם געביט, פירט אין ענדגילטיקן סך-הכל צו פאָרמאַליזם, ד. ה. צו דער דעגענערירונג פון דער פאָרם, צו איר אייגענער פאַרלייקענונג אונטער דעם צודעק פון פּוסטער ווערטער-שפּיל, שיינרעדעריי און מליצה.

דאַקעגן פירט יעדע פאַראָרעמונג פון דער פאָרם, יעדע הינטערשטעליקייט אירע לגבי דעם אינהאַלט — צו סכעמאַטיזם, ד. ה. צו דער ניוועלירונג פון דעם אינהאַלט, צו זיין אַבסטראַהירונג און פאַראַלגעמיינערונג, און דערמיט גופא, צו דער איבערשטרייכונג פון זיין אמתדיקייט, פון זיין ווירקלעכקייט, פון זיין איבערצייגונגס-קראַפט.

ביידע פאַלן האָבן אַזוי אַרום א שייכות נישט בלויז צו ריין קינסטלערישע אויסדרוק-מיטלען, נאָר גרייכן פיל טיפער — צו דער ספערע פון אידעאָלאָגישע אויסווירקונגען.

דער פאָרמאַליזם — ווי דער אויסדרוק פון פאַרשידענע טעאָריעס פון קונסט לשם קונסט, וועלכע נעגירן יעדן בונד צווישן ליטעראַטור און לעבן, פאַרלייקענען די געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דער ליטעראַטור און איר דערציערישע באַשטימונג — אַנטשפּרעכט דעם אידעאַליזם אין זיין צעלייגונגס-פאַזע.

דער סכעמאַטיזם ווידער, ווי די אָפּשפּיגלונג פון פאַרשידענע מעכאַניסטישע טעאָריעס, וועלכע זעען נישט האָס ספּעציפישע פון לעבן, קרימען אויס די ווירקלעכקייט דורך פאַראייניאַכן די לעבנס-דערשיינונגען, דורך אידענטיפיצירן זיי איינע מיט די אַנדערע, דורך אַריינפירן אין די סאַמע קאָמפּליצירטע פּסיכישע און סאָציאַלע פּראָצעסן די אויטאָמאַטישקייט פון פיזישע דערשיינונגען, — דערפירט אין ענדגילטיקן סך-הכל צו דעם זעלבן רעזולטאַט פון פאַרווישן די רעאַליטעט, פון שילדערן מיט איין פאַרב איר פילקאָלירנדיקן אינהאַלט, וואָס באַדייט פיילווייזע אָדער פולשטענדיקע פעלשונג פון דער ווירקלעכקייט.

די דאָזיקע צוויי אויסקרומונגען פון דער פאָרם אין דער ריכטונג פון פאָרמאַליזם אָדער סכעמאַטיזם, זענען נישט אָפּהענגיק פון דער טעמע. אַפילו טעמעס פון אונדזער היינטיקער נייער ווירקלעכקייט, וועלכע וויקלט זיך אויף אַזוי פילפאַרביק און פילגעשטאַלטיק, ווי א לעבעדיקער קוואַל, גובר זייענדיק אויף איר וועג אין שווערן און קאָמפּליצירטן געראַנגל אַלערליי שוועריקייטן, — אַפילו אַזעלכע טעמעס מיט אַזאַ אינערלעך דיפערענצירטער רייכקייט פון אינהאַלט זע=

נען אויך אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר פון פאָרמאַליסטישער אָדער סכעמאַ־טישער טראַקטירונג.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, קודם־כל אָפּהענגיק פון שרייבער גופא, פון זיין אינערלעכער באַציונג צו דער טעמע, פון זיינע קינסטלערישע מעגלעכקייטן. די פאָרמאַליסטישע טראַקטירונג זאָגט עדות, אין דער ערשטער ריי, וועגן אַ גרינג־שעצנדיקער באַציונג צום אינהאַלט, דער סכעמאַטיזם — וועגן דער אומפעיקייט צו באַהערשן דעם מאַטעריאַל.

עס דאַרף אָבער אויך גענומען ווערן אין באַטראַכט — ספּעציעל אויב עס גייט אין פאָרמאַליזם — די באַווירקונג פון אַלטע אָפּגעלעבטע פאָרמען, ווי אויך פון היינטצייטיקע פרעמדע און שעדלעכע איינפלוסן.

די אַדעקוואַטע פאָרם, ווי שוין אויבן געזאָגט, וואַקסט אַרויס אָרגאַניש פון אינהאַלט. זי איז דעריבער ערשטיק און פריש, ניי־געבוירן דורכן קינסטלער. עס רוט אויף איר דער חן און די אויטענטישקייט פון עכטער איבערלעבונג. זי איז פול און אָריגינעל און ווירקט אויסשליסלעך אין גייסט און אין דער ריכטונג פון אינהאַלט.

אָבער אין דער וועלט פון קונסט, וואָס די הויפּט־באַשטעטיקונג פון איר עק־זיסטענץ איז איר לעבעדיקייט, איר אומאויפהערלעכע אַנטוויקלונג פאָרויס, בלאָנדזשען אויך אום טויטע וועזנס, ווערטער, אויסדרוקן און מעטאַפאָרן, וואָס דער אינהאַלט, וועלכן זיי האָבן אַנטשפּראָכן, איז שוין לאַנג פאַרשוווּנדן, אָדער ער געהער צו אַ פרעמדער, פיינטלעכער וועלט. אָבער צי קאָנען אויסדרוקן, רעדנס־אַרטן און פאָרמען, וועלכע האָבן אַנטשפּראָכן אַ לעבנס־שטייגער מיט הונדערט צי־מיט פופציק יאָר צוריק, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַסאָציאַציעס מיט געשטאַלטן און געשעענישן אַקטועלע אָדער באַקאַנטע נאָר פאַר יענער צייט, — צי קאָנען זיי פאַרקערפּערן מיט זיך נייע אינהאַלטן?

שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אין דעם פאַל פאַרשווינדן די פרישקייט און אוממיטלבאַרקייט פון דער פאָרם, איר איבערצייגנדיקע קראַפט, וועלכע זענען דער אויסשליסלעכער רעזולטאַט פון אָריגינעלער, ערשטיקער איבערלעבונג ביים דירעקטן קומען אין באַרירונג מיט נייעם שטאָף, און ווען זיך אויס יעדעס מאָל, ווען מערערע עלעמענטן אירע זענען גענומען פון גרייטן. דאָס פאַררופן זיך אויף טראַדיציע, ירושהדיקייט, קאָנטינואיטעט, אדג"ל זאָגט בלויז עדות וועגן אַן אוי־בערפלעכלעכער, מעכאַנישער אויפפאַסונג פון דעם פּראָבלעם און נישט וועגן אַ טיפערן פאַרטראַכטן זיך וועגן די עלעמענטן אין אונדזער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע שאַפן באמת אונדזער טראַדיציע און וועלכע מיר דאַרפן ירשענען און קאָנטינואירן.

אין אונדזער נייסטער ליטעראַטור, דער סאַמע פּראָגרעסיווער אין אירע אינטענצן, וואָגלען נאָך אַרום אַזעלכע טויטע נפשות, פאַרעלטערטע באַגריפן און

בילדער, פּאַרצייטיקע אויסדרוקן, רעדנסאַרטן און מעטאַפאָרן, וואָס אַנווענדנדיק זיי צו אונדזער נייעם לעבן, העלפן זיי נישט דאָס דאָזיקע לעבן בעסער צו פאַרשטיין, צו דערזען עס אין זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג, נאָר, פאַרקערט, פאַרנעפּלען עס, ציען עס צוריק צו פאָרשטעלונגען פון אַ ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

אויך דאָס איז פאָרמאַליזם, אויף וויפל מיר פאַרשטייען אונטער דער דאָזיקער באַצייכענונג יעדע פאָרם, וואָס קומט נישט אויף אָרגאַניש פון אינהאַלט און, במילא, דריקט זי נישט אויס אין דער פולער מאָס, נאָר, פאַרקערט, פאַרנעפּלט אים מיט שאָטנס פון פרעמדע אינהאַלטן.

דאָס איז אומבאַדינגט אַ געפאַר, וועלכע מע דאַרף סיגנאַליזירן אין יעדן קאָנקרעטן פאַל באַזונדער.

אָבער נאָך אַ גרעסערע געפאַר שטעלט פאָר מיט זיך דער סכעמאַטיזם, די גרינגשעצונג פון דער פאָרם, דאָס אויסמיידן די שעפערישע אָנשטרענגונג פון שווערן און, טיילמאָל, אויך לאַנגן זוכן דעם פּאַסיקן אויסדרוק פאַר דעם געגעבענעם אינהאַלט און דאָס לאָזן זיך גיין אויף דעם וועג פון לייכטסטן ווידערשטאַנד אונטערן שוץ פון „אַבי אידעאָלאָגיש איז עס אין אָרדענונג“.

שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס דער סכעמאַטיזם — אָפּהענגיק פון זיין פאַרנעם — נידערט אַראָפּ אָדער שטרייכט אינגאַנצן איבער די קינסטלערישע זייט פון יעדער שאַפונג, באַשטייט זיין געפאַר דער עיקר אין דעם נישט פאַרשטיין די טיפע שייכות צווישן דער קינסטלערישער און אידעאָלאָגישער זייט, אין דעם נישט באַנעמען, אַז אויך די אידעאָלאָגיע קאָן נישט אין אַזאַ פאַל זיין אין אָרדנונג.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר באַשטימטע צייטן און סביבות, סיי אין הינזיכט פון זייער קעגנווערטיקן צושטאַנד, סיי אין הינזיכט פון די אָנוואַקסנדיקע אין זיי כוחות פאַר דער צוקונפט, ווי אויך דאָס אַלגעמיינע און ריין=אידעישע פון יעדער טעמע — קאָנקרעטיזירט זיך אויסשליסלעך אין איינצלנע געשטאַלטן און אין איינצלנע געשעענישן. באַווייזן דעריבער די ווירקלעכקייט און די קראַפט פון דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם, אָדער ריין=אידעישן, קאָנען מיר נאָר דורך די קאָנקרעטע אינדיווידועלע האַנדלונגען פון די געשטאַלטן און דורך דעם פּראַקטישן פאַרלויף פון די געשעענישן, ד. ה. דורך דעם אויסגעפינען די פּאַסיקע פאָרם, וועלכע איז אימשטאַנד אויסצודריקן די אַלזייטיקייט פון זייער אייגנאַרטיקער עקזיסטענץ אויף אַזאַ אופן, אַז מיר זאָלן זיי נישט בלויז דערזען און פאַרשטיין, נאָר אויך דערפילן און איבערלעבן און, במילא, אויך דערפילן און איבערלעבן די קראַפט פון דעם אידעישן, וואָס איז אין זיי קאָנקרעטיזירט. אין קעגנפאַל וועט אויך דאָס אַלגעמיינע צו אונדז נישט גרייכן, וועט בלייבן אַ הוילע אַבסטראַקציע.

אַזוי אַרום, סיי אין פאַל פון פאָרמעלע איבערטרייבונגען, שוין אָפּגערעדט פון פולשטענדיקן פאָרמאַליזם, סיי אין פאַל פון פאָרמלעכער גרינגשעצונג און

סכעמאַטישער טראַקטירונג פון דער טעמע — אין ביידע פאַלן טרעפט עס קודם=
כל אין אינהאַלט. דעריבער איז יער קאַמף פאַר אויפהייבן די פאָרם אַ פרינ=
ציפיעלער, אַז אידעאָלאָגישער אין זיין תוך, געווענדעט גלייכצייטיק סיי קעגן
פאָרמאַליזם, סיי קעגן סכעמאַטיזם, פאַר צוריקשטעלן די פולשטענדיקע איינהייט
פון פאָרם און אינהאַלט. די דאָזיקע איינהייט איז שטענדיק געווען איינער פון
די הויפט=יסודות אין דעם מאַרקסיסטישן באַנעמען פון ליטעראַטור און קונסט.
זי קומט צום אויסדרוק אין אַ מער אַלגעמיינער פאָרם אין דער אויבן ציטירטער
שטעלע פון מאַרקסן. לענין דייט אָן אויף איר דירעקט אין זיינע „פילאָזאָפישע
העפטן", ווען ער רעדט וועגן דעם, אַז „די פאָרם איז וועזנטלעך". מיט איר גייסט
זענען דורכגעדרונגען אַלע אַרויסטרעטן פון זשדאַנאָוון קעגן פאָרמאַליזם און סכע=
מאַטיזם אין איניקע ווערק פון דער סאָוויעטישער ליטעראַטור. שוין אָפגערעדט
דערפון, אַז אויף די פאַרשידנסטע אַנדערע געביטן פון עקאָנאָמישן, געזעלשאַפט=
לעכן און פאָליטישן לעבן טרעט אויף די דאָזיקע איניקייט פון פאָרם און אינ=
האַלט ווי אַן עיקרדיקסטער פרינציפ פון דער מאַרקסיסטישער לערע בכלל.

# דאָס פאָלק — דער קוואַל פון עכטער קונסט

די אידעאַליסטישע קונסט־טעאָרעטיקער פון אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען זעען אין דעם עצם אַנטשטייען פון קונסט אַ דערשיינונג פון ריין אינדיווידועלן כאַראַקטער. דאָס באַקומט זיין אויסדרוק אין זייערע דעפיניציעס פון קונסט, ווי אַ „געטלעכער פונק", אַ „געהיימניספולע קראַפט", אַ „שעפערישע אינטואיציע" אה"גל. אַזאַ איינשטעלונג איז זייער באַקוועם פון דעם שטאַנדפונקט פון ווייטערדיקן קאָנסעקווענטן פעסטשטעלן די פונקציע פון קונסט. עס הייסט: די קונסט פאַרקערפערט מיט זיך דעם פרייען אומאָפּהענגיקן גייסט, וועלכער שטייט העכער איבער אַלע ערדישע ענינים, איבער אַלע געזעלשאַפטלעכע קאָנפליקטן און איז נישט בלויז אַפּאָליטיש, נאָר איבערפּאָליטיש. עס הייסט אויך, אַז רעפּרעזענטירנדיק עפּעס אַן אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן גייסט אָדער אַן אַלגעמיינעם מענטשלעכן גייסט, אין אויסגעשפּראָכן אַבסטראַקטן זין פון דעם וואָרט, איז זי במילא, אָדער דאַרף זיין, די נעגאַציע פון יעדער קלאַסן־דיפערענצירונג, פון יעדן קלאַסן־קאַמף.

קלאָר, אַז אַזאַ לעזונג פון דער פראַגע אַנטשפּרעכט פולשטענדיק דעם אידעאַליזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען, ווי דער אידעאָלאָגיע פון דער בורזשואַזיע ספּעציעל אויף דעם עטאַפּ פון איר אינערלעכער נייטווענדיקער צעפאַלונג, אויף דעם אימפּעריאַליסטישן עטאַפּ, ווען דאָס איינהאַלטן די מאַכט אין אירע הענט טרעפט זיך אָן אויף אַז אַלץ מער אָנוואַקסנדיקער און אַלץ מער באַזיניקטער קעגנווירקונג פון איר לעגיטימען יורש — דעם פּראָלעטאַריאַט.

אָבער די פאַרשידענע אידעאַליסטישע קונסט־פרעדיקער, פונקט ווי זייערע באַלעבאַטים, די קאַפּיטאַליסטישע מאַכטהאָבער, זענען בלינד אין זייער קלאַסן־באַגרענעצטקייט אויף דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער און געזעצמעסיקער דערשיינונג אין דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. נעמלעך: זיי זעען נישט, אַז דער אויפרייס פון זייער וועלט און פון זייער וועלט־אָנשויונג קומט נישט בלויז אין רעזולטאַט פון אַ דרויסנדיקן אָנגריף, קעגן וועלכע זיי פּרוּוון זיך אַנטקעגנשטעלן מיט אַזעלכע אָדער אַנדערע מיטלען פון פיזישן געוואַלט און מאַ־

ראַלישער דעמאָראַליזירונג, נאָר ער קומט פון אינעווייניק, פון זיי גופא, פון דעם נויטווענדיקן פּראָצעס פון זייער אייגענער אַנטוויקלונג. אין פּונקט ווי די עקאָנאָמישע באַזע פון קאַפּיטאַליזם טראָגט אין זיך די אומפּשרותדיקע ווידערשפּרוכן, וועלכע פירן צו זיין אומפאַרמיידלעכן צוזאַמענבראָך, אַזוי אויך זיין גאַנצער אידעאָלאָגישער איבערגעבוי. די „געטלעכע פונקען" אָדער „געהיימניספולע אינטואיטיווע קרעפטן", אויפהייבנדיק זיך, אַזוי צו זאָגן, אַלץ העכער און העכער איבער די בלוטיקסטע מענטשלעכע אינטערעסן אין די אַבסטראַקטע ספערן פון דער „אַבסאָלוטער פרייער פערזענלעכקייט", באַפרייען זיך גלייכצייטיק פון יעדער מענטשלעכער מאָראַל און פאַרוואַנדלען זיך פון איבערמענטשן אין אוממענטשן, אויפרייסנדיק דערמיט יעדן באַגריף פון קונסט. דאָס באַשטעטיקן אין דער פולער מאָס, פון איין זייט, די פּלאַפּלערייען פון די פאַרשידענע פּראַגמאַטיסטן, נעאָ-פּאָזיטיוויסטן, נעאָ=רעאַליסטן און אַלע אַנדערע ענלעכע צו זיי אין לאַנד פון קלאַסישן אימפּעריאַליזם, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און, פון דער צווייטער זייט, די אָנווענדונג פון זייערע אידעאַליסטישע טעאָריעס אין דער פּראַקטיק פון דער משטיינסגעזאָגטער ליטעראַטור און קונסט, וועלכע פּרעדיקן אָפן גענגסטעריי און זנות, לינטש און מלחמה, פאַרגרעסערנדיק פון טאָג צו טאָג מיט דער שנעלקייט פון א מגפה די מחנות פון פאַרגוואַלטיקער און מערדער צווישן יונג און אַלט.

אזא איז דער קאָנסעקווענטער וועג פון דער אידעאָלאָגיע פון רויבערישן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אין אַלגעמיין. אזא איז ער אויך אויף דעם געביט פון קונסט. ער הייבט אָן פון „געטלעכע פונקען", „געהיימניספולע קרעפטן" און „פרייע פערזענלעכקייטן" און ענדיקט מיט גלאָריפיצירן דאָס פאַרברעכן אומשולדיקע נעגער און שלום=קעמפער און מיט פריי זיין פון יעדער מענטשלעכער מאָראַל בכלל, און גייסט פון דער היטלערישער עסטעטיק צו זען שיינקייט אין הורבות און גבורה אין ראַפינירטן מאָרד פון קינדער און זקנים.

אַזוי=אַרום עפנט אויף די „אומשולדיקע" דעפיניציע וועגן קונסט ווי אַן אינדיווידועלע דערשיינונג פון אומאָפּהענגיקע פרייע פערזענלעכקייטן איר אמתן תוך אַלס ראַפינירטע געווער צו דעמאָראַליזירן דעם מענטשן און אים פאַרוואַנדלען אין א מערדער און קרבן גלייכצייטיק אין די אינטערעסן פון קאַפּיטאַל.

אין דער אמתן איז די קונסט, כאָטש אינדיווידועל אין איר אויסדרוק, א דערשיינונג א קאָלעקטיווע אין איר אורשפּרונג, נישט קיין אָפּשטאַמיקע פון איינצלנע פרייע פערזענלעכקייטן, נאָר אזא, וואָס גרייכט מיט אירע וואָרצלען אין די טיפענישן פון פאָלק. דאָרטן ווינטערן אירע קערנער אין די שווערסטע און פינצטערסטע יאָרן פון אונטערדריקונג און רעאַקציע, פון דאָרט גייען זיי אויף און צעבליען זיך, ווי נאָר עס הייבן אָן בלאָזן וואַרעמע פרילינגס=ווינטן. די געשיכטלעכע דערפאַרונג האָט אונדז געוויזן, אז יעדע עכטע קונסט קומט אויף

אויסשליסלעך אין דער אַטמאָספער פון געזעלשאַפטלעכן רענעסאַנס, פון פעלקער=דערוואכונג, אין צייטן פון אָנרייפונג פון פּאָליטישן מאסן=באַוווסטזיין. דאָס באַשטעטיקט די עפּאָכע פון אויפקלערונג, פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציע, פון דעם גאנצן נייַנצנטן יאָרהונדערט מיט זיינע פרייהייטס=באַוועגונגען און פעלקער=אויפשטאַנדן. דאָס באַשטעטיקט באַזונדערס די עפּאָכע פון דער אָקטאָבער=רעוואָלוציע און פון די רעוואָלוציעס אין די פאָלקס=דעמאָקראַטישע לענדער, וועלכע האָבן צוריקגעקערט די מאַכט צו איר שורש, צום פאָלק, וואָס איז דער קוואַל פון יעדער עכטער קונסט, און צוריקגעשטעלט דעם ווערט פון יעדן מענטשן, אלס פרייען און זעלבשטענדיקן שעפער, — פון דעם מענטשן, וועלכער איז די אויסשליסלעכע ט ע מ ע פון יעדער עכטער קונסט.

די דאָזיקע צוויי אין גרונט פארשידענע עפּאָכעס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט דארף מען אונטערשיידן.

דער סאמע פראָגרעסיווסטער עטאַפּ פון דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע האָט געשטעלט אויף דער טאָג=אָרדענונג בלויז א טיילווייזע און רעלאַטיווע פרייהייט און גלייכהייט, און דאָס אויסשליסלעך אין פּאָליטישן זין. די עקאָנאָמישע אָפּהענגיקייט און פארקנעכטונג פון איין מענטשן דורכן צווייטן איז ווייטער געבליבן, אויב אפילו אין אן אנדער פאָרם. די פארשידענע פרייהייט=באַוועגונגען, וועלכע זענען פארבונדן מיט דעם דאָזיקן עטאַפּ, האָבן דעריבער געקענט צעוועקן און באַפרוכפּערן דעם קריטישן מענטשלעכן געדאנק בלויז אויף א באַגרענעצטן צייט=אָפּשניט און אין א באַשטימטער באַגרענעצטער פאָרם, ד. ה. אויף אזוי לאַנג, אויף וויפל ער איז נייטיק געווען פאר די אינטערעסן פון בורזשואַזן קלאַס, און ביז אזא גרענעץ, וועלכע האָט נאָך איבערגעלאָזט די מעגלעכקייט אים צוריק צו האַמעווען אין דער געהעריקער צייט. אין דער צייט ווען דער תוך פון דער סאָציאליסטישער רעוואָלוציע, פון דער רעוואָלוציע פון ארבעטער=קלאַס, איז די אַבסאָלוטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַפרייונג פון מענטש, און במילא אויך די אבסאָלוטע באַפרייונג פון מענטשלעכן געדאנק, דאָס אויפבינדן אלע גייסטיקע פעיקייטן פון מענטש אין דער ריכטונג פון אומאויפהערלעכער אַנטוויקלונג.

פונדאנען די צייטווייליקייט פון יעדן אויפבלי פון דער וויסנשאַפט און קונסט אונטער דער ממשלה פון דער בורזשואַזיע און זייער באַגרענעצטקייט אפילו אין סאמע פראָגרעסיווסטן פעריאָד, דאקעגן — דער פערמאַנענט שטייגערנדיקער כאַראַקטער פון דער וויסנשאַפט און קונסט, וועלכער קומט צום אויסדרוק אין די קולטור=רעוואָלוציעס פון די לענדער, ווו דער ארבעטער שטייט ביי דער מאַכט, קולטור=רעוואָלוציעס, וועלכע האָבן צו זיך, לויט זייער שווונג און פארטיפטקייט, ווי אויך לויט זייער מאָראלישער אָנלאָדונג, קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

# פאַר עכטן רעאַליזם

נישטאָ אזא דערשיינונג אין לעבן, וועלכע די ליטעראַטור זאָל נישט קאָנען אָדער נישט דאַרפֿן ארומנעמען. מענטשלעכע דערהויבנקייט און געפאַלנקייט, מוט און פחדנות, טרייקייט און פאַראַט, ליבע און אויסגעלאַסנקייט — אלץ איז א טעמע פאַר ליטעראַטור. אָבער נישט מער ווי אַ טעמע. די אָדער יענע דער־שיינונג גופא אין איר ליטעראַרישן לבוש באַקומט אַן אַנדערע באַלייכטונג, ווערט געוויזן אין אירע סיבות, ווערט באַזיניקט.

אין לעבן זעען מיר אזא אָדער אזעלכע האַנדלונגען פון א מענטש. אויף זייער סמך אורטיילן מיר וועגן אים. מיר זעען אָבער נישט זיינע איבערלעבונגען, זיינע אויפריכטיקע צי נישט אויפריכטיקע כוונות, מיר ווייסן נישט די סיבות פון זיינע האַנדלונגען. מיר קאָנען אזויארום האָבן נישט מער ווי א טיילווייז בילד פון דעם מענטש, אָבער נישט דעם גאַנצן מענטש.

די ליטעראַטור איז באַרופן צו ווייזן אונדז דעם גאַנצן מענטש — נישט בלויז זיינע האַנדלונגען, נאָר אויך זיינע סיבות, זיינע איבערלעבונגען דערביי.

א פאַרגאַנצט בילד פון א מענטש — הייסט נישט בלויז דערקענען בעסער און טיפער דעם דאָזיקן מענטש אלס יחיד, נאָר אלס טיפ. דאָס הייסט דערקענען דורך אים פיל ענלעכע צו אים, דערקענען זיין סביבה, זיין שיכט.

און דאָ קומען מיר צו צו איינער פון די עיקרדיסטע אויפגאַבן, וועלכע אונ־טערשיידן דעם רעאַליזם — פון די פאַרשידנאַרטיקע בורזשואזע דעקאַדענטישע ריכטונגען אין אונדזער צייט.

דער רעאַליזם באַטראַכט די ליטעראַטור ווי א ספּעציפישן קוואַל פון דער־קענטעניש, פון קינסטלערישער באַרייכערונג, ווי א מיטל אויסצובעסערן דעם מענטש, דערהייבן אים, פאַרברידערן אים מיט אַנדערע מענטשן.

די בורזשואזע דעקאַדענטישע ריכטונגען, פאַרקערט, באַטראַכטן די ליטע־ראַטור ווי עפּעס א מיסטישן זעלבסט־צוועק, ווי א מיטל פאַר אומאויפהערלעכער נשמה־גריבלעניש, פאַר אָפּזונדערן יעדן יחיד אין זיך און פאַר ארויסברענגען דאָס מיאוסע אין מענטש.

די גרונטיקע אונטערשידן צווישןביידע אופנים פון באַנעמען ליטעראַטור דיקטירן אויך די אויסדרוק־מיטלען.

דער רעאַליזם פירט דורך אַ סעלעקציע פון באַהאַנדלטן שטאָף, אָפּקלייבנדיק די סאַמע גויפּוועגדיקסטע און כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן פון יעדער גע־שטאַלט און געשעעניש און דורך דעם גופא אינדיווידואַליזירנדיק און פּאַרטי־פערנדיק זייער אייגנהאַלט ווי איינצלנע דערשיינונגען, און גלייכצייטיק אויך אַרויסהייבנדיק זיי ווי טיפּישע און כאַראַקטעריסטישע פאַר זייער צייט און סביבה. דאָס באַדייט, אַז דורך יעדן העלד און דורך יעדער געשעעניש האָבן מיר אָן באַקומען אַ באַגריף פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן שיכט, צו וועלכן דער העלד געהערט, האָבן מיר אָן צו פאַרשטיין די סיבות פון וווּקס אָדער אונטער־גאַנג פון דעם דאָזיקן שיכט, דערקענען מיר קלאָרער און באַוווּסטזיניקער דאָס לעבן.

די דאָזיקע קלאָרקייט און באַזיניקייט ליטערן אויך אויס און באַזיניקן אונ־דזערע געפילן, וועלכע עס רופן אַרויס די פאַרשידענע האַנדלונגען פון די העלדן. די מיאוסטע און נידעריקסטע טאַטן פון אַ וועלכן ס'איז העלד זענען נישט אימ־שטאַנד אין דעם פאַל צו דערנידעריקן אונדזער געמיט, צו פאַרמיאוסן אין אונ־דזערע אייגן דעם מענטש בכלל, ווייל מיר דערזען אין זיי נישט בלויז דעם פאַקט פון מענטשלעכער געפאַלנקייט, נאָר אויך זיינע סיבות, און במילא אויך די מיט־לען, ווי אים צו באַזייטיקן. דאָס אָביעקטיווע מיאוסע און שלעכטע ווערט אַזוי־אַרום דורך דער קונסט דערהויבן אין אונדז סוביעקטיוו, צו אַ סטימול פאַר גוטער טאַט. אין דעם אַליין איז שוין אַנטהאַלטן די גאַנצע ספּעציפישע קראַפט פון דער רעאַליסטישער קונסט און איר דערציערישע באַדייטונג.

דאַקעגן זענען די מיטלען פון די בורזשואַזע דעקאַדענטישע ריכטונגען פּונקט קעגנזעצלעכע. אין געיעג נאָך אָריגינעלע, אויסנאַמלעכע העלדן, וועלכע זאָלן קאָנען דינען אַלס מוסטער פאַר דעם טיפּ „איבערמענטש", וואָס קוקט מיט פאַראַכטונג אויף דעם מענטשלעכן לעבן און מיט גלייכגילט אויף מענטש־לעכע ליידן און אויף מענטשלעך בלוט, קאָפּירן זיי אַלע נידעריקע געוווינהייטן און אינסטינקטן, זוכן אויס דאָס געמיינע אין מענטשן, וואָס איז אייגן בלויז איינצלנע, און הויפּן אָן אין דער שילדערונג פון געשטאַלטן און געשעענישן דאָס אַלץ, וואָס איז צופעליק, נישט געוויינלעך, איבעראַשנדיק.

דאָס זענען אונטערשידן פון וועלט־אָנשויִלעכן כאַראַקטער, דאָס זענען צוויי באַזונדערע וועלטן. וואָס זייער שייד־ליניע איז בולט און קלאָר פאַר יעדן איינעם. אָבער אין דער ליטעראַטור און קונסט, אין דער פאַרקערפּערונג פון שרייבערישער פּראַקטיק זעט דער דאָזיקער ענין אויס אָפטמאָל פיל קאָמפּליצירטער.

פיל ווערק, וועלכע קאָנען לויט זייער אידעאָלאָגישער איינשטעלונג, לויט זייער אַלגעמיינער טענדענץ און טיילמאָל אַפילו לויט זייער עיקרדיקן מעטאָד

באַטראַכט ווערן ווי רעאַליסטישע, באַזיצן נאָך אָפּט רעשטן פון דעקאַדענטישע באַווירקונגען, וועלכע קומען צום אויסדרוק דער עיקר אין דריי וועזנטלעכע מאָמענטן.

ערשטנס, אין א טיילווייזער נאַטוראַליסטישער טראַקטירונג פון מאַטעריאַל דורך שענקען צופיל אויפמערקזאַמקייט און שעפערישע ענערגיע אומבאַדייטנדיקע פּרטים, ווי אויך דורך שילדערן געוויסע געשטאַלטן מיט קאַריקאַטורעלע מיטלען פון קליינלעכע, צופעליקע אייגנשאַפטן, דעגראַדירנדיק זיי אַזויאַרום צו פאַר־איינצלטע אויסנאַמלעכע עקזעמפּליאַרן, וועלכע זענען נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר זייער גאַנצער סביבה.

צווייטנס, אין א פאָרמאַליסטישער שיינשרייבעריי פון שילדערונגען לשם שילדערונגען, אָן שום אינערלעכער נויטווענדיקער פאַרבינדונג מיט דער גאַנצער פאַבולאַרער ליניע פון ווערק און מיט זיין הויפּט־אידעע.

דריטנס, אין אן איבערגעטריבענער פּסיכאָלאָגיזירונג און נשמה־גריבלעניש, וועלכע האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער פּסיכאָלאָגישער אויפעפענונג פון א גע־שטאַלט, נאָר אין א מין סתם איבן זיך אין „מייסטערשאַפט“.

די דאָזיקע רעשטן פון דעקאַדענטישע באַווירקונגען, וועלכע זענען זייער אָפט פאַרבונדן צווישן זיך און טרעטן אויף גלייכצייטיק, בידערן אַראָפּ דעם אידעאָ־לאָגישן און קינסטלערישן ניוואָ פון יעדן רעאַליסטישן ווערק, שוואַכן אָפּ און טיילמאָל אפילו מאַכן זיי צונישט זיין אַלגעמיינע רעאַליסטישע איינשטעלונג, פאַרקריפּלען די אינטענץ פון שרייבער גופא.

דער ווערט פון יעדער עכטער רעאַליסטישער קונסט ליגט קודם־כל, ווי שוין איבן געזאָגט, אין אירע דערקענטעניש־מעגלעכקייטן, אין איר געזעלשאַפטלעך־דערציערישער באַווירקונג. אָבער צי קאָנען שילדערונגען פון קליינלעכע, אומבאַ־דייטנדיקע פּרטים, פון איינצלנע אויסנאַמלעכע פיגורן, שילדערונגען לשם שיל־דערונגען, צוליב פאָרמעלער מייסטערשאַפט, צוליב שפּיל אין טאַלאַנט, — צי קאָנען זיי אונדז געבן א וועלכן ס'איז דערציערישע ווירקונג? קלאָר, אז נישט.

אָבער דאָס קאָנען זיי יאָ — פאַרטונקלען אונדזער דערקענטעניש, שעדיקן אונדזער דערציונג דורך דעם, וואָס די דאָזיקע קליינע אומבאַדייטנדיקע פּרטים, אָדער פאָרמעלע שילדערונגען הייבן אָן צו פאַרשטעלן פאַר אונדז די גרויסע און וויכטיקסטע לעבנס־פּראָבלעמען, וואָס די דאָזיקע פאַראיינצלטע, אויסנאַמ־לעכע פיגורן פאַרשמעלערן און טיילמאָל אפילו פאַרקריפּלען אונדזער באַגריף וועגן גאַנצע געזעלשאַפטלעכע שיכטן און קלאַסן, וועלכע די דאָזיקע פיגורן רעפּ־רעזענטירן מכלומרשט, אָדער וואָס דאָס דאָזיקע פּסיכאָלאָגיזירן פאַרנעפּלט די אמתע פּסיכישע צושטאַנדן פון געשטאַלטן, וואָס מיר ווילן דערקענען.

צי הייסט דאָס, אז מיר קאָנען אונטערשעצן די פאָרמעלע זייט פון א קינסט־לערישן ווערק לטובת דעם אינהאַלט, אז מיר דאַרפן לייגן דעם טראָפּ אויס־

שליסלעך אויפֿן אינהאַלט? שוין דאָס בלויזע אוועקשטעלן אַזוי די פֿראַגע, וואָלט באַדייט די אַבסאָלוטע איבגאָראַנץ פֿון דער ספּעציפֿיק פֿון קונסט. עס עקזיס־טירט נישט אַזאַ צעטיילונג פֿון פֿאָרם און אינהאַלט, ווען עס רעדט זיך וועגן עכטער קונסט. דאָס זענען צוויי זייטן פֿון איין און דער זעלבער דערשיינונג. יעדע אָפּשוואַכונג פֿון פֿאָרם שוואַכט אויך אָפּ דעם אינהאַלט, נישט בלויז אין זיין באַווירקונגס־קראַפֿט, נאָר אויך אין זיין אידעישן תוך, פֿאַרמינדערווערטיקט אים, פּונקט ווי יעדע אָפּשוואַכונג פֿון אינהאַלט, יעדע אידעישע פֿאַרנעפּלונג און פֿאַרשמעלערונג נידערט אַראָפּ דעם ניוואָ פֿון דער פֿאָרם. דער אידעאַל פֿון קונסט איז מייסטערשאַפֿט. ווער אָבער עס מיינט אונטער דעם דאָזיקן באַגריף בלויז די פֿאָרמעלע זייט, טראַכט אויבערפֿלעכלעך. דער באַגריף פֿון מייסטער־שאַפֿט אַנטהאַלט אין זיך די גאַנצע קונסט, סיי די פֿאָרם און סיי דעם אינהאַלט. דאָס האָט אונדז געלערנט די קלאַסיק. דאָס האָט זי מיט זיך אַליין באַשטעטיקט. אָן פֿאָרם־שלימות איז נישטאָ קיין רעאַליסטישע קונסט, אָבער די שפּיל אין פֿאָרם איז קיין פֿאָרם־שלימות נישט, פּונקט ווי די שפּיל אין מייסטערשאַפֿט איז קיין מייסטערשאַפֿט נישט.

דאָס אַלץ זענען פֿראַגן, וועלכע עס דאַרפֿן און קאָנען זיך קלאָר מאַכן קודם־כּל די שרייבער גופֿא. איך זאָג — זיי קאָנען, ווייל אונדזער לעבן, וואָס איז אַזוי קלאָר אין זיין אידעישן אינהאַלט און אַזוי דערהויבן אין זיין צילגעווענדטקייט, איז די בעסטע שול פֿון עכטן רעאַליזם. דאָס דאָזיקע לעבן לערנט אונדז וויאַזוי אָפּצוטיילן דאָס עיקרדיקע, דאָס וועזנטלעכע און נויטווענדיקע פֿון דעם צופֿעליקן, וויאַזוי אונטערצושיידן דאָס דויערהאַפֿטיקע פֿון צייטמעסיקן, וויאַזוי צו דערזען אין נעכטן דאָס, וואָס איז אויך וויכטיק פֿאַרן היינט, און אין היינט — דאָס לעבן פֿון מאָרגן און דעם מענטש פֿון מאָרגן.

כּדי אָבער די דאָזיקע לערע צו פֿאַראייגענען ווי געהעריק, איז נייטיק, אַז דער שרייבער זאָל וויניקער זיין פֿאַרקוקט אין זיך, און מער זיך צוקוקן, וואָס עס קומט פֿאָר אַרום אים, אַז ער זאָל נישט בלויז שעפּן פֿון זיין טאַלאַנט (אויך א טאַלאַנט שעפּט זיך אויס), נאָר ער זאָל אים אויך קולטיווירן, בילדן, אָנפֿילן אַלע מאָל מיט נייעם אינהאַלט און באַזיניקן דעם דאָזיקן אינהאַלט — מיט איין וואָרט, ער זאָל זיך לערנען, ווייל זיין א שרייבער־רעאַליסט — הייסט קודם־כּל זיין א באַוווסטזיניקער שרייבער.

# שעפערישע פרייהייט און טענדענץ

אין די ארויסטריטן פון דער בורזשואזער קריטיק קעגן דער ליטעראטור פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם הערן זיך צום אָפטסטן צוויי עיקרדיקע פאָרווורפן: מאַנגל פון שעפערישער פרייהייט און טענדענציעזקייט.

דער מאַרקסיזם, — טענהן די בורזשואזע קריטיקער, — צווינגט ארויף אויף דעם שרייבער א וועלטאָנשויונג, וועלכע זעט פאָרויס די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע לויט באַשטימטע געזעצן און אין א באַשטימטער ריכטונג, באַצייכנט דאָס אָרט פון יחיד אין דער געזעלשאַפט, און דערמיט גופא רויבט ער צו ביי אים די פרייהייט ביים לעזן א וועלכן ס'איז קאָנפליקט אָדער געשטאַלט, באַגרענעצט זיין פאַנטאַזיע. אייניקע פון צווישן די בורזשואזע קריטיקער געפינען אפילו איין א קעגנזעצלעכקייט צווישן דעם מאַרקסיסטישן באַנעם פון ליטעראטור, ווי אַן אָביעקטיווע אָפשפיגלונג פון דער ווירקלעכקייט, און דער פראַקטישער רעאַליזירונג, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט קעמפערישקייט, מיט סוביעקטיווער טענדענץ.

כדי זיך צו שאַפן דעם ריכטיקן באַגריף וועגן שעפערישער פרייהייט און טענדענציעזקייט, איז קודם=כל נייטיק צו זען, וויאַזוי די דאָזיקע „פרייהייט“ ווערט פאַרווירקלעכט איצט אין דער בורזשואזער ליטעראַטור גופא.

אין זיין ארטיקל „די מאָראַלישע צעלייגונג פון דער אמעריקאנער בורזשואַזער ליטעראַטור“ ברענגט דער אמעריקאנער פובליציסט און קריטיקער סעמועל סיללען ארויסזאָגונגען פון א גאנצער ריי אמעריקאנער שרייבער וועגן דעם איצטיקן צושטאנד פון דער אמעריקאנער ליטעראַטור. אזוי, למשל, שרייבט דער דראַמאַטורג פּאָל גרין אין „ניו=יאָרק טיימס“:

„די ירידה און דער באַנקראָט פון מענטשלעכן גייסט זענען, דאַכט זיך, היינט געוואָרן די הויפט=טעמע פון דער מערהייט פון אונדזערע שרייבער. מיט א בכיוונדיקער, צייטנווייז לירישער, פראָזאישקייט ליבן זיי אין כאָר די דעגראַדאַציע פון מענטש און די אומפארמיידלעכקייט פון זיין זינלאָזן אומקום“.

דער געהילפס־רעדאקטאָר פון דעם בורזשואַזן ליטעראַרישן זשורנאַל „סאַטער־דעי רעוויו“, עמי לאָוועלען, שרייבט:

„די דאָזיקע באמת פינצטערע און גאַליקע ליטעראַטור, וועלכע עס שאַפן די היינטיקע שרייבער, שלידערט עראָטישע פערווערסיע און אכזריות“.

דעסגלייכן כאַראַקטעריזירט דער בורזשואַזער קריטיקער וואַן וויק ברוקס די העלדן פון א סך היינטצייטיקע אַמעריקאַנער ראָמאַנען ווי אויסגעלאַסענע מענטשן, אלקאָהאָליקער, האָמאָסעקסואַליסטן, האַלבע אידיאָטן, וועלכע פארקערפערן מיט זיך בלויז האַס צום מענטש.

סעמועל סיללען גיט איבער דעם אינהאַלט פון איינעם אזא ראָמאַן פון פאָל באָולס, וועלכער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער היינטצייטיקער ליטע־ראַרישער פּראָדוקציע אין אַמעריקע.

דער אויטאָר גופא כאַראַקטעריזירט זיין העלד מיט די ווערטער: „ער האָט גאָרנישט געלייענט, גאָרנישט ליב געהאַט און מיט גאָרנישט זיך פאַרבונדן“. ער פאַרנעמט זיך בלויז מיט זנות־אָרגיעס, מיט מאָרד און האָט הנאה פון צוקוקן זיך צום בלוטיקן טאַנץ אויף מעסערס אין אַראַבישן קאַפע.

אין די שונדישע ווערק פון מיקקי ספּילעין, וועלכע צעגייען זיך אין 15 מיליאָן עקזעמפּליאַרן, ווערט דערלאַנגט דעם אַמעריקאַנער פּובליקום אויסשליסלעך סעק־סועלער סאַדיזם, אכזריותדיקע מאָרד־אַקטן און ווילדע העצע קעגן קאָמוניסטן און שלום־קעמפער. אין איינעם פון זיינע „ווערק“ א. נ. „אין איינער א פּרוועריקער נאַכט“ שרייבט דער דאָזיקער פאָרשטייער פון דער בורזשואַזער ליטעראַטור מיט אזא לשון:

„דערפירט זיי (די אַנטיפאַשיסטן) צום עקלדיקן געפיל פון א פּלוצעמ־דיקן טויט... מאָרדעט זיי אויף לינקס און רעכטס, ווייזט זיי, אז מיר זענען סוף־כל־סוף נישט אזעלכע דעליקאַטע. מאָרדעט, מאָרדעט, מאָרדעט, מאָר־דעט“.

אזא איז דערווירקלעכער תוך פון דער בורזשואַזער „שעפערישער פרייהייט“ אין איר היינטצייטיקער פּראַקטישער רעאַליזירונג. עס איז די „פרייהייט“ פון באַ־רעכטיקן מיט אַלע מיטלען די אָרדענונג פון אונטערדריקונג און פאַרקנעכטונג, פון איינוואָרצלען און פאַרשפּרייטן די אידעאָלאָגיע פון מענטשן־פאַראַכטונג און ראַסן־האַס. די שייכות פון אזא „פרייהייט“ צו קונסט בכלל איז ווי די שייכות פון טויט צו לעבן. די קונסט, ווי די אַלזייטיקע אָפּשפּיגלונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, איז לעבנסבאַשטעטיקנדיק אין איר תוך, איז דורכגעדרונגען מיט גלויבן אין דער אַנטוויקלונג פון די מענטשן, אין זייער אַלץ וואַקסנדיקער קעגנ־זייטיקער פריינדשאַפט און פאַרברידערונג.

דאקעגן פארשפרייטן די פינצטערע ריטער פון דער בורזשואזער „שעפע־רישער פרייהייט" דעם סם פון אבסאָלוטער נעגאציע, פון אומגלויבן אין מענטשן, פון טיפסטן פעסימיזם לגבי דער צוקונפט.

אָבער די בורזשואזע שרייבער, שילדערנדיק דאָס לעבן נישט ווי עס איז און נישט אין הסכם מיט דער ריכטונג, אין וועלכער עס גייט, נאָר לויט דער וואנ־זיניקער פאָרשטעלונג און פארברעכערישן „לעצטן ווילן" פון זייערע נשמה־אויס־הויכנדיקע ברויט־געבער, זענען געגליכן צו יענעם קאָמישן פארשוין, וועלכער האָט זיך געשטעלט מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס ארויף, מיינענדיק, אז אזוי־ארום האָט ער איבערגעדרייט די גאנצע וועלט. זיי האָפן, אז אזויארום וועט זיך זיי כאָטש איינגעבן צוזאמען מיט זיך אויך די גאנצע וועלט דערפירן צו א מאָראַ־לישן און פיזישן אומקום. אָבער גראָד אין דעם באַשטייט דאָס קאָמישע פון זייער אזוי טראַגישער סעטיקייט, וואָס אין זייער בלינדקייט זעען זיי נישט, ווי די וועלט גייט וואָס ווייטער אלץ מער אוועק פון זיי, און זיי בלייבן איבער בלויז מיט זייער איינענעם איינזאמען אומקום.

דעם אמתן באַגריף וועגן שעפערישער פרייהייט, וועלכער איז געוואָרן דער יסוד פון דער גאַנצער מאָדערנער קולטור, דער ווינקלשטיין פון דעם מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער ליטעראַטור און קונסט, האָט אונדז אַנטדעקט אין זייער גאַנצער טיפקייט די מאַרקסיסטיש לערע. אין קעגנזאַץ צום בורזשואַזן באַגריף וועגן פרייהייט, איז דער מאַרקסיסטישער באַגריף די אַבסאָלוטע פארניי־נונג פון יעדן ווילקיר. נישט בלויז וואָס ער גייט נישט פארביי די גרונט־געזעצן פון דער געזעלשאַפט, נישט בלויז וואָס ער מיידט נישט אויס די נויטווענדיקע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, נאָר, פאַרקערט, ער איז דער דירעקטער רעזול־טאַט פון דעם אויספירלעכן דערלערנען זיי, פון דעם גרינטלעכן דערקענען זיי. ער איז דאָס קינד פון דערפאַרונג און וויסן, פון דער דערקענטער און באַזיניקטער נויטווענדיקייט.

לאָמיר נעמען א פרימיטיוון ביישפיל פון איינער פון די סאמע עקזאַקטע און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן — פון דער מאַטעמאַטיק. צי דאָס דערקענען די נויט־ווענדיקע געזעצן פון דער מאַטעמאַטיק שאַפט ביי וועמען עס איז, אויסער פסי־כאָפּאַטן, דאָס געפיל, אז זיין אינערלעכע פרייהייט איז דורך דעם באַגרענעצט אָדער געהאַמעוועט? גאָר פאַרקערט, וואָס מער און טיפער מיר דערקענען די דאָ־זיקע געזעצן, אַלץ ברייטער ווערן אונדזערע האָריזאָנטן, אַלץ ציל־געווענדטער אונ־דזערע האַנדלונגען, אַלץ גרעסער אונדזערע מעגלעכקייטן צוצפּאַסן די נאַטור צו אונדזער ווילן, מיט איין וואָרט, אַלץ פרייער דערפילן מיר זיך. דאָס זעלבע איז שייך אַלע אַנדערע וויסנשאַפטן. דאָס זעלבע איז שייך דער וויסנשאַפט וועגן דער געזעלשאַפט, וועגן דעם מענטש.

דאָס דערקענען די גרונט=געזעצן פון דער געזעלשאַפט, די ריכטונג פון איר אַנטוויקלונג און איר נויטווענדיקע אַלץ העכערע, כאָטש זיגזאַגאַרטיקע שטייגערונג — לערנט אונדז צו דערזען דאָס וועזנטלעכע פון יעדער געשעעניש, דעם תוך פון יעדער געשטאַלט, ברייטערט אויס און פאַרטיפערט אונדזער וויסן, אונדזער אַלגעמיינע דערקענטעניש, און במילא ברייטערט עס אויך אויס און פאַרטיפערט אונדזער געפיל פון פרייהייט.

וואָס מער און בעסער דער אַרבעטער קען די געזעצן פון זיין מאַשין, אַלץ פרייער פילט ער זיך. וואָס ברייטער און טיפער דער שרייבער און קינסטלער קען די געזעצן פון דער וועלט, וועלכע ער שילדערט, אַלץ ברייטער און טיפער זענען זיינע מעגלעכקייטן די דאָזיקע וועלט קינסטלעריש צו רעפּראָדוצירן און באַווירקן, אַלץ פרייער פילט ער זיך אין זיין שאַפונגס=פּראָצעס.

דערקענענדיק די דערשיינונגען פון לעבן, באַנעמענדיק דעם פּראָגרעסיוון זין פון זייער אומאויפהערלעכער אַנטוויקלונג, באַמיט זיך דער שרייבער און קינסטלער מיט זיינע מעטאָדן און מיטלען אין פולער אינערלעכער פרייהייט צו פאַרלייכטערן די דאָזיקע אַנטוויקלונג, וועלכע קומט געוויינלעך פאָר אין די קאָמפּליצירסטע באַדינגונגען פון געזעלשאַפטלעכן קאַמף, פון קאַמף מיט דער נאַטור, באַמיט ער זיך צו פאַרשנעלערן די דאָזיקע אַנטוויקלונג. דאָס הייסט, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק צו דעם דאָזיקן קאַמף, אַז ער שטייט נישט פון דער זייט, נאָר באַציט זיך צו אים אַקטיוו, טענדענציעז.

צי איז אַזאַ טענדענציעזקייט אין קעגנזאַץ צו דער שעפערישער פרייהייט פון קינסטלער? צי האַמעוועט זי די דאָזיקע פרייהייט? צי באַגרענעצט זי איר פאַרנעם? פאַרקערט, זי איז דער העכסטער קאָנקרעטער אויסדרוק פון איר רעאַליטעט, די סאַמע פּלאַסטישע פאַרקערפּערונג פון איר עקזיסטענץ אין אַ לעבעדיקער ווילנס=קראַפט, אין טאַט.

אויף דעם פאָרוואורף פון נאַראָדניק מיכאַילאָווסקי, אַז די פאָרשטייער פון דער „דאָקטרין, וועלכע רימט זיך מיט רעכט מיט איר אומרחמנותדיקן אָביעקטיוויזם“, פאַרגיינען זיך אַליין דערמיט, וואָס זיי ווייזן אַרויס אַזאַ פאַרביסנקייט, ד. ה., וואָס זיי זענען אַזוי סוביעקטיוו אין זייער אופן פון אַטאַקירן די נאַראָדניקעס, ענטפערט אָפּ לענין אין זיין אַרבעט „פון וועלכער ירושה זאָגן מיר זיך אָפּ“ מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

> „...וואָס זשע הייסט דאָס?! אויב מענטשן פאָדערן, אַז דער בליק אויף געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען זאָל זיך אָנשפּאַרן אויף אַן אומברחמנותדיקן אַנאַליז פון דער *ווירקלעכקייט* און פון דער ווירקלעכער אַנטוויקלונג, איז דערפון דאַרף זיין געדרונגען, אַז ס'איז זיי נישט דערלויבט זיך צו כעסן?! — אויב אַ באַשטימטע דאָקטרין פאָדערט פון יעדן געזעלשאַפטלעכן טוער אַן אומברחמנותדיק אָביעקטיוון אַנאַליז פון דער ווירקלעכ=

קייט און פון די זיך געשטאלטנדיקע אויפן יסוד פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט באציונגען צווישן די פארשידענע קלאסן, טאָ מיט וואָס פאר א וואונדער קאָן מען דערפון מאַכן דעם אויספיר, אז א געזעלשאַפטלעכער טוער דארף נישט סימפּאַטיזירן מיט דעם אָדער יענעם קלאַס, אז דאָס איז אים „נישט דערלויבט?" ס'איז אפילו לעכערלעך צו רעדן פון אזא פליכט, ווייל קיין שום לעבעדיקער מענטש קאָן נישט זיך נישט שטעלן אויף דער זייט פון דעם אָדער יענעם קלאס (ווי נאָך ער האָט פארשטאנען זייערע קעגנזייטיקע פארהעלטעניש), קאָן נישט זיך נישט פרייען מיט דעם דערפאָלג פון געגעבענעם קלאַס, קאָן נישט זיך נישט זאָרגן צוליב זיינע מיסדערפאָלגן, קאָן נישט נישט זיין אויפגעבראכט אויף די, וואָס זענען פיינט פון דעם דאָזיקן קלאס, אויף די וואָס שטערן זיין אנטוויקלונג דורך פארשפרייטן צוריקגעשטאַנענע אָנשויונגען אאוו. אאוו. דער זינלאָזער ארויסשפרונג פון הער מיכאילאָווסקין ווייזט בלויז, אז ער האָט זיך נישט אָריענטירט ביז איצט אין דער זייער עלעמענטאַרער פראגע פון דעם אונטערשיד צווישן דעטערמיניזם און פאטאליזם" — (ד. ה. צווישן דעם וויסנשאפטלעכן וועלט־באנעם, וועלכער אָנערקענט די אַלגעמיינע אָביעקטיווע געזעצמעסיקייט, די אורזאַכלעכע באדינגלעכקייט פון די מענטשלעכע האַנדלונגען, און צווישן דעם מיסטישן גלויבן אין א פאָרויס באַשטימטער גורלדיקייט — ד. ס.).

„נישט אין דער אימאגינירטער אומאָפּהענגיקייט פון די געזעצן פון דער נאַטור, — זאָגט פרידריך ענגעלס אין „אַנטי־דירינג", — באַשטייט די פרייהייט, נאָר אין דעם דערקענען די געזעצן און אין דער מעגלעכקייט, וועלכע באַזירט זיך אויף דער דאָזיקער דערקענטעניש, צו צווינגען די געזעצן פון דער נאַטור צו ווירקן פאר באַשטימטע צילן".

אין אָט דעם דאָזיקן „צווינגען די געזעצן פון דער נאַטור צו ווירקן פאר באַשטימטע צילן", אין וועלכן עס קומט צום אויסדרוק דער סוביעקטיווער אָנטייל פון מענטש, זיין איינשטעלונג און אקטיוויטעט, זיין פערזענלעכע טענדענץ, איז אויך אַנטהאַלטן די שעפערישע פרייהייט אין פולסטן און טיפסטן זין פון וואָרט. די פרייהייט, וועלכע איז אומבאַגרענעצט אין איר טעטיקייט, ווי אומבאגרענעצט עס איז די מענטשלעכע וויסנשאַפט, אויף וועלכער זי שפּאַרט זיך אָן.

דער דאָזיקער דיאלעקטישער סינטעז פון אָביעקטיווער געזעצמעסיקייט און פּראקטישער אַקטיוויטעט, וועלכע ווערט אויפגעפאסט דורך דער מאַרקסיסטישער לערע מיט אזא וויסנשאַפטלעכער פארטיפטקייט אין דעם באגריף פון דער שעפערישער פרייהייט פון מענטש און פון זיין סוביעקטיווער טענדענץ, — איז דער איינציקער וועג, וואָס איז אימשטאַנד צו פירן דעם קינסטלער צו דער פולער אנטפלעקונג פון די קאָמפּליצירטסטע לעבנס־אמתן.

# שטריכן פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם

איינער פון די עיקרדיקסטע קענצייכנס פון עכטער קינסטלערישער ליטעראַטור איז איר אַנטפּלעקערישער כאַראַקטער, איר קאָנען אויפדעקן אין יעדער דערשיינונג, וואָס זי ברענגט ארויס, די מאָמענטן און אייגנשאַפטן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר דעם וועזנטלעכן אינהאַלט, די באַוועגנדיקע קראַפט, דאָס אייגנאַרטיקע און אינדיווידועלע, מיט איין וואָרט, דאָס סינטעטישע, דורך וועלכן מיר דערזען דעם תוך און די גאַנצקייט פון דער סיטואַציע, געשטאַלט אָדער בילד, דאָס אַלגעמיינע אין זיי, וואָס פאַרבינדט זיי מיט פיל ענלעכע סיטואַציעס, געשטאַלטן און בילדער, און גלייכצייטיק אויך זייער אַנדערשקייט און איינמאָליקייט. ווייל אויך דורך דעם אינדיווידועלן אין דער קונסט איז נישט געמיינט דאָס ווילקירלעכע, דאָס צופעליקע און אויסנאַמלעכע, וואָס איז א קעגנזאַץ צום טיפּישן, נאָר, פאַרקערט, דאָס געזעצמעסיקע און נויטווענדיקע פאַר דער געשטאַלט אָדער סיטואַציע, וואָס שטרייכט נאָך אונטער, מאַכט בולטער דאָס טיפּישע, קאָנקרעטיזירט עס, פאַרקערפּערט עס אין אן אקטיווער פאָרם, אין טאַט.

דאָס באַשרייבן ריין אויסערלעכע מאָמענטן און שטריכן — ווי פּינקטלעך און ריכטיק זיי זאָלן נישט זיין איבערגעגעבן און ווי פּלאַנמעסיק און לאָגיש זיי זאָלן נישט זיין צוגעקליבן און קאָנסטרויִרט — איז אימשטאַנד צו געבן נישט מער ווי אַנאַליטישן אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל, א באַשטימטע סומע בלויז פון געשעענישן אָדער אייגנשאַפטן, א באַשטימטע סומע פון וויסן, אָבער נישט קיין נייע קוואַליטעט, ווי דאָס איז און ווי דאָס דאַרף זיין עכטע קונסט.

און וואָס באַשטייט די נייע קוואַליטעט, וועלכע עס שאַפט די קונסט?

זי באַשטייט קודם־כל אין דעם, וואָס אין קאָנטאַקט מיט דעם אָפּנעמער איז זי גובר די גרענעצן פון צייט און אָרט, הייבט זי אויף — אין דיאַלעקטישן זין פון וואָרט — צו קעגנוואַרטיקער אקטועלקייט, צו דירעקטער איבערלעבונג. למשל: יעדעם עכט קינסטלעריש ווערק — מעג די טעמע דערפון זיין וועגן גאָר א ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אָדער וועגן א גאָר ווייטער און פרעמדער, ביז איצט אומבאַקאַנטער סביבה — ווירקט אויף אונדז ביז אידענטיפיצירן זיך מיט די אי־

בערלעבונגען פון די העלדן און פאַראייגענען זיי ווי פערזענלעכע איבערלעבונגען. פונדאַנען די גרויסע באַווירקונגס=קראַפט פון קונסט און איר אומבאַגרענעצטע דערציערישע באַדייטונג.

אין דער צייט, ווען באַשרייבונגען, געשיכטלעכע, מאָנאָגראַפישע צי אפילו פאָבולאַר=בעלעטריזירטע, נאָר נישט דערהויבענע צו דער מדרגה פון קונסט — ווי פערפעקט זיי זאָלן נישט זיין אינהאַלטלעך און פאָרמלעך — איז אפילו דעמלט, ווען זיי געבן אַ פאַרגאַנצט בילד פון די באַשריבענע געשעענישן אָדער געשטאַלטן, זענען זיי אויך נישט אימשטאַנד אַרויסצוגיין פון זייער צייט, סביבה און אָרט און צו ווירקן דירעקט, ווי אַן אַקטועלע איבערלעבונג. אין בעסטן פאַל גיבן זיי אונדז אַן אָביעקטיוון דערקענטעניש=מאַטעריאַל פאַר אַנאַלאָגישע אויספירן און פאַראַלגעמיינערונגען.

די סיבה פון דער דאָזיקער אייגנאַרטיקייט פון קונסט, ווי אויך אירע פאַרשידענע, אָדער שטענדיק ספּעציפישע אויסדרוק=מיטלען דערצו — דאָס איז שוין אַ טעמע פאַר זיך. אויף דעם אָרט איז נאָר וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז די אַנטפּלעקערישקייט פון קונסט אין אויבן דערמאָנטן זין און די דירעקטע איבערלעבונג, וועלכע זי איז גורם — דאָס זענען צוויי כאַראַקטעריסטישע קענצייכנס, וועלכע טרעטן אויף צום בולטסטן קלאָר אין יעדער אַרט רעאַליסטישער קונסט.

אָבער דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם באַזיצט נאָך איין גרונטיקן קענצייכן, וועלכע טיילט אים ספּעציעל אויס, ווי אַ קוואַליטאַטיוו העכערע קינסטלערישע פאָרם. דאָס איז די אייגנשאַפט צו קאָנען אויפדעקן אין יעדער דערשיינונג נישט בלויז איר אינערלעכן תוך, וועלכער עקזיסטירט שוין אין אַ פאַרענדיקטער אויסגעדריפטער פאָרם — אויב אפילו נישט תמיד פאַר אַלעמען אָנזעעוודיק — נאָר דער עיקר אויך אַזעלכע מאָמענטן, וואָס זענען ערשט אין צושטאַנד פון ווערן, אָבער וואָס זאָגן שוין אָן דעם איבערגאַנג צו אַ נייעם העכערן אינהאַלט און במילא אויך צו אַ נייער העכערער פאָרם.

די דאָזיקע גרונטיקע אייגנשאַפט פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם איז ענג פאַרבונדן מיט אַ צווייטער, נישט ווייניקער גרונטיקער. דער אויפקום פון יעדן נייעם אינהאַלט און פון יעדער נייער פאָרם געשעט נישט אויף קיין אידילישן אופן, נאָר אין שווערן קאַמף מיט אַלטע, אָפּגעלעבטע, אָבער טיף איינגעזעסענע אינהאַלטן און פאָרמען. דאָס שילדערן דעם דאָזיקן אויפקום איז דעריבער אויף אַ נויטווענדיקן אופן פאַרבונדן מיט דעם שילדערן דעם אינערלעכן צעפּאַל פון אַלטע אינהאַלטן אין פאָרמען, אָפּטמאָל אין באַדינגונגען, ווען דער דאָזיקער צעפּאַל איז נאָך אויבנאויפיק נישט פאַר אַלעמען קלאָר. די קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג פון דעם דאָזיקן דאָפּלטן פּראָצעס פאָדערט דעם דינאַמישן אופן פון שילדערן, דאָס גיבן יעדע דערשיינונג אין פּראָצעס פון איר אַנטוויקלונג נישט בלויז אין דויער פון צייט, נאָר אויך אין יעדן באַזונדערן מאָמענט, אין דעם זין, וואָס יעדע אויסערונג אירע

ווערט ארויסגעהויבן נישט ווי קיין סטאַטישער רינג פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג, נאָר ווי אן אינערלעך דיפערענצירטער, באַוועגלעכער, ווי א רעזולטאַט פון קעגנזעצלעך ווירקנדיקע כוחות.

לאָמיר נעמען קאָנקרעט אלס ביישפּיל די שילדערונג פון א געשטאַלט. דער קינסטלערישער אמת פון דער געשטאַלט קאָן ארויסגעבראכט ווערן נאָר דעמלט, ווען זי ווערט געשילדערט נישט בלויז דורך אירע קאָנסעקווענטע און שטופנווייזע ענדערונגען אין דער צייט, נאָר ווען מע זעט אויך אין יעדער באַזונדערער האַנדלונג אירער די ווירקונג פון דעם פארגאנגענעם וועג, פון די מאָמענטן און באַדינגונגען, וועלכע האָבן זי געשטאַלטיקט ביז איצט, און גלייכצייטיק אויך די ריכטונג, אין וועלכער זי באַוועגט זיך פאָרויס אונטער דער ווירקונג פון נייע מאָמענטן און נייע באַדינגונגען; מיט אַנדערע ווערטער — ווען יעדע באַזונדערע האַנדלונג אירע קומט אויף פאר אונדז ווי א לעזונג פון אינערלעכע קאָנפליקטן, אָדער ווין זייערע א ווייטערע פארטיפונג, און במילא ווי א נייע קוואַליטעט.

פארשטייט זיך, אז אין דער קינסטלערישער רעאַליזירונג דאַרף די געשטאַלט מיט אַלע אירע אינערלעכע קעגנזאַצן דערשיינען פאר אונדז ווי א לעבעדיקע גאַנצקייט, וואָס קאָן דערגרייכט ווערן בלויז אין דעם פאַל, ווען מיר זעען זי דורך האַנדלונגען און נישט דורך רייד.

אין קעגנזאַץ צום קריטישן רעאַליזם, וועלכער ברענגט ארויס, וואָס אן אמת, די פוילונגס־מאָמענטן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אָבער אין דער אַטמאָספער פון אויסוועגלאָזיקייט און פעסימיזם, ווייל נישט ער גרייכט צו די וועזנטלעכע און נויטווענדיקע סיבות פון דעם דאָזיקן פראָצעס און נישט ער זעט דעם אויסוועג — באַדייט דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם אין דער פּראַקטיק פון קינסטלערישן שאַפן נייע פערספּעקטיוון פון וויסנשאַפטלעכער און מאָראַלישער באַרפולקאָמונג פאר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

אין רעזולטאַט דערפון האָבן זיך געמוזט וועזנטלעך ענדערן דער כאַראַקטער און די ריכטונג פון צוויי עיקרדיקע פּראָבלעמען אין דער ליטעראַטור — דאָס פּראָבלעם פון קאָנפליקט און דאָס פּראָבלעם פון פּאָזיטיוון העלד אין זייער ברייטסטער אָנווענדונג נישט נאָר אין דער דראַמע, נאָר אויך אין דער פּראָזע און אין דער ליריק.

דער קאָנפליקט אין די ראַמען פון דער געזעלשאַפט, און אפילו אין לעבן פון יחיד, האָט פארלוירן זיין טראַגישן פארלויף פון פּאַסיווער גורלדיקייט און מענטשלעכע הילפלאָזיקייט און זיך פאַרוואַנדלט אין א באַוווּסטזיניקן, צילגעווענדטן און לעבנסלוסטיקן קאַמף, וואָס זיין אָפּטימיסטישער אויסגאַנג, אין אַלגעמיין גענומען, איז גאַראַנטירט דורך אן אָביעקטיווער און נויטווענדיקער געזעצמעסיקייט.

דער פּאָזיטיווער העלד ווידער האָט אויפגעהערט צו זיין א צופעליקייט און זיך איבערגעשטאַלטיקט אין א דערשיינונג א טיפּישע און כאַראַקטעריסטישע פאַר די ניי=אויפגעקומענע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען.

ס'איז קלאָר, וואָס פאַר א מעגלעכקייטן פון טעמאַטישער אויסברייטערונג און פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג עס עפנט אויף פאַרן שרייבער אזא אופן פון באַנעמען די דאָזיקע פּראָבלעמען.

דער קריטישער רעאַליזם האָט די אייגנשאַפטן נישט געקאָנט פאַרמאָגן. ער האָט געבוירן גרויסע געניאַלע מייסטערס, וועלכע האָבן דורך איינצלנע געשטאַלטן אויפגעדעקט דעם וועזנטלעכן אינהאַלט פון גאַנצע קלאַסן און דורך איינצלנע געשעענישן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון גאַנצע סיסטעמען. אָבער די דאָזיקע מייסטער אפילו האָבן נישט געקאָנט אריבערשפּרינגען זייער אייגענע געזעלשאַפט, נישט געקאָנט דערבליקן אין איר די פּרוכט, וואָס זי טראָגט אויס אין זיך פאַר איר אייגענעם אונטערגאַנג, אָבער אויך פאַר דעם אויפגאַנג פון גאָר א ניי לעבן.

די דאָזיקע קלאָרזעעוודיקייט איז אויפגעקומען ערשט אין דעם מאָמענט, ווען די איינציק וויסנשאַפטלעכע לערע פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, דער היסטאָרישער און דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם, האָט אין באַהעפטונג מיט דער ברייט=אַנטוויקלטער נייער באַוועגונג פון ארבעטער=קלאַס געבוירן דעם באַוווסטזיניקן און קאָנסעקווענטן אַוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט, פון גאַנצן ארבעטנדיקן פאָלק — די פּאַרטיי פון לעניניש שניט, וואָס איר לערע וועגן דער נויטווענדיקער מאָראַלישער און וויסנשאַפטלעכער פאַרפולקאָמונג פון דער געזעלשאַפט איז דער יסוד פון איר געשיכטלעכן לעבנס=אָפּטימיזם.

אין דעם מאָמענט האָט אויך געקאָנט אַנטשטיין די קונסט פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, די קונסט, וואָס איר וועזנטלעכער תּוך איז דאָס אויפדעקן אלע אידעישע קאָנפליקטן אין דער געזעלשאַפט, אלע אינערלעכע געראַנגלען פון יחיד, אָבער נישט, כדי פעסטצושטעלן בלויז באַשטימטע צושטאַנדן פון מענטשלעכער הילפלאָזיקייט און דורך דעם אַנטוואָפענען דעם מענטש, האַמעווען די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט, אָדער גאָר כדי זיך איינצואיבן אין פאָרמעלער מייסטערשאַפט ביים גראָבן זיך אין פּרטים, נאָר כדי צו לעזן די דאָזיקע קעגנזאַצן אין דער געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו פון דער צוקונפט, און דורך דעם סטימולירן דעם יחיד צו טאָט און מיטווירקן צו דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. פונדאַנען דער אָפּטימיזם פון דער דאָזיקער ריכטונג, אירע גרויסע מעגלעכקייטן פון טעמאַטישער אויסברייטערונג און פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג, איר פאָרויסזעעוודיקייט און פולע אָביעקטיוויטעט.

אָבער דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם פאַרלייקנט נישט אויף א מעכאַנישן אופן אלע ביז=איצטיקע ריכטונגען אין דער קונסט, ער נעגירט זיי בלויז דיאַלעקטיש, ד. ה. ער נעגירט אין זיי די באַגרענעצטקייט, וועלכע זענען געווען א רעזול=

טאַט פון די דעמלטיקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, איבערנעמענדיק פון זיי גלייכצייטיק די עלעמענטן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט דעם אמת פון זייער צייט, אריינגעבראכט נייע הומאַניסטישע באַגריפן און געפילן, אָדער פאָרגעשטעלט מיט זיך נייע קינסטלערישע דערגרייכונגען.

אַלס ביישפיל לאָמיר נעמען בלויז דעם קריטישן רעאַליזם און ראָמאַנטיזם — צוויי ריכטונגען, וואָס ביידע טראָגן אין זיך דעם עלעמענט פון נעגאַציע לגבי דער ווירקלעכקייט, וועלכע האָבן זיי געבוירן, אָבער וואָס רעאַליזירן די דאָזיקע נעגאַציע מיט גרונט-פאַרשידענע מיטלען.

די ערשטע ריכטונג — אויפן יסוד פון א קאָנקרעטן שילדערן אַלע אינערלעכע שוואַכקייטן פון דער דאָזיקער ווירקלעכקייט, פון אויפדעקן איר עקאָנאָמישן און מאָראַלישן צעפאַלונגס-פּראָצעס, דערגרייכנדיק אויף דעם געביט צו דער קינסטלערישער מייסטערשאַפט און פאָלקאָמענהייט פון די גרויסע פראַנצויזישע און רוסישע פּראָזע-מייסטער אין נייַנצנטן יאָרהונדערט, ווי אויך פון א גאַנצער ריי באַדייטנדיקע שרייבער-רעאַליסטן ביי אַנדערע פעלקער.

די צווייטע — איבערהיפּערנדיק אינגאַנצן די דאָזיקע ווירקלעכקייט און אויסטרוימענדיק זיך אידעאַלע העלדן און סיטואַציעס אין דער פאַרגאַנגענהייט אָדער אין דער צוקונפט, ווי מוסטערן פון א שענער לעבן.

הערביי האָט דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון די דאָזיקע העלדן און סיטואַציעס — אָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער און וועלטבאַנעמערישער איינשטעלונג פון מחבר — געקאָנט זיין א רעאַקציאָנער-קאָנסערוואַטיווער, געשטיצט אויף די פעאָדאַל-רעליגיעזע באַציונגען פון מיטלאַלטער, אָדער א פּראָגרעסיוו-רעוואָלוציאָנערער, שעפּנדיק פון די בונטאַרע טראַדיציעס פון די פאָלקס-מאַסן, ווי דאָס איז געווען די ראָמאַנטיק פון גאָרקין, וועלכע האָט אויסגעדריקט מיט זיך די שענסטע באַגערן און חלומות פון פּשוטן מענטשן.

די מאָמענטן פון קאָנקרעטער קריטיק לגבי דער ווירקלעכקייט פון אומרעכט און אויסנוצונג, ווי אויך דעם טרוים פון די מענטשן וועגן א בעסער און שענער לעבן, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט די טיפע און אמתע איבערלעבונגען פון דער געזעלשאַפט אין יענער צייט — נעמט איבער בירושה דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם. ער וואַרפט אָבער אָפּ דעם פּעסימיסטישן אויסקלאַנג פון דער דאָזיקער קריטיק און דעם אוטאָפּיסטישן כאַראַקטער פון דעם דאָזיקן טרוים, וועלכע זענען א רעזולטאַט פון דער באַגרענעצטקייט פון די דאָזיקע ריכטונגען, פון זייער נישט זען די געזעצמעסיקייט פון דער אַנטוויקלונג און במילא אויך נישט איר אומאויפהערלעכע נאַטירלעכע שטייגערונג אין דער ריכטונג פון אָפּטימיסטישער לעזונג פון אַלע קעגנזאַצן, נישט געקוקט אויף אַלע זיגזאַגן און קאַטאַסטראָפעס.

אזוי ארום שטעלט פאָר מיט זיך דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם א נייע און העכערע קוואַליטעט אין דער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור און קונסט,

אין דעם זין, וואָס ער איז נישט בלויז אַנטפּלעקעריש לגבי דעם תוך פון די דערשיינונגען אין דער קעגנווארט, נאָר אויך פאָרויסזעעוודיק לגבי עלעמענטן, וואָס שפּראָצן ערשט אויף, וואָס דארפן ערשט ווערן דאָס כאַראַקטעריסטישע און טיפּישע פון מאָרגן. ער איז אויך גלייכצייטיק דער לעבעדיקער סינטעז פון אלע ביזאיצטיקע ריכטונגען אין דער ליטעראטור און קונסט, נעגירנדיק אין זיי בלויז דאָס צופעליקע און צייטמעסיקע, דאקעגן, איבערנעמענדיק און קאָנסערווירנדיק דאָס אלץ, וואָס איז דויערהאַפט, וואָס דריקט אויס מיט זיך דעם לעבנס-אמת, וואָס שטעלט פאָר דעם קערן פון ווייטערדיקן וווקס.

# פאַר נייע אויפגאַבן

נייע אויפגאַבן האָט אוועקגעשטעלט פאַרן שרייבער דאָס לעבן, וואָס האָט זיך שוין וועזנטלעך געענדערט און וואָס ענדערט זיך אומאויפהערלעך מיט יעדן טאָג און יעדער שעה. און לאָמיר זיך זאָגן קלאָר: עס האַנדלט זיך נישט בלויז אין אן ענדערונג פון דער טעמאַטיק אָדער אין אן ענדערונג פון דער פאָרם, נאָר אין עפּעס פיל, פיל מער, ווייל אין אן ענדערונג פון ביידע צוזאמען. עס האַנדלט זיך אין א נייער קוואַליטעט, אין וועלכער אפילו די אַלטע טעמאַטיק באַקומט א וועזנטלעך אַנדערשדיקן אינהאַלט און א וועזנטלעך אַנדערשדיקער פאָרם.

פאַראַן אַזעלכע שרייבער, וואָס זאָגן: ריכטיק, מיר לעבן איצט א ניי, פריידיק און שעפעריש לעבן, און מיר דאַרפן דאָס דאָזיקע לעבן אָפּשפּיגלען, באַזינגען, פאָרויסזאָגן זיין ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. אָבער מיר מוזן פריער אויסלעבן אין זיך דאָס אַלטע, וואָס איז אַזוי ווייטיקלעך פאַרשוואונדן, קינסטלעריש אויסלעבן, ווייל אַנדערש וועט עס כסדר דריקן אויף אונדז און פאַרשטעלן דאָס נייע.

אין דעם דאָזיקן „פריער“ אָדער „שפּעטער“ ליגט די אויבערפלעכלעכקייט פון דעם צוגאַנג, די אַריטמעטישקייט פון דער אַרט באַנעמען געזעלשאַפטלעכע און פּסיכאָלאָגישע דערשיינונגען. וואָרעם קיין שום פּראָצעסן קומען נישט איינציקווייז און אָפּגעזונדערט, ס'הייסט איינער ווערט געבוירן, רייפט אָן און שטאַרבט אָפּ, און דאַן ערשט ווערט געבוירן א צווייטער און חזרט איבער דעם זעלביקן ציקל, צי דאָס איז אין לעבן פון כלל אָדער פון יחיד, צי דאָס איז אויפן געביט פון דער נאַטור אָדער פון דער מענטשלעכער פּסיכיק. פּראָצעסן ווערן געבוירן איינער אין שויס פון צווייטן און זייער צוזאַמענלעבן איז גלייכצייטיק באַשטעטיקונג און פאַרניינונג, באַשטעטיקונג פון נייעם און פאַרניינונג פון דעם אַלטן. דער קלאַסישסטער ביישפּיל איז דאָס אַנטשטיין פון יעדער נייער געזעלשאַפטלעכער פאָרמאַציע אין שויס פון דער ערשטער. אַנטשטייענדיק און באַשטעטיקנדיק זיך אַליין, געבוירט יעדע פאָרמאַציע גלייכצייטיק איר קעגנזאַץ, וועלכער פאַרניינט זי, גראָבט אונטער איר עקזיסטענץ, ביז ער אַליין פאַרנעמט איר הערשנדיק אָרט. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער באַרבאַריזם אין שויס פון דער אַנטיקער

וועלט, דער פעאָדאַליזם אין שויס פון באַרבאַריזם, די בורזשואַזיע אין שויס פון פעאָדאַליזם און ענדלעך דער אַרבעטער־קלאַס אין שויס פון קאַפּיטאַליזם. אַן ענלעכע דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג קומט פאָר אין דער נאַטור, אין דער מענטשלעכער פּסיכיק און אין אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער טעטיקייט. נישט מער, די קאָנקרעטע פאָרם פון דער האָזיקער אַנטוויקלונג באַקומט אין יעדן געביט איר ספּעציפישן אויסדרוק. אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט באַקומט די דאָזיקע אַנטוויקלונג די קאָנקרעטע פאָרם פון קלאַסן־קאַמף.

דער שרייבער, וואָס זעט נישט די דאָזיקע דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג, דעם דאָזיקן דינאַמישן פּראָצעס פון לעבן, דער שרייבער, וואָס באַמערקט דאָס נייע, ווי עפּעס פּלוצעמדיקס, בלויז אין דער קעגנוואַרט, און זעט נישט זיינע וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט — אַזאַ שרייבער איז אימשטאַנד צו געבן בלויז די סבעמע פון לעבן, זיין אויסערלעך איינמאָליק געשטאַלט, אָבער נישט זיין אמתן אינערלעכן שטראָם, וועלכער פליסט אומאויפהערלעך און טראָגט איבער זיין ענערגיע פון די ערשטע כוואַליעס צו די לעצטע.

עס איז אַן אַלטער שטרייט: צי קאָן אַ וועלכער ס'איז יש געבוירן ווערן פון גאָרנישט. די רעליגיעז־מיסטישע לערעס און אידעאַליסטישע וועלט־אַנשויונגען, וועלכע זענען פון שטענדיק אָן געווען דאָס טעאָרעטישע וואָפן פון די באַזיצנדיקע און הערשנדיקע קלאַסן, זאָגן אַז יאָ, די דאָזיקע טעאָריע איז זיי באַקוועם, כדי צו פאַרלייקענען דעם אמת, אַז דאָס נייע איז אַ נויטווענדיקער פועל־יוצא פונעם אַלטן, און אַז דער וווּקס פון דעם נייעם איז ענג פאַרבונדן מיט דעם אונטערגאַנג פון אַלטן. אָבער די אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער געשיכטע קומט נישט פאָר לויט אַזעלכע אָדער אַנדערע טעאָריעס, נאָר לויט אָביעקטיווע געזעצן, וועלכע זענען אויף דעם גענויסטן אופן געוואָרן אַנטפּלעקט און וויסנשאַפטלעך גע־אָרדנט דורך דער לערע פון מאַרקסיזם.

דער קינסטלער, וואָס וויל געבן נישט בלויז אַן אויסערלעך פאָטאָגראַפיש בילד פון דערווירקלעכקייט, נאָר אַ טיפערע אָפּשפּיגלונג פון אירע אינערלעכע טרייב־קרעפטן, וועלכער זאָל די דאָזיקע ווירקלעכקייט סיי באַזינגען, סיי פאָרויסזאָגן איר ווייטערדיקן אַנטוויקלונגס־וועג, מוז זיך דורכנעמען מיט דער אַנטפּלעקערישער, טיף גרייכנדיקער און איינציק וויסנשאַפטלעכער לערע פון מאַרקסיזם־לעניניזם. בלויז די דאָזיקע לערע קאָן אים העלפן צו דערזען דעם שטראָם פון געשעענישן און דעם גאַנג פון יחידים און מאַסן נישט בלויז פון זייער דרויסנדיקער זייט, נאָר ווי זיי געשטאַלטיקן זיך אין דער טיף.

דער עיקרדיקסטער שטריך פון יעדן עכט קינסטלעריש ווערק איז די אומבאַדינגטע אָפּוועזנהייט פון צופעליקייטן. די געשטאַלט אָדער די געשעעניש, וועלכע ווערט קינסטלעריש פאַרפיקסירט, באַקומט דעם כאַראַקטער פון אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט.

כדי צו דערגרייכן די דאָזיקע נויטווענדיקייט, מוז דער קינסטלער אָנווענדן דעם מעטאָד פון קאָנקרעטן צוגאַנג צום לעבן. דאָס הייסט, אַז ער מוז, ערשטנס, דעם אָביעקט נעמען אין אינטימער פאַרבינדונג מיט זיין סביבה, צווייטנס, ער מוז אים נעמען דינאַמיש אין זיין אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, ווי אַ דערשיינונג, וואָס איז באַדינגט דורך אַנדערע פריערדיקע דערשיינונגען און באַוועגט זיך אין אַ באַשטימטער ריכטונג פאָרויס, און, דריטנס, ער טאָר נישט פאַרלירן פון אויג די אייגנטימלעכע אינדיווידועלע שטריכן, מיט וועלכע דער אָביעקט טיילט זיך אויס פון אַלע אַנדערע. בלויז אין דעם פאַל וועלן די טיפּישע און עסטעטישע ווערטן אַרויספליסן אומגעצוווּנגען, נאַטירלעך און נויטווענדיק פון דעם ווערק און גלייכצייטיק זיין באַהאַפטן איינע מיט די אַנדערע, ווי אייגנשאַפטן פון איין און דעם זעלבן פּראָצעס.

דאָס טיפּישע אין דער קונסט איז אייגנטלעך דער נויטווענדיקער פּראָדוקט פון סאָציאַלער סביבה און סאָציאַלער אַנטוויקלונג פּליוס אינדיווידועלן כאַראַקטער-שטריך. יעדער איינצלנער פון די דריי מאָמענטן אין זיין אָפּגעריסנקייט איז אַן אַבסטראַקציע. ערשט אַלע דריי צוזאַמען שאַפן די קאָנקרעטע קונסט, שאַפן דאָס בילד פון לעבן און זיין נויטווענדיקסטער פאָרם.

וואָס שטעלן מיט זיך פאָר געשטאַלטן אָדער געשעענישן, וועלכע באַזיצן בלויז כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון זייער סביבה אָן שום אייגנטימלעכער אינדיווידועלער פאַרב, ווען אפילו די דאָזיקע שטריכן זענען ריכטיקע לויט זייער אַנטוויקלונגס-גאַנג? סכעמעס פון מענטשן און סכעמעס פון געשעענישן. אָבער אויך אייגנטימלעכע אינדיווידואַליזירטע געשטאַלטן און געשעענישן, אָפּגעריסענע פון זייער סביבה און אַנטוויקלונגס-וועג, זענען צופעליקע אַנעקדאָטישע דערשיינונגען, אָן שום נויטווענדיקער און במילא אויך אָן שום באַרעכטיקטער עקזיסטענץ.

דער ווילן פון יחיד געשטאַלטיקט זיך אונטער דעם דרוק פון פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע באַווירקונגען. דער ווילן פון אַ קאָלעקטיוו, וועלכער שטעלט פאָר מיט זיך אַ געוויסע עקאָנאָמישע איינהייט, איז באַשטימט דורך דער ריכטונג און דער לאַגע פון זיין אַנטוויקלונגס-וועג, דאָס הייסט דורך אָביעקטיווע פאַקטאָרן. דער אינערלעכער קעגנזאַץ פון דער בורזשואַזיע באַשטייט אין דעם תהום צווישן איר סוביעקטיוון ווילן און אָט די אָביעקטיווע פאַקטאָרן. אירע ווילדסטע אָנשטרענגונגען צו קלעטערן באַרג אַרויף אָדער כאָטש זיך איינהאַלטן אויף דער זעלבער הייך זענען פון פאָרויס פאַרמשפּט אויף דורכפאַל, ווייל איר אָביעקטיווע לאַגע אין אַנטוויקלונגס-וועג פירט אין דער ריכטונג פון שנעלן באַרג אַראָפּ.

דאַקעגן פאַלט זיך צונויף ביים אַרבעטער-קלאַס זיין סוביעקטיווער דראַנג צו ווערן דער באַלעבאָס פון דער וועלט מיט די אָביעקטיווסטע אַנטוויקלונגס-טענדענצן.

די קלאַסיקער פון מאַרקסיזם האָבן דעם דאָזיקן סוביעקטיוון דראנג פון אַרבעטער־קלאַס און זיין יונגער און פרישער קראַפט געגעבן א געניאַלע טעאָרעטישע באַזיניקונג און באַגרינדונג.

אומקערנדיק זיך צו דעם אויבן באַרירטן פּראָבלעם וועגן דער באַדערפעניש אויסצולעבן אין זיך פריער פאר אלעמען די פאַרגאַנגענהייט, ווי אן אָפּגעשלאָסענעם פעריאָד, אָן שום אינערלעכער פאַרבינדונג מיט דער היינטיקער קעגנוואַרט, קאָנען מיר נאָך איצט — נאָך דעם אלעם געזאָגטן — נאָך מער אונטערשטרייכן די אויבערפלעכלעכקייט און פאַלשקייט פון אָט דער איינשטעלונג. פאַרשטייט זיך, אז קיינער שטעלט נישט אונטער קיין פראַגע־צייכן די נויטווענדיקייט פון יידישן שרייבער צו געבן א קינסטלערישן תיקון דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע איז אין אזוי טראַגיש אָפּגעמעקט געוואָרן און וועלכע איז אזוי אָפט פאַלש פאַרגעשטעלט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור, ווייל סענטימענטאַל־אויסערפלעכלעך און פאַראַלגעמיינערט אידעאַליזירט. עס אונטערליגט אויך נישט קיין שום ספק, אז דער שוידערלעכסטער פעריאָד אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק וואַרט נאָך אלץ אויף זיין גרויסן קינסטלער, וועלכער זאָל פון געדיכטער פינצטערניש ארויסהייבן די עלעמענטן פון מענטשלעכן ליכט און נאציאָנאַלער ווירדע. אָבער אין דעם גייט עס טאַקע, אז די פאַרגאַנגענהייט זאָל געוויזן ווערן ניי און אמתדיק, ווי א לעבעדיקער פּראָצעס, וועלכער איז אינערלעך דיפערענצירט, און די גרויליקע היטלער־צייט, ווי דאָס גרויזאַמע געשטאַלט פון א וועלט, וואָס דאַרף אונטערגיין, כדי פריי צו מאַכן דעם פּלאַץ פאר א שענער און ווירדיקער לעבן, און נישט ווי א בלינדער עק, פון וועלכן עס איז פאַרן מענטש קיין שום אויסגאַנג נישטאָ.

דער קינסטלער, וועלכער האָט פאר היטלערס קומען צו דער מאַכט נישט דערזען אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט די אינערלעכע קעגנזאצן און דעם קלאַסן־קאַמף, וועלכע האָבן, פון איין זייט, געמוזט פירן צו דער גרעסטער פאַרווילדונג פון מענטש מצד דעם באַזיצנדיקן קלאַס און, פון דער צווייטער זייט, צו אן אלץ גרעסערן אָנוווּקס פון די כוחות פון פרייהייט און מענטשלעכער ווירדע מצד דעם ארבעטער־קלאַס, — אזא קינסטלער האָט נישט געקאָנט געבן קיין טיף און אמתדיק בילד פון זיין צייט. שוין אָפּגערעדט, אז דער קינסטלער פון היינט קאָן נישט נאָך די אלע דערפאַרונגען געבן דעם אַמאָל ווי איין איינהייטלעכע גאַנציקייט, נישט האָבנדיק אלס יסוד די טעכטיקע ווירקלעכקייט, וועלכע איז פון דעם אַמאָל ארויסגעוואַקסן.

אין דער יידישער ליטעראַטור שטייט די דאָזיקע פראַגע נאָך פיל שאַרפער. דער אַבסטראַקטער, נישט דיפערענצירטער צוגאַנג וואַרט דאָ איינגעהילט אין שלייער פון פיעטעט צו די אומגעקומענע. די בורזשואַזע אידעאָלאָגן, וועלכע פירן

א צביעותדיקע שפּיל מיטן יידישן פֿאָלקס־מענטש, באַנוצן זיך מיט מיטלען פֿון ריין עמאָציאָנעלן כאַראַקטער.

דער יידישער שעפֿער דאַרף דעריבער אַרויסווייזן א פֿיל שטאַרקערע וואכזאמקייט, כדי צו קאָנען אָפּטיילן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט דאָס פּסולת פֿון דעם ווערטפֿולן.

לאָמיר אלס ביישפּיל נעמען א געניוג דראַסטישע טעמע.

אין פּוילן האָט א טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג אין דער צייט פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע נישט פֿאַרשטאַנען די נויטווענדיקע פֿאַרבינדונג צווישן דער אויסראָטונגס־פּאָליטיק לגבי די יידן און זייער אייגענער פֿאַרקנעכטשאַפֿט אָדער אפֿילו קומענדיקער אויסראָטונג. אנדערע האָבן, ריזיקירנדיק מיט זייער אייגן לעבן און מיטן לעבן פֿון זייערע פֿאַמיליעס, אויסבאַהאַלטן יידן. צי זענען די לעצטע נישט כאַראַקטעריסטישער פֿאַר דעם גייסט און פֿאַר דער טראַדיציע פֿון אַרבעטנדיקן פּוילישן פֿאָלק? דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער וועג פֿון זיינע בעסטע זין, וועלכע האָבן געצייכנט דעם ווייטערדיקן גאַנג פֿון גאַנצן פּוילישן פֿאָלק. אין זייער ריכטונג איז דאָך אוועק דאָס נייע באַפֿרייטע פּוילן. צי קאָנען מיר, שילדערנדיק די דאָזיקע טרויעריקע צייט, זיך נישט מאַכן זעענדיק דעם דאָזיקן עיקרדיקן פֿאַקט פֿון יענער צייט און אויף א מעכאַנישן אַנטיקינסטלערישן אופֿן פֿאָטאָגראַפֿירן בלויז צאָלן, אָנשטאָט אַרויסהייבן קוואַליטעטן, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך די נשמה פֿון א פֿאָלק? אזא אידעאָלאָגישע בלינדקייט פֿאַרשטעלט געוויינלעך פֿאַר דעם שעפֿער נישט בלויז די פֿאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך די קעגנוואַרט און צוקונפֿט, און איז גורם דערצו, אז דער קינסטלער, ווי גרויס זיין טאַלאַנט זאָל נישט זיין, זאָל בלויז אָנווייזן אויף א נאַטוראַליסטיש־עמפּירישן אופֿן געוויסע דערשיינונגען פֿון לעבן, אָבער נישט דערגרונטעווען זייער אינערלעכע נויטווענדיקייט, מיט איין וואָרט, אזא בלינדקייט נעמט צו ביי דעם קינסטלער די מעגלעכקייט צו שאַפֿן עכטע קונסט, וועלכע איז שטענדיק א קוואַל פֿון נייע דערקענטעניש.

דער דאָזיקער ביישפּיל לאָזט זיך, פֿאַרשטענדלעך, לייכט פֿאַראַלגעמיינערן. עס גייט אין דער עיקרדיקער אייגנשאַפֿט פֿון קונסט צו דערזען די יונגע שפּראָצונג, ווען זי איז נאָך אין וואָרצל. די דאָזיקע אייגנשאַפֿט פֿון דער קונסט איז פֿולשטענדיק אין הסכם מיט דער עיקרדיקער אייגנשאַפֿט פֿון מאַרקסיזם אויפֿצודעקן די נויטווענדיקע אינערלעכע אַנטוויקלונג פֿון געשעענישן און דערשיינונגען, סיי אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט סיי אין דער נאַטור. די מאַרקסיסטישע לערע איז די איינציקע אימשטאַנד אַרויסצוהייבן דעם עכטן און ערלעכן קינסטלער פֿון דער בלינדקייט פֿון אויסשליסלעך עמאָציאָנעלע שפּירונגען, אין וועלכער ער שטעקט אָפֿטמאָל, צו דער לויטערער אַטמאָספֿער פֿון באַוווסט־

זיניקער קינסטלערישער שאַפונג, אין וועלכער עס קאָן שוין נישט עקזיסטירן קיין תהום צווישן דער פאַרגאַנגענהייט און דער קעגנוואַרט.

די קעגנוואַרט ווערט אין דעם פאַל די נאַטירלעכע פּריזמע, דורך וועלכער דער קינסטלער זעט אַלע דערשיינונגען און געשעענישן, סיי אין דער פאַרגאַנגענהייט, סיי אין דער צוקונפט.

אויף דער פלאַך שטייט דאָס פּראָבלעם פון אידעאָלאָגישער און קינסטלערישער פּאַרטיפונג פון יידישן קינסטלער, אויף וועלכן די לאַסט פון דער פאַרגאַנגענהייט דריקט ווייטיקלעכער ווי אויף יעדן אַנדערן קינסטלער. אויף דער פלאַך שטייט דאָס פּראָבלעם פון זיין דערנענטערן זיך צו דער נייער ווירקלעכקייט.

---

# אינהאַלט:

## אין קרייזן פון י. ל. פרץ



## שרייבער און ביכער

### פּאָעזיע



### פּראָזע



### דראַמאַטורגיע

## פראַגן פון ליטעראַטור